# דוד פינסקי

## ערצעהלונגען



### אין צוויי בענד

צווייטער באנד.



פיערטע אויפלאגע.

ליטעראַרישער פערלאַג, נויאָרק

1918.

### אינהאלט.

# ארבייטער לעבען.

# א מעשה מיט א הונגריגען.

איציע האָט צוויי טעג נאָך אַנאַנד גאָרנישט אין מויל געהאַט, דאָס הייסט — געהונגערט. אָבער אויפ׳ן דריטען טאָג אין דער פריה האָט ער ביי א חדר־אינגעל, וואָס האָט געלערענט אין הויף אין חדר, אויסגענאַרט פאַר דריי מעשענע קנעפּלעך דאָס אָנבייסען — צוויי קליינע קיכלעך מיט פּוטער — און אויפגעגעסען. דאַן איז ער געוואָרען בייז. די קיכלעך זיינען איהם געוועזען אויף א צאָן, אָבער דאָך האָט ער יעצט געהאַט א ביסעל כח בייז צו זיין, און עס האָט זיך איהם פערגלוסט צו טון שלעכטס. עס האָבען איהם געביסען די הענד. די ערשטע זאַך האָט ער געגעבען א זעץ מיט׳ן פוס זשוטשקען, דעם קליינעם הינטעל, וואָס די בעל־הבית׳טע פון הויז האָט געהאַלטען טייערער פאַר איהרע אייגענע קינדער. זשוטשקע האָט זיך געלאָזען לויפען מיט א קוויטשעריי פאַר וועהטאָג, אָבער איציען איז דאָס געוועזען וועניג. ער האָט אויסגעריסען איין איינגעפּראָ־רענעם שטיין און א שליידער געטאָן מיט אַלע זיינע כחות נאָך זשוטשקען. ער האָט נישט געטראָפען אין דעם הונד, נור אין די טיר פון סימקין דעם אדוואָקאַטס וואָהנונג. עס האָט געגעבען א שטאַרקען קלאַפּ, און ער איז געוועזען צופריעדען, ווייל איהם וואָלט לחלוטין נישט געאַרט, ווען דער שטיין וואָלט געטראָפען סימקינען אָדער סימקיניכען אין קאָפּ.

נור מיט דעם אַלעם האָט ער אפילו אויף א האָר נישט געשטילט זיין בייזקייט, אויף דאָס קלענסטע ביסעל נישט בערוהיגט זיין פערקאָכט האַרץ. ער איז נאָך בייזער געוואָרען, ווייל ער האָט געפיהלט, אז דאָס זיינען קלייניגקייטען, אז מיט דעם האָט ער גאָר נישט אויפגעטאָן. ער איז ארויס פון טויער, האָט א וואָרף געטאָן

מיט די אויגען אין אַלע זייטען פון דער גאַס און געפיהלט, אז ער איז א דם שונא אלע פארבייגעהער און דער עיקר אַלע פארבייפאָהרער. ער האָט זיי געשאָלטען מיט ביטערע קללות און וואָלט מיט פער־גניגען אויסגעפיהרט אויף זיי מיט זיינע אייגענע הענד די אלע פרעניות. — —

צום טויער איז צוגעגאנגען נאָך א חדר־אינגעל, איינגעוויקעלט אין א גרויסען טוך, און אין גרויסע שיך פון א דערוואקסענעם מענ־שען. די הענד האָט ער געהאַלטען פעררוקט אין טוך און קיין חשק נישט געהאַט אָדער פאר קעלט נישט געקאָנט ארויסנעמען זיי פון דאָרטען און אויסווישען זיך די נאָז, פון וועלכער עס האָט גערונען ביז צום מויל. פון זיין קעשענע האָט ארויסגעקוקט א שטיקעל ברויט. איציע האָט לוסט בעקומען צום שטיקעל ברויט, נור דאָס אויסזעהן פון דעם ארמען קינד האָט איהם אָבגעהאַלטען. ער האָט זיך אָבער געמאַכט, אז ער איז בייז אויף דאָס קינד, ווי אויף די גאַנצע וועלט, אז ער קאָן איהם געבען א זעץ מיט'ן פוס, ווי פריער זשוטשקען. ער האָט אָנגעכאַפּט דאָס קינד פאר די נאָז, דערנאָך א קלאַפּ געטאָן איהם איבער דאָס היטעל און אויסגעשיפּעט: „סמאַר־קאַטש, דיר רינט דאָך אין מויל!“ דאָס קינד האָט זיך דערשראָ־קען, א פּיהר געטאָן מיט'ן עלענבויגען, פערשטעלט די נאָז און אָב־געלאָפען. נור באַלד האָט עס זיך אומגעדרעהט, א קוק געטאָן אויף דעם אונערוואַרטעטען שונא און אויסגעשריען: „רשע, רשע, איציע דער רשע!“ און איז נעלם געוואָרען אין טויער. איציע האָט זיך אפילו נישט א קעהר געטאָן אין זיין זייט.

ער האָט זיך אָנגעשפּאַרט אן טויער. צו וואָס? דאָס האָט ער אַליין נישט געוואוסט. אַלעמפּאַלס, ער איז געוועזען מיד. בייז און מיד. די צוויי קיכלעך האָבען איהם נור צורייצט. עסען, עסען! עס שטעלט זיך איהם פאָר פאַר די אויגען דאָס שטיקעל ברויט אין דער אָבגעריסענער קעשענע פון דעם ארמען קינד. דאָס וואָלט איהם זעהר צו נוץ געקומען. עס פערדריסט איהם, פאַר וואָס ער האָט עס נישט אָבגענומען. א גאַנץ גרויס שטיקעל ברויט — — —

ער האָט זיך נאָך שטאַרקער צוגעדריקט צום טויער, נישט וויי

סענדיג צו וואָס און נישט וויסענדיג, וואָס וועט ווייטער זיין, וואָס וועט אַרויסקומען פון זיין שטעהן. דער פראָסט איז געוועזען שטאַרק. נור איציג האָט איהם נישט געפיהלט, ווייל ער איז געוועזען בייז און האָט זיך נישט אויסגעמאַכט פון דעם פראָסט. אגב האָט ער נישט געהאַט, וואו צו בעהאַלטען זיך פון איהם. אויבען, אין זיין דאַך־שטיבעל, איז נאָך קעלטער געוועזען. דערצו זיינען דאָרטין נישט געוועזען קיין מענשען און ער האָט נישט געהאַט, אויף וועמען בייז צו זיין.

ער איז געשטאַנען און האָט וועגען גאָרנישט געקלערט. ער האָט נישט געקאָנט קלערען. ער האָט מעהר נישט גענוי געוואוסט, אז ער איז בייז, און עס האָט זיך איהם געדאַכט, אז ער וועט היינט אָבטון זעהר א קלוגע רשעות. ער האָט נישט געוואוסט פון דינאַמיט, אז נישט וואָלט ער זיכער געטראַכט אָהן איין אויפהער וועגען באָמבעס און וואָלט זיך געמאָלט אַנגענעמע בילדער, ווי ער לאָזט אין די לופט די גאַנצע שטאָדט, די גאַנצע מדינה, די גאַנצע וועלט. נור יעצט האָט ער גאָרנישט אָבגעקלערט. ער איז געוועזען זיכער, אז ער וועט שוין עפּיס אָבטון. ער האָט עס געפיהלט.

צוויי אַרבייטער זיינען פאַרבייגעגאַנגען און האָבען גערעדט וועגען זוכען אַרבייט. ביי איהם איז דורכגעפלויגען אין קאָפּ, אז ער וועט נישט געהן מעהר זוכען אַרבייט, זיי מעגען אַלע אפילו א מיתה משונה איינגעמען! און דערביי פיהלט ער, אז עס איז גלאַט איין עברה זיין טרחה. ער וועט היינט קיין אַרבייט נישט קריעגען, ווי נעכטען און עהער־נעכטען און עהער־עהער־נעכטען און די גאַנצע זיעבען און צוואַנציג טעג, אין וועלכע ער זוכט אַרבייט.

אין מח האָט זיך איהם בעוויזען דער „מאָרגען“, א שווע־רער, כמאַרנער טאָג, וואו ער וועט זיין גאַנץ אָהן כחות פאַר הונגער. אָבער ער וויל נישט קלערען וועגען מאָרגען. נור „היינט“... היינט דאַרף ער עפּיס אָבטון און דאַן וועט ער וויסען, וואָס עס וועט זיין מאָרגען און איבערמאָרגען און אַלע טאָג. דערפאַר איז ער געבליע־בען שטעהן נעבען טויער און געקוקט אין גאַס אַריין מיט א שטע־בעדיגען שמייכעל אויף די בלייכע ליפּען און אין די מידע, מאַטע

אויגען, אָהן א שום נעדאַנק אין קאָפּ. ער האָט אפילו אויפגעהערט צו זידלען און שעלטען. —

אין גיכען האָט ער זיך אָבגעריסען פון טויער און אָנגעהויבען צו געהן. ער האָט אַליין נישט געמערקט, וואָס ער טוט. ער האָט פערלאָזען זיין אָרט אונבעוואוסט; ער איז געגאַנגען, נישט וויסענדיג, אז ער געהט. די פיס זיינען איהם געוועזען ווי קלעצער און ער האָט זיי קוים געהויבען. דערפאַר האָט ער זיך דאָס באַלד געכאַפּט, אז ער שטעהט שוין נישט ביים טויער און געהט גאָר אום אין גאַס איבער'ן טראַטואַר. דאַן האָט זיך איהם נעדאַכט, אז ער האָט גע־וואָלט און בעשלאָסען דורכצוגעהן זיך א ביסעל, נור ער האָט זיך נישט געקאָנט דערמאָנען, ווען ער האָט וועגען דעם געטראַכט. עס איז גוט, וואָס ער וועט זיך יעצט דורכגעהן — מען דאַרף אָנוואַרמען די פיס. נור ער מאַכט זיך, אז עס ארען איהם נישט די פיס, ווי עס ארט איהם נישט דער גאַנצער פראָסט, וועלכער נעמט איהם דורך יעדעס גליעד.

ער איז געגאַנגען לאַנגזאַם, פאַמעליך, געלאַסען. די גאַס, אי־בער וועלכער ער איז געגאַנגען, האָט זיך געענדיגט מיט איין עק ביים שטאָדטמאַרק און מיט דעם אַנדער עק ביים שטאָדטגאַרטען. ער האָט נישט געוואוסט, וואוהין ער געהט, נור וואָס נאָהנטער ער איז צוגעגאַנגען צום מאַרק, אַלץ הילכיגער און דייטליכער האָבען זיך געלאָזען הערען פון דאָרטען די קולות. דאַן האָט ער בעגריפען, וואוהין די פיס האָבען איהם געבראַכט, און ווידער האָט זיך איהם געדאַכט, אז ער האָט עס אזוי געוואָלט און בעשלאָסען. דאָ נעמליך איז דער רעכטער אָרט, וואו ער קאָן עפּיס אָבטון. ער איז געבליע־בען שטעהן אויפ'ן עק טראַטואַר.

אויפ'ן גרויסען מאַרק־פּלאַץ האָט נערוישט און געווימעלט פון מענשען. אין דער לופט איז געשטאַנען דער רעש פון טויזענדער נפשות. די שרייענדיגע פערצווייפלונג פון דעם עלענדען נויטבע־דירפטיגען, די ברומענדיגע גלייכגילטיגקייט פון דעם זאַטען רייכען און די קוויטשערנדיגע עזות פון דעם געלד־הונגריגען האָבען זיך דאָ אויסגעמישט און געטראָגען איבער די קעפּ, בערוישענדיג און בע־

טויבענדיג דעם נישט־געוועהנטען. ארום איציען זיינען געגאנגען, געאיילט, געלאָפען אַלערליי מענשען, מיט געפּעק און אָהן געפּעק. כמעט יעדער פארבייגעהער האָט זיך אָנגעריהרט אָן איהם, א שטויס געטאָן איהם, אָבער ער איז געשטאַנען רוהיג, אָהן א בעוועגונג. עס האָט זיך איהם געדאכט, אז דאָס אַליין איז שוין א גוטע זאך, אז דערמיט אַליין טוט ער שוין רשעות. יא, ער מוז דאָ שטעהן און שטערען אַלעמען אין וועג! נור מיט די אויגען פיהרט ער אום איבער׳ן פּלאַץ, גלייך ער וואָלט דאָרטין געזוכט דאָס, וואָס ער האָט אָבצוטון. זיי שטעלען זיך אָב אויף די ברויט־קראָמען און די וועקסעל־געשעפטען, וואו עס ליעגט „ממון קרח“. עס וואָלט זעהר גוט געווען אוועקצושלעפען עפּיס פון דאָרטין. און ער העבט אָן צו פאנטאזירען, ווי און וואָס וואָלט געווען, ווען ער וואָלט אוועקגעשלעפּט א פעקעל אסיגנאציעס. — — —

א טרעגער מיט א גרויסען קאסטען אויף די פּלייצעס האָט איהם א שטויס געטאָן, אז ער איז שיער נישט אומגעפאלען. ער האָט דערפיהלט א גרויסען וועהטאָג אין רוקען און איז געקומען צו זיך. ער איז רויט געוואָרען פאר כעס.

„דו, כאָליערע דו! וואו האָסט׳ע דיינע אויגען?“

דער טרעגער האָט אָבגעבורטשעט עפּיס פון אונטער זיין משא און מיט שווערע טריט איז ער געגאנגען ווייטער זיין וועג.

אָבער איציען האָט וועה געטאָן, און ער האָט זיך געקראצט דעם רוקען.

„איך בעגראָב דיך מיט׳ן קאסטען צוזאמען, נבלה!“

דער טרעגער האָט אויסגעדרעהט דעם קאָפּ פון אונטער דעם קאסטען און א קוק געטאָן אויף דעם שרייער. איציע׳ס אויסזעהן האָט ביי איהם ארויסגערופען ווענינ דרך ארץ. ער האָט זיך אָבגעשטעלט אויף א ווײַלע און אָנגעקוקט זיין געגנער מיט פעראכטונג.

„האַלט דעם פּיסק דיינעם, אז נישט פערשטאָפּ איך דיר עס, אז דו וועסט פערשטומען אף אייביג. איך וועל דיר בעווייזען, וואָס „נבלה“ בעטייט, פּסיאַ קרעוו!“

דער טרעגער איז אַוועק זיין וועג, בורטשענדיג און זידלענדיג.

איציע האָט אויסגעברומט א פּאָר קללות און אוועקגעדרעהט דעם קאָפּף אין איין אנדער זייט.

„וואָס האָסט זעך אוועקגעשטעלט און שטעהסט און לאָזט מענ־שען נישט געהן?" האָט ער דערהערט הינטער זיך א בייזען קול.

ער האָט זיך אומגעקוקט. קאפּלון דער קרעמער איז געשטאַ־נען אין טיר פון זיין קראָם און בייז געקוקט אויף איהם. ער האָט גראָב אָבגעענטפערט.

„וואָס איז דאָס אייער דאגה?"

קאפּלון איז אויפגעבראַכט געוואָרען.

„וועסט באַלד וויסען מיין דאגה!" און ער האָט געהייסען דעם אינגעל אין קראָם לויפען נאָך א גאָראָדאָוואָי.

פאַרביילויפענדיג פאַרביי איציען האָט דער אינגעל געזאָגט מיט שקאָצעוואטע אויגען:

„וואַרט א ווײַלע, וועסט באַלד האָבען א באָד מיט אונטער־פיהרערס."

איציע איז געבליעבען שטעהן. אויף צו להכעיס. ער האָט אַלעמען אין ד'ר'ערד.

יא, וועגען וואָס האָט ער דאָס פריער געטראַכט? און זיין בליק האָט אָנגעהויבען בלאָנדזשען איבער מאַרק און מענשען, און ער האָט געוואָלט זיך דערמאָנען, וועגען וואָס ער האָט דאָס פריער געטראַכט. און אז ער האָט דערזעהען דעם אינגעל מיט'ן גאָראָ־דאָוואָי, האָט ער גלייכגילטיג אוועקגעדרעהט דעם קאָפּף אין איין אנדער זייט.

„וואָס שטעהסטו דאָ? מאַרש, אוועק!" האָט דער אָרדנונגס־היטער אויסגעקאָמאַנדעוועט.

איציע האָט לאַנגזאַם אויסגעדרעהט צו איהם דעם קאָפּף.

„א פערקויפטער אָרט, וואָס?"

„מאַרש, זאָגט מען דיר!"

איציע האָט צוריק אוועקגעדרעהט דעם קאָפּף.

„מאַרש!"

דער גאַראַדאָוואָי איז שוין געוועזען אין כעס און האָט אַ העב געטאָן זיין שאַשקע.

איציע האָט געפיהלט, אַז ער דאַרף בלייבען שטעהן. נור עפּיס האָט אַ ריהר געטאָן די פיס. דאָס איז געוועזען דער אינסטינקט, אַז אַ גאַראָדאָוואָי מוז מען פאָלגען.

ער איז אַוועק. צוריק אין זיין גאַס. פּאַמעליך, קוים ריה־רענדיג די פיס, נישט קוקענדיג אין דעם גאַראַדאָוואָי׳ס זייט.

ער איז געוועזען גאַנץ געפראָרען. די פיס זיינען געוועזען ווי אָבגענומען. צוקומענדיג צו זיין טויער, האָט ער דערפיהלט, אַז עס וואָלט גוט געווען אויסצוציהען זיך אַ ביסעל. ער האָט עס דערפיהלט געגען זיין ווילען. ער דאַרף און מוז זיין אין גאַס, ווייל ער איז בייז און וויל עפּעס אָבטון. נור די שווערע, געפראָרענע פיס, זיי ציעהען צו זיין דאַך־שטיבעל, וואו עס איז שרעקליך קאַלט, וואו עס רוישט און פייפט דער קאַלטער ווינד, וועלכער לאָזט זיך אונטען נישט אַזוי שטאַרק הערען. גלייך זיי וואָלטען געפיהלט, אַז ער וועט דאָרטין אויסזוכען אַלערליי אַלטע טיכער און וועט זיך איינוויקלען און איינדעקען אין זיי.

און ער לאָזט זיך טראָגען פון די פיס. אויפ׳ן וועג צום דאַך־שטיבעל האָבען זיי איבערגעקערט אַ פּאַמויניצע און אַ זעץ געטאָן אַ קאַץ. זיי אויך האָבען אויפגעעפענט די טיר פון דעם שטיבעל. די טיר האָט זיך אַ ריס געטאָן און אָנגעשלאָגען אָן עפּיס אַ ווייכע זאַך. די ווייכע זאַך איז געפאַלען, און די פיס האָבען געדאַרפט אַריבערטרעטען איבער אַ קופּע לומפּען, פון וועלכע עס האָט אַרויס־געקוקט אַ פּאַרמיט־נעלע, איינגעקנייטשטע, קליינטשינקע צורה פון איין אַלטער איינגעהויקערטער אידענע.

„אַ־ווי, אַ־ווי, אַ־ווי!‟ האָט זי אָנגעהויבען צו יאָמערן, פּלאָנ־טערנדיג זיך אין די שמאַטעס. דאָס איז געוועזען די טויב־שטומע בעל־הבית׳טע פון זיין דירה.

ער האָט גאַרנישט געענטפערט. די פיס זיינען שוין געוועזען אין בעט.

---

ער איז אָבגעשלאָפען א היבשע צייט. עס איז שוין געווען פינסטער, ווען די פיס האָבען זיך צוריק אראָבגעלאָזען פון בעט. ער האָט זיך גלייך דערמאָנט, אז ער איז בייז, און דערפיהלט די בייזקייט. נור ער איז געווען מיד און שוואך. אזוי שוואך, אז ער וואָלט שוין גאָרנישט אויפשטעהן און ליגען און ליגען. „א שטי־קעל ברויט!" איז איהם דורכגעפלויגען אין קאָפּ. איהם האָבען זיך פאָרגעשטעלט א סך זאטע הייזער, א סך קיכען, א סך לעבלעך ברויט. נור ער איז געבליעבען זיצען, ווייל ער האָט ניט גע־וואוסט, נישט אָנגעהויבען צו וויסען, ווי קומט מען צו דעם צו.

ענדליך האָט ער א טראַכט געטאָן: „ביי דער שטומער מכשפה!"

ער האָט זיך אויפגעהויבען פון דעם דרייפיסיגען בעט און איז אריין צו דער בעל־הבית'טע אין צימער. די קופּע לומפּען איז גע־זעסען ביים טיש, פאר א קליינעם נאַכט־לעמפּעל אָהן א גלאָז, איבער א קוואָרט וואסער, אין וועלכען עס זיינען געווען אָנגעבראָקט שטיקלעך פערדארט ברויט.

ער איז צוגעגאַנגען צו דער קופּע לומפּען און בעוויזען איהר מיט די פינגער, אז ער איז שטארק הונגריג און וויל א שטיקעל ברויט. זי האָט שטארקער צוגעדריקט צו זיך די קוואָרט און אָנגע־הויבען בייז צו בילען. דאָס האָט געהייסען, אז זי האָט אַליין נישט און גלאַט וויל זי איהם נישט געבען. ווייל ער האָט זי פריער א וואָרף געטאָן און איבערגעטראָטען איבער איהר און ווייל ער בעגעהט זיך נישט עהרליך און האָט איהר נישט בעצאָלט אָנדערטהאלבען רובעל דירה־געלד פאר צוויי חדשים. ער האָט גוט געוואוסט, וואָס בע־דייט איהר בילען, און געקוקט אויף איהר, ווי ער וואָלט זיך מישב זיין, וואָס צו טון מיט איהר. ער האָט גאַנץ קאַלטבלוטיג אַרויסגע־ריסען די קוואָרט פון איהרע הענד, אַרויסגענומען א שטיקעל ברויט און אַריינגעשטופּט אין מויל. די לומפּען האָבען איהם אַרומגע־כאַפּט מיט א שרעקליכען, יאמערליכען בילען און געצויגען זיך צו דער קוואָרט. ער האָט אויפגעהויבען די קוואָרט אין דער הויך און געקייט. דער ערשטער ביסען האָט איהם צורייצט. ער האָט אָנ־

געהויבען שנעלער צו עסען; ער האָט כמעט געשלונגען נישט גע־קייטערהייט. די אַלטע האָט געבילט און געוואָיעט מיט אַלע כחות און געשלעפּט איהם די הענד. ער האָט זי אַ שטופּ געטאָן. זי איז געפאַלען אויף די קניע, האָט ארומגעכאַפּט זיינע פיס און מיט אַ ווילדען סאָפּען און כראָפּען איינגעגעסען זיך אין זיי מיט איהר מויל, אין וועלכען עס זיינען געשטאַנען נור צוויי זייטיגע ציינער. ער האָט זי צוגעדריקט מיט די קניע צו דער ערד און ארויפגעזעצט זיך אויף איהר. די אַלטע האָט זיך נישט געקאָנט אַ ריהר געבען.

יעטצט וועט ער רוהיג עסען.

נור ער האָט ארייגעגרוקט די האַנד אין קוואָרט און גאָר נישט געפונען. ער האָט שיער נישט אויסגעשריען פאַר ווילדקייט. דאָס האַרץ האָט אָנגעהויבען צו שפּרינגען אין איהם, די אויגען האָבען ביי איהם אויפגעפינקעלט. עס האָט זיך איהם פערוואָלט עפּיס טון. ער איז אויפגעשפּרונגען פון דער אַלטער און האָט ווילד אויס־געשריען:

„נאָך ברויט, מכשפה!"

ער האָט זי דערביי אַ שטויס געטאָן מיט'ן פוס, אויסגעגאָסען אויף איהר די קוואָרט וואַסער און גענומען זוכען ברויט. ער האָט גאָר נישט געפונען און גאָר נישט געקאָנט געפינען. אָבער ער האָט געהאַלטען אין איין זוכען. ער האָט איבערגעקערט דעם אַלטען קאַסטען, צוואָרפען דאָס בעט, צובראָכען דעם איינציגען שטול. ער איז געוועזען ווילד, ער האָט נישט געוואוסט, וואָס ער טוט. די אַלטע האָט איהם אָנגעכאַפּט און גענומען שלעפּען צו דער טיר מיט אימה'דיגע קולות. מיט'ן גאַנצען כח האָט ער זי אָבגעשטויסען פון זיך. די אַלטע איז געפאַלען מיט'ן קאָפּ אָן אויוון און האָט משונה'דיג אָבגעקרעכצט. איהר קרעכץ האָט איהם געבראַכט צו זיך. ער האָט זיך דערשראָקען און איינגעהאַלטען דעם אָטעם. ער האָט געמאַכט אַ טריט צו דער אַלטער — צו לעבט זי? די אַלטע האָט אָנגעהויבען אויפצוהעבען זיך. ער האָט פרייער אויפגעאָטעמט און איז ארויסגעלאָפען פון שטוב.

ער איז געוועזען מיד און צוריטצט. עס האָט זיך איהם גע־

וואָלט וויינען, ביטער וויינען. ער האָט זיך געשעמט פאַר דעם גאַנצען פּאַרפאָל מיט דער אונגליקליכער טויב־שטומער. ער האָט ביי איהר אָבגענומען איהר עלענדע וועטשערע און שיער נישט געטויט זי. און דער הונגער איז נאָך גרעסער ווי געוועזען. „אַ־אַ־אַך!"

ער האָט צוגעשפּאַרטביידע קולאַקעס צום מויל און אָנגעהויבען צו בייסען. דער וועהטאָג איז שוין געווען שטאַרק, און ער האָט נאָך געביסען. ער האָט געוואָלט „דערהערען דאָס האַרץ"...

עס האָט זיך אויפגעעפענט די טיר און עס האָט זיך בעוויזען די אַלטע. אויף די פינסטערע טרעפּ איז געפאַלען אַ קליינער שיין און צולעגט זיך ווי אַ גרויער פּאַס איבער איציע'ס רוקען. אָבער די אַלטע האָט איציען נישט געזעהן און זי האָט ארויסגעלאָזען נאָך דעם כלומרשט פערשוואונדענעם אַ פּאָר בייזע אויסגעשרייען, שנייידענדיגער ווי די וויסטעסטע קללות. איציע האָט זיך אַ טרייסעל געטאָן, אויפגעהערט צו בייסען די הענד און געבליעבען שטעהן אָהן אַ בעוועגונג, איינהאַלטענדיג דעם אָטעם. די אַלטע איז צוריק אריין אין שטוב און האָט פערשפּאַרט די טיר. „אויפ'ן גאַס געבליעבען!" איז ביי איהם תיכף דורכגעפלויגען אין קאָפּף. עס איז איהם געוואָרען וואַרם אין מח. ער האָט געוואָלט בעגרייפען, וואָס וועט ווייטער זיין, נור ער האָט גאָר נישט געזעהען פאַר זיך. עס האָט זיך איהם פערוואָלט פערנאַנדעררייסען די טיר, אריינגעהן אין שטוב, לעגען זיך און בלייבען ליגען. ער האָט שוין צונויפגעדריקט די פויסטען. נור ער האָט אַ שטאַרקען זעץ געטאָן אין טיר און געשווינד אראָבגעלאָפען די טרעפּ. ערשט אונטען האָט ער אַ קלער געטאָן: „צו וואָס איז געוועזען דער זעץ?"

עס האָט געשנייט און אַ שטאַרקער ווינד האָט געפייפט און געוואָיעט. איציען איז דורכגעגאַנגען אַ קעלט איבער'ן גאַנצען קערפּער, און עס האָט איהם אָנגעהויבען צו טרייסלען און צו וואַרפען אַ צאָן אָן אַ צאָן. ער האָט זיך צונאויפגעדרעהט און איינגעקאָרציעט אין זיין צוריסענעם וואַטאָוועןן פּאַלטאָ, פון וועלכען עס האָבען זיך געשלעפּט גאַנצע פרענז פון געוואַנד, אונטערשלאַג און וואַטע. ער האָט פערצווייפעלט אָבגעקרעכצט און אַ טראָט געטאָן

צוריק אין דעם אריינגאַנג פון הויז. עס האָט איהם פערכאַפּט דאָס הארץ און ווידער האָט זיך איהם פערוואָלט וויינען, וויינען. „וואָס וועט זיין, וואָס?“ נור ער זעהט קיין ענטפער נישט. ער וועט היינט פערפראָרען ווערען אָדער פון הונגער אויסגעהן. „אך, עסען! עסען, עסען, עסען!“

ער האָט זיך אומגעקוקט. ער איז געשטאַנען נעבען אַ קעלער, אויף וועלכען עס איז געהאַנגען אַ שווערער שלאָס. ער האָט אוועק־געלעגט די האַנד אויפ׳ן שלאָס, נישט טראַכטענדיג וועגען גנבה. נור דערפיהלענדיג דאָס קאַלטע אייזען, האָט ער אַ טראַכט געטאָן, אַז עס וואָלט גוט געווען אָבצוברעכען דעם שלאָס און אריינמאַכען זיך אין קעלער. ער האָט אַ ציה געטאָן דעם שלאָס. ניין, דאָס איז נישט פאַר זיינע כחות. ער פרובט נאָך אַ מאָל און ענדליך קלייבט ער צונויף אַלע זיינע כחות און גיט אַ ריס.

עס האָט נור געגעבען אַ שטאַרקען קלאַפּ און מעהר גאָר נישט. ער האָט זיך אָבער דערשראָקען פאַר׳ן קלאַפּ. ער האָט זיך אומ־געקוקט און אויף גיך פערלאָזען דעם אריינגאַנג פון הויז.

האָט ער דען טאַקי געוואָלט גנב׳ענען? און אַז ער וואָלט אָבגעריסען דעם שלאָס, וואָלט ער טאַקי אריינגעהן און גנב׳ענען? ער האָט זיך דאָס נישט געקאָנט פאָרשטעלען. אין ארמקייט גע־באָרען, אויפגעוואַקסען אין אַ יתום־לעבען פון עלענד און רדיפות, האָט זיך ביי איהם דאָך קיינמאָל נישט אויפגעהויבען די האַנד אויף פרעמדס. „סקאַנדאַליסט“ האָט מען איהם גערופען, און „רשע מרושע“ האָט מען איהם גערופען, ווייל ער האָט פיינד געהאַט צו פערשווייגען, ווען מען האָט איהם אָנגעריהרט, און אַלע זיינען איהם געווען שונאים. אָבער דאָך האָבען אַלע געזאָגט, אַז מען מאָג אוועקלעגען פאַר איהם אפילו גאָלד. און יעטצט וואָלט ער אריינגערוקט די האַנד און געגנב׳עט! אין דער פריה האָט ער אויך געטראַכט וועגען גנב׳ענען. ווי? ער וואָלט טאַקי געגנב׳עט?! און אפשר יאָ. אך, ער וויל דאָך אַזוי עסען! „עסען, עסען, עסען!“

ווידער האָט ער זיך אומגעקוקט. ער איז גאָר אין גאַס! ער האָט אפילו נישט געמערקט, ווען איז ער אַרויס פון הויף. וואָס

וועט ער טון אין גאס ? וואוהין וועט ער געהן ? „אך, עסען !" נור שטעהן אין גאס איז דאך אויך קיין סברא נישט. מען מוז געהן. „געהן, וואוהין די אויגען וועלען טראגען, ביז פאלען — פאלען, און א פגירה איינגעמען ! "

ער איז ווידער געוואָרען בייז. בייז אויף זיך אליין און אויף דער גאנצער וועלט. נור גלייך האָט ער דערפיהלט, אז ער האָט קיין כח נישט בייז צו זיין, אז דאָס הארץ איז איהם נאָך שוואכער גע־וואָרען. „עסען, עסען, עסען !"

און ער איז געגאנגען און געוואָרפען בליקען אין אלע זייטען און אנגעשטרענגט זיין קוק צו דערזעהען עפּים דורך דעם געדיכטען שנעע. ער האָט נישט געוואוסט, וואוהין ער געהט, און דאָס האָט איהם נישט אינטערעסירט אויך. ער איז געגאנגען, אום נישט צו שטעהן אויף איין אָרט. ער האָט אָנגעשטרענגט זיין קוק, כאָטש ער האָט געפיהלט, אז ער וועט גאָר נישט דערזעהן, אויסער גרויסע שנעע־שטערנדלעך. איין זאך האָט ער נור דייטליך געוואוסט, אז ער וויל און מוז עסען, עס מעג זיך כאָטש איבערקערען די וועלט. „עסען, עסען, עסען ! " האָט ער פערצווייפעלט געקרעכצט אין זיך.

ער איז צוגעגאנגען צום שטאָדט־גאָרטען. דער גאָרטען איז געלעגען אויף א הויכען בארג, אונטער וועלכען עס איז דורכגעגאנגען דער ברייטער און טיעפער טייך. אויפ'ן טייך גליטשט מען זיך געוועהנליך ווינטערצייט און אויבען, אין גאָרטען, זיינען שטענדיג דאָ א סך נייגיעריגע. נור יעטצט איז אין גאָרטען נישט געווען א פּוס פון א נפש. איבער דעם געדיכטען שנעע האָט מען אפילו די לאָטערנעס נישט געזעהן. זיי האָבען געלויכטען נור אויף איי־ניגע שריט אַרום זיך. איציג האָט נישט געוואוסט, צו זאָל איהם פערדריסען, וואָס ער האָט דאָ קיין מענשען נישט געפונען, אָדער נישט. ער האָט זיך נישט אומגעקערט צוריק און איז געגאנגען ווייטער. ער איז צו צום ברעג באַרג און האָט א קוק געטאָן אויפ'ן טייך. ער האָט גאָר נישט געקאָנט זעהן. צו זיין אויער האָבען נור דערגרייכט הילכיגע קלעפּ פון שווערע אייזענס. דאָס האָבען פּויערים געהאקט איין אָפענעם אָרט אין טייך. און אין זיינע מידע

גערּאַנקען האָט ער דערזעהן אַ ברייט, גרויס לאָך אין דעם אייז, און עס האָט איהם אָנגעהויבען צו ציעהען צום וואַסער. איהם איז איינגעפאַלען, אַז ער דאַרף זיך אַראָבוואַרפען פון באַרג אין דאָס טיעפע וואַסער. ער וועט נישט שרייען און נישט בעטען ראַטעווען. ער וועט זיך גאַנץ רוהיג דערטרינקען. נור ער פיהלט, אַז דאָס איז גלאַט אַזוי אַ געדאַנק, און דער עיקר איז איהם דאָס האַרץ שוואַך און ער וויל עסען. „עסען, עסען, עסען!" ער האָט זיך אַרומגעקוקט, ווי ער וואָלט וועלען דערזעהן אין דעם וויסטען גאָרטען עפּיס עסענ־וואַרג. נור פאַר איהם איז אַלץ דער אונענדליכער שנעע. שנעע אונטען, שנעע אויף די הוילע בוימער, שנעע אין דער לופט. די פיס ברעכען זיך איהם אונטער — אָט־אָט וועט ער פאַלען. נור ער וויל נישט פאַלען, ער וויל עסען, און ער קלייבט צונויף אַלע זיינע כחות און לאָזט זיך ווייטער אין וועג. און ווייטער געהט ער, נישט ווי־סענדיג וואוהין און וואַצו. ער געהט אין אַ וויסטער אַלעע, אין טיע־פען שנעע, וועלכער קריעכט איהם אַריין אין די צוריסענע שטיפעל, איינער אַליין, דאָס איינציגע לעבעדיגע וועזען אין דעם וויסטען און פינסטערן גאָרטען. נור ער הערט גאָר נישט און זעהט גאָר נישט. ער געהט, ווייל ער האָט נישט וואו אַהין צו טון זיך און דער עיקר, ווייל ער וויל עסען, עסען, עסען. ער טראַכט וועגען גאָר נישט און קאָן וועגען גאָר נישט טראַכטען. עפּיס טרייבט איהם און ער געהט מיט דעם פערצווייפעלטען קרעכצען אין זיך: „עסען, עסען, עסען!...."

ער איז אַרוים אויפ׳ן טעאַטער־פּלאַץ. דאָס העלע ליכט פון די עלעקטרישע לאָמפּען אויפ׳ן פּלאַץ האָט איהם געבראַכט צו זיך. ער האָט זיך אָבגעשטעלט. און אַז ער האָט זיך אָבגעשטעלט, איז ער שיער נישט געפאַלען. ער האָט געמאַכט אַ טריט און אָנגע־שפּאַרט זיך אָן וואַנד פון אַ מויער. און אַז ער האָט געמאַכט דעם טריט, האָט ער דערפיהלט, אַז די שטיפעל זיינען איהם פול מיט שנעע. אָבער דאָס האָט אויף איהם קיין שום איינדרוק נישט גע־מאַכט. שלעכט איז נור דאָס, וואָס ער האַלט זיך קוים אויף די פיס און דאָס האַרץ איז אימה׳דיג שוואַך און עס ווילט זיך אָהן איין

אויפהער עסען. ער וועט שוין דאָ בלייבען שטעהן. וואוהין דען וועט ער געהן? דאָ איז לכל הפּחות ליכטיג און באַלד וועט ער דאָ דערזעהן מענשען. א סך מענשען, רייכע, גליקליכע מענשען. און וואָס וועט שוין זיין, אז ער וועט זעהן די זאַטע מענשען? ער וועט גאָר בעטען א נדבה. ער וועט זאָגען, אז ער האָט שוין דריי טעג נישט געגעסען.

בעטען א נדבה! עס האָט איהם געשווינדערט און עס האָט איהם געעקעלט. אָבער ער וויל דאָך עסען! אָט האָט ער געוואָלט גנב'ענען. וואָס איז בעסער, גנב'ענען אָדער בעטלען? און ער האָט זיך אָנגעשפּארט אָן וואנד, פערוואָרפען דעם קאָפּ, געקוקט מיט א מאַטען בליק אין די שנעעדיגע ווייטקייט און געזוכט איין ענטפער מיט זיין מידען מאָרך.

דער נאַכטוועכטער איז צוגעגאַנגען און א שטויס געטאָן איהם.

„וואָס טוסטו דאָ?"

איציע האָט זיך קוים א ריהר געטאָן. ער האָט ניט געקאָנט אויפהעבען די פיס.

„ווילסט אין פּאָליציע?"

איציע איז שיער נישט געפאַלען און שטארק אויפגעבראַכט געוואָרען. אָבער ער האָט זיך איינגעהאַלטען און אָנגעשטרענגט אַלע זיינע כחות און אָנגעהויבען צו געהן. אוף־ף־ף! ער האָט גאָר די פיס נישט געהערט. שטיקער אייז! ער האָט אָנגעהויבען צו קלאַפּען א פוס אָן א פוס.

„נו, גיכער, גיכער!"

איציע האָט ארויסגעשיפּעט מיט פערביסענע ציינער:

„זעהסט, דאכט זיך, אז קוים וואָס איך געה! וואָס טרייבסטו פרעג בעסער, צו בין איך נישט הונגריג!"

ער איז אַריבער אויף איין אַנדער טראָטואר. דאָ זיינען נאָך געוועזען עטליכע קראָמען אָפען. זאָל ער אפשר אריין בעטען א נדבה? ער האָט זיך אָבגעשטעלט נעבען א פענסטער. ער האָט געוואָלט בעטראַכטען, וואָס צו טון.

„איך זעה דיך! איך זעה דיך!“ האָט ער דערהערט דעם שומר'ס קול.

ער איז אוועקגעגאַנגען ווייטער, טיעף אין גאַס, וואו עס איז שוין ווידער געווען שטאַרק פינסטער. דאָרטין האָט ער זיך אויף א ווײַלע אָבגעשטעלט און גוט אָנגעקלאַפּט א פוס אָן א פוס. און דאַן ווייטער געגאַנגען. ער האָט געמאַכט א קרייז ארום דעם טעאַטער און אָבגעשטעלט זיך נעבען דעם אריינגאַנג. די פּאָליציי־לייט האָבען געפּעהלט. זיי האָבען זיך בעהאַלטען אין טעאַטער פאַר דעם שנעע און ווינד. ער איז געשטאַנען און געשפּרונגען פון איין פוס אויף דעם אַנדערן. אָהן בעשטימטע געדאַנקען, אָהן קיין שום ציעל. ער איז דאָ געשטאַנען, ווייל דאָ איז ליכטיג, ווייל אינוועניג זיטצען רייכע און זאַטע מענשען, וועלכע עס איז יעטצט זעהר פרעהליך. ער דערמאָנט זיך, אַז ער איז קיינמאָל נישט געוועזען אין א טעאַטער. ער האָט קיינמאָל קיין געלד נישט געהאַט דערצו. אין טעאַטער מוז זעהר פרעהליך זיין, ווען מענשען קאָכען זיך אזוי אין דעם. חברה טראַכט זיך אוים אַלערליי פערגניגענס. און ער דאַרף שטעהן נעבען טעאַטער, א פערשאָטענער מיט שנעע, א פערפראָרענער, א הונגריגער, און וואָלט געוועזען גליקליך, ווען ער וואָלט געפונען א שטיקעל ברויט! ער האָט ווידער אָנגעהויבען אריינצוגעהן אין כעס. און ער האָט זיך דערמאָנט, אַז אין דער פריה האָט ער גע־וואָלט עפּים אויפטון, אָבטון... וואָס האָט ער אזוינס געוואָלט? ער האָט אָנגעקנויטשט די שטערן. וואָס האָט ער אזוינס געוואָלט?

„אַך, וואָס איך קאָן שוין דאָרטין אויסטראַכטען!“

ער האָט עס אויסגעשריען מיט פּראַכטונג צו זיך אַליין. ער האָט זיך אין פלוג דערשראָקען פאַר זיין שטימע און א קוק געטאָן אויף די גרויסע גלעזערנע טיר. קיינער האָט נישט ארויסגעקוקט, קיינער האָט איהם נישט געהערט. דאַן איז איהם געפעלען געוואָרען דאָס רעדען מיט זיך אַליין. ער האָט געפונען אין דעם א צושטרוי־אונג. און ער האָט אָנגעהויבען צו רעדען. אָבגעהאַקטע פראַזען, שטיקלעך פון זיינע מידע, צופלאָנטערטע געדאַנקען.

„איך וועל עפּים אויסטראַכטען!... געדאַרפט מיט א מעסער...

אונטערצינדען... אָט דאָס איז עפּיס אַנדערע ווערטער !... זאָלען זיי אַלע ברענען אויפ'ן פייער !... וואָס שטעה איך דאָ ?... וואָס וואַרט איך דאָ ?... געבען וועלען זיי !... זאָלען זיי דאָס האָבען אויף זייערע ביינער !... דעם גאַראַדאָוואָי וועלען זיי באַלד צורופען !... קאַפּלונקע, אַ בראַנד איהם אין אַלע ביינער !..."

ער האָט נישט אויפגעהערט צו רעדען. און וואָס מעהר ער האָט גערעדט, אַלץ בייזער איז ער געוואָרען. ער האָט פערגעסען דעם הונגער, ער האָט דערהערט דאָס האַרץ. ער האָט געשאָלטען מיט טויט־ביטערע קללות און געפיהלט, אַז ער איז זיך מחיה. ער האָט אויפגעוואָרפען אַלערליי עולות דעם עולם, וואָס זיטצט אין טעאַטער, וואָס עסט זיך אָן און טרינקט זיך אָן, און וואָס פערגינט זיך אַלערליי פערגניגענס.

„גנב'ענעץ, גזל'ענעץ, הרג'ענעץ די חברה איז קיין שום עברה נישט !" האָט ער פילאָזאָפירט. ער האָט געפיהלט, אַז ער איז יעטצט גרייט אויף אַלץ, אַז ער וועט יעטצט אַלץ טון מיט אַ לייכטען האַר־צען. עס האָט זיך איהם גערדאַכט, אַז ער האָט גענוג כח אויף אַלץ, אַ ריעזען־כח.

די טיר האָט זיך פערנאַנדערגעעפענט. עס האָבען זיך בעווי־זען די זשאַנדאַרמען, און באַלד האָט אָנגעהויבען צו שיטען דער עולם. איציע איז געבליעבען רוהיג שטעהן. ער איז אפילו נישט ענטשווינען געוואָרען און גערעדט זיך זיינס. די זשאַנדאַרמען האָ־בען איהם נישט בעמערקט. זיי זיינען געוועזען בעשעפטיגט מיט די שליטענס. איציע האָט געקאָנט רוהיג רעדען.

„זיי זיינען שוין דאָ !" האָט ער גערעדט. „אָנגעלאַכט און אָנ־געזויפט זיך, פּסיא קרעוו ! אין גוטינקע פוטערקעס, מיט די ווייבערעס געאָרעמט, אָדער אַזוי מיט נאַפקעס..."

איינינע פאַרבייגעהער האָבען זיך איינגעקוקט אין דעם מיט שנעע פערדעקטען מאַן.

„שכור אָדער משוגע," האָט איינער פון זיי געזאָגט. זיי זיינען אוועקגעגאַנגען זייער וועג. און איציע האָט זיי נאָכגעשריען :

„איהר זייט אַליין שכור ! נישט איך בין שכור. פּסיא וואַשאַ

דושאַ; הונגריג בין איך, הורענשלעפּער! האָב אָבגענומען ביי אַ הונגריגער אַלטער אידענע איהר פּינסטערע וועטשערע, הולטייעס!... איך בין שכור, פּסיאַ וואַשאַ דושאַ!... אַ חדש, אַז איך זוך אַרבייט, כאַליערניקעס! דריי טעג גאָר נישט געגעסען, פּסיאַ קרעוו!..."

אַ זשאַנדאַרם האָט דערהערט זיין קול און איז צוגעגאַנגען אַ קוק צו טון, ווער קאָן דאָס שרייען און זידלען זיך.

„דו, וואָס שרייסטו דאָ? אַוועק!"

און דער זשאַנדאַרם האָט איהם געגעבען אַ שטאַרקען שטויס.

„נו, וואָס שטויסטו זיך?" האָט איציע אויסגעשריען און — ער האָט אַ העב געטאָן די האַנד אויף דעם זשאַנדאַרם. ער האָט דערפיהלט, אַז ער וועט זיך מחיה זיין, אויב ער וועט אָראָבלאָזען אַ פּאַטש, אָבער אַ פייערדיגע פּאַטש. ער האָט געוואַרט אויף נאָך אַ שטויס.

דער זשאַנדאַרם האָט בעמערקט זיין בעוועגונג.

„אָך, טי זשידאָווסקאַיאַ מאָרדאַ!"

איציע'ס האַנד האָט זיך אָראָבגעלאָזען. עס האָט שטאַרק אָבגעקלונגען. דער עולם איז געבליעבען שטעהן. איציע האָט געוואָלט נאָך אַ מאָל אויפהעבען די האַנד. ער איז שוין געוועזען ווילד. ער האָט געוואָלט שלאָגען און ווערגען און בייסען. נור ער האָט בעקומען אַ שטאַרקען זעץ אין קאָפּ. עס האָט איהם פערשווינדעלט אין די אויגען און ער איז געפאַלען. יעטצט האָט ער געפיהלט פיס אויף זיך. ער האָט געוואוסט, אַז מען טרעט איהם דאָס מיט די פיס, נור ער האָט די אויגען נישט געקאָנט עפענען און נישט געקאָנט אַ ריהר טון זיך מיט קיין אבר. באַלד האָט מען איהם אויפגעהויבען און גענומען ערגיץ שלעפּען. מיט קלעפּ אין רוקען און אויפ'ן קאָפּ און אין בויך און מיט די העסליכסטע זידלערייען. ער האָט זיך נישט געקאָנט וועהרען, ער האָט אפילו נישט געקאָנט רעדען. נור געראָוועט האָט ער און שוידערליך געקרעכצט.

— — — שטילער און לאַנגזאַמער איז געוואָרען זיין ראָוועןאון קרעכצען און ענדליך איז ער געבליעבען ליעגען שטיל, אָהן א בעוועגונג. די דיקע פינסטערנים איז געלעגען איבער איהם, אַרומגענומען איהם, פערטרונקען איהם. ער האָט געהאַלטען צוגעמאַכט די אויגען, אָבער ער האָט געפיהלט די פינסטערנים. ווי א שווערע משא האָט זי געדריקט אויף איהם. ער האָט דונקעל געוואוסט, אַז ער האָט געשלאָגען און איז שטאַרק געשלאָגען געוואָרען, און יעטצט איז עס שטיל און רוהיג, און עס האָט איהם געוואונדערט די רוהיגקייט. ער האָט אָנגעהויבען צו שאַרען אַרום זיך מיט דער האַנד, צוגעמאַכטערהייט די אויגען. ער האָט אָנגעטאַפּט א האַרטע, שטויביגע פּאַדלאָגע. וואו איז ער דאָס? גאַנץ נישט דייטליך איז עס דורכגעפלויגען דורך זיין גאַנץ וועזען. ער האָט שווער אויפגעהויבען זיינע ברעמען. די דיקע פינסטערנים האָט זיך אַוועקגעלעגט אויף זיינע אָפענע אויגען. ער האָט גאָר נישט געזעהן און זיינע אויגען האָבען זיך שווער צוגעמאַכט צוריק. דאַן האָט ער ווידער געשאַרט מיט די הענד אַרום זיך און ווידער פערנאַנדערגעפּענט די אויגען. ווייטער, ברייטער. עפּיס האָט איהם א בליאַסק געטאָן. אויבען אויפ'ן באַלקען איז געלעגען א קליינער, גרויער שיין. פון דעם איינציגען פענסטער איז ער אריינגעדרונגען, וואָס איז געוועזען הויך איבער דער ערד. איציע האָט אָנגעשטעלט זיין בליק צוערשט אויפ'ן שיין און דאַן אויף דאָס קליינע פענסטער מיט די אייזערנע שטאַנגען. לאַנג האָט ער געקוקט אהין. ווי איינער, וועלכער האָט זיך אויפגעכאַפּט פון א חלום און איז נאָך נישט ביי זיך.

פלוצלינג האָט איהם דאָס בלוט א שלאָג געטאָן אין קאָפּ, און ער האָט זיך שנעל אויפגעזעטצט. ער האָט דערקאָנט די שטאַנגען און בעגריפען, אַז ער איז אין פּאָליציע. מען האָט איהם גוט אָנגעשלאָגען און אריינגעוואָרפען אין א פינסטער לאָך. עס איז איהם געוואָרען אַזוי מאָדנע ווארם. אין איין מאָמענט האָט ער דורכגעלעבט, וואָס איהם שטעהט פאָר. די קלעפּ, וועלכע ער וועט נאָך דאָ קריעגען, דעם סוד און דעם פּסק, דעם אַסטראָג און די אַרעסטאַנטסקי ראָטעס. ער האָט אויסגעקרעכצט אין שווערער

פערצווייפלונג. אָי! יעטצט אויך האָט ער דערפיהלט, אז דער קאָפּף טוט איהם זעהר וועה, און דאָס גאַנצע געזיכט און דער גאַנ־צער קערפּער. ער האָט האַסטיג אָנגעטאַפּט דעם קאָפּף און דאָס געזיכט. זיין היטעל איז נישט געוועזען אויף איהם. דאָס האָר איז געוועזען פּייכט און קלעבעדיג. ער האָט אָנגעריהרט אָן איין אָפּענע וואונד. ער איז געגאַנגען מיט די פינגער נאָך דער קלעבע־דיגקייט. אומעדום בלוט. אויפ'ן קאָפּף, איבער'ן גאַנצען געזיכט און אויף דער פערנאַנדערגעעפּענטער ברוסט.

עס האָט זיך איהם פערוואָלט וויינען אויף זיין גרויס עלענד און זיין גרויסע פערצווייפלונג. „טאַטע!" האָט ער געוואָלט שרייען, און „מאַמעניו!" און „גאָט!" ווערטער, וועלכע ער האָט קיינמאָל נישט געברויכט, ווענן, וועלכע ער האָט קיינמאָל נישט געקאָנט. עס האָט איהם ביטער שווער פערקוועטשט דאָס האַרץ, און ער האָט זיך אויסגעצויגען מיט'ן געזיכט צו דער ערד, און זיין קערפּער האָט זיך קאָנוואולסיוו געוואָרפען פון דעם גרויסען יאַמער.

צום ערשטען מאָל אין זיין עלענדען לעבען האָט ער אַזוי גע־וויינט. ער איז געוועזען אַ פערביסענער, און וויפיעל מאָל ער איז געבראַכט געוואָרען אין זיין לעבען צו גרויסע טרערען, האָט ער זיי דאָך שטענדיג אַראָבגעשלונגען. ער האָט געוואוסט, אַז זיינע טרע־רען וועלען קיינעם נישט דערוויכען, אַז זיי וועלען איהם נור לעכער־ליך מאַכען. זיי וואָלטען איהם געמאַכט פאַר אַ „צוקראָכענע נשמה" און פאַר אַ טרוס, און דאָס האָט ער נישט געטאָרט זיין. מיט פערביסענע ציינער איז דער עלענדער יתום געגאַנגען דורך דאָס לע־בען, אין אייביגער פיינדשאַפט מיט די ארומיגע מענשען. זיינע אויּ־גען זיינען אָפט פערלאָפען געוועזען מיט בלוט, אָבער קיינמאָל נישט מיט טרערען.

יעצט אָבער האָט ער נישט געקאָנט און נישט געוואָלט מעהר איינהאַלטען זיך. און ער האָט לאַנג געוויינט. ער האָט געוויינט, ביז די טרערען האָבען זיך ביי איהם אויסגענומען. דאַן האָט ער דערפיהלט אַ מין חלשות־געפיהל, און אַ טראַכט געטאָן, אַז ער וועט גאָר שטאַרבען. אָט ווי ער ליעגט אַזוי, וועט ער שטאַרבען. ער

האָט זיך אויסגעצויגען, צוגעמאַכט די אויגען און געוואַרט אויפ'ן טויט. עפּיס אַזוי ליגען און איינשלאָפען אויף אייביג און נישט זיין מעהר. איינמאָל פאַר אַלע מאָל בעפרייט ווערען פון די ווינסטע טעג הינטער זיך און פון דעם גאַנצען עלענדען לעבען פאַר זיך.

ער האָט געבענקט נאָך דעם טויט.

„אַך, שטאַרבען!“

פאַר זיינע אויגען האָבען אָנגעהויבען ארויסצושווימען טויטע קערפּער, וועלכע ער האָט זיך אָנגעזעהן אין זיין לעבען. אַזוי האָט ער געוואָלט יעטצט ווערען. דאַן האָט ער אויך דערזעהן פאַר זיך דעם היינגענדיגען וואַסער־טרעגער קירילא.

ער האָט זיך אויפגעזעצט. אַ בעשטימטער געדאַנק האָט איהם אויפגעהויבען: ער וועט זיך אויך אויפהייגגען. פון וואַרטען אויפ'ן טויט וועט גאָר נישט ארויסקומען. אַזוי וועט ער דאָך נישט שטאַרבען. ער האָט געקוקט אין די דיקע פינסטערנים און געטראַכט. דער איינדרוק פון די אָבגעלעבטע יאָהרען איז אויפגעשטאַנען פאַר איהם. קיין איינציגער פרעהליכער טאָג, קיין בערוהטע מינוט. יאָהרען פון נישט אויפהערענדיגע פּרעניות און פון שטענדיגען קאַמפּף, פון האַרטער ארבייט און אָפטען הונגער. און וואָס איהם שטעהט פאַר איז נאָך ערגער. פינסטער ווי די דיקע פינסטערנים אַרום איהם. לאַנגע יאָהרען אַסטראָג און אַרעסטאַנטסקי ראָטעס, און דאַן ווידער הונגער.

ער האָט אויפגעהויבען די אויגען צו די אייזערנע שטאַנגען אין פענסטער און אָנגעטאַפּט דאָס דיקע שטריקעל, מיט וועלכען ער האָט געהאַלטען ארומגעבונדען זיינע הויזען. דאַן האָט ער זיך ארומגעקוקט און אָנגעשטעלט זיינע אויערן. צו איז דאָ נישטאָ ווער? אָבער ער האָט גאָר נישט געהערט. מיט מיה האָט ער זיך אויפגעהויבען. ער האָט זיך קוים געהאַלטען אויף די פיס און אין קאָפּף האָט איהם געשווינדעלט. ער האָט אָנגעטאַפּט אַ וואַנד און אָנגעשפּאַרט זיך אַ ווייל. דאַן האָט ער מיט שטילע טריט דורכגעזוכט דאָס צימער, מיט די הענד שאַרענדיג אַרום זיך. קיינער איז דאָ נישט געוועזען. נור עטליכע מייז האָט ער דערשראָקען און גע־

הערט דאָס קלאַפּען פון זייערע ענטלויפענדיגע פּיסלעך. ער איז געבליבען שטעהן ביים פענסטער און אויסגעשטרעקט די האַנד ארויף. ער האָט נישט געקאָנט דערלאַנגען די שטאַנגען. אָבער ביי איין וואַנד איז געשטאַנען א באַנק, אָן וועלכער ער האָט זיך אָנגע־שלאָגען ביים דורכזוכען דאָס צימער. מיט מיה האָט ער זי צוגע־שלעפּט צום פענסטער. ער איז געוואָרען אזוי מיד, אז ער האָט זיך געמוזט צוזעטצען. און לאַנגזאַם האָט ער אָבגעבונדען דאָס שטרי־קעל פון די הויזען. ער האָט אָנגעהויבען צו מאַכען א פּעטליע און געטראַכט. וויעדער אריינגעקוקט אין די עלענדע פערגאַנגענהייט און אין די פינסטערע צוקונפט. און וויעדער זעהט ער נישט קיין ליכטיגען פּונקט נישט הינטער זיך און נישט פאַר זיך. און מיט פער־ביסענע ציינער האָט ער צוגעצויגען דאָס קניפּעל און געשאָלטען דאָס לעבען, און זיין האַרץ האָט פערשפּירט איין אונענדליכען האַס צו אַלע מענשען. ווי ער מאַכט יעטצט די פּעטליע, וואָלט ער אַרומ־גענומען אַלע קעפּף און וואָלט זיי אַלעמען דערוואָרגען. אָט אזוי, אָט אזוי, אָט אזוי! — —

די פּעטליע איז שוין לאַנג פאַרטיג געוואָרען, און ער איז נאָך אַלץ געזעסען און האָט געטראַכט. ער האָט געשאָלטען און געפלוכט און געוואונשען די מענשען אַלע אונגליקען. אך, וואָלט ער זיי עפּיס אָבגעטאָן!

און ביסלעכוויים ווערט איהם עפּיס קלאָר. זיין טויט אַליין איז דאָך שוין א גוטער אָבטו. ווען דער טאָג וועט אָנקומען און מען וועט זיך וועלען נעמען צו איהם, וועט מען איהם געפינען א טויטען. בע־ע־ע, א מגפה אויף אייך אַלעמען! אוים איציע, ניטאָ איציע! ניטאָ מעהר וועמען צו מוטשען, צו רודפ׳ן, צו לאָזען הונ־גערן! ווי די אָבגעשמיסענע וועלען זיי בלייבען, מיט אראָבגעלאָ־זענע נעזער, און א בייזע קללה וועט אויסדריקען זייער גרויסע אונ־צופריעדענהייט. אך, דאָס איז א טייערער געדאַנק!

ער איז האַסטיג אויפגעשפּרונגען, ארויף אויף די באַנק, צוגע־דראַפּעט זיך צו די שטאַנגען און אָנגעבונדען דאָס שטריקעל. די הענד האָבען זיך איהם געטרייסעלט, עס האָט איהם געפיעבערט. ער

האַט אַריינגערוקט דעם קאָפּף אין די פּעטליע און אומגעוואָרפען די באַנק.

און אַז דאָס שטריקעל האָט זיך צונויפגעצויגען, האָט זיך איהם פערוואָלט לאַכען. לאַכען ווי אַ ז׳עגער, ווי אַ שטאַרקערער. נור ער האָט אויסגעגלאָצט די אויגען, אויסגעשטעלט די צונג און איז בלייך און בלוי געוואָרען.

אָבער די אַרויסגעשטעלטע צונג האָט געהייסען:

„בע־ע־ע, אוים איציע, ניטאָ איציע!...“

.1897



# די מלחמה מיט גאָט.

ער האָט זיך געשטאַרקט און געשטאַרקט און נישט אויס־געהאַלטען.

ער האָט אויפגעעפּענט זיין מויל געגען גאָט, געלאַכט פון זיין גערעכטיגקייט, געשאָלטען איהם.

ער איז געוועזען צו מיד, ער זאָל קאָנען ווייטער אויסהאַלטען.

וואָס איז איהם גאָט? וואָס איז איהם „מען טאָר נישט"? וואָס איז איהם מורא אָדער ליעבע? ער קאָן נישט מעהר אריבער־טראָגען.

ער איז שוין מיד, צו מיד.

ער קאָן דאָך נישט גערעכטיג זיין, וואו עס איז נישטאָ קיין שפּור פון גערעכטיגקייט. ער קאָן דאָך נישט ליעבען, וואו עס איז נישטאָ קיין אָטעם פון ליעבע. ער קאָן דאָך נישט לויבען און דאַנ־קען, וואו מען דאַרף פערקלאָגען און זידלען און שעלטען און פלוכען.

און ער האָט פערקלאָגט, געזידעלט, געשאָלטען און געפלוכט.

„גאָט, וואָס האָסטו צו מיר, וואָס האָסטו דיך אויף מיר אָנ־געזעטצט?

„וואָס ווילסטו פון מיר? וואָס ווילסטו דוקא אויף מיר בעוויי־זען דיין כח און דיין גבורה און דיין גרויסקייט? וואָס האָסטו אויס־געלאָזען דוקא צו מיר דיין גאַנצען גרימצאָרן?

„גאָט, דו האָסט קיין יושר נישט, דו האָסט אין זיך נישט די מידה פון רחמנות, דו ביזט נישט קיין רחום וחנון, קיין אל מלא רחמים!

„ווער עס פערלאָזט זיך אויף דיר, איז דער אונגליקליכסטער מענש. ווער עס פערלאָזט זיך אויף דיר, איז א נאַר!"

און ער איז געוועזן אזא נאַר. כל ימיו איז ער אַבגעוועזן **אזא נאַר.**

יעטצט איז ער אַלט, געבראָכען, ערשט ניין טעג פון קראַנקענ־הויז. און די גאַנצע ניין טעג זוכט ער ארבייט און געפינט נישט. ער איז זיך שוין די פיס אָבגעגאַנגען.

ניין, ער האָט שוין מעהר קיין כח נישט. דאָס איז שוין אריבער און אריבער, אזוי שטראָפט מען דאָך נישט. אַלץ דארף דאָך האָבען א שיעור.

און פאַר וואָס שטראָפען? „ניין, איך פרעג דיך מעהר נישט, פאַר וואָס שטראָפסטו מיך אזוי?!"

ער בלייבט שטעהן אויף א מינוט, די אויגען אויפגעהויבען צום הימעל און אין די ליפּען־ווינקלען זיצט איין ערנסטע ביטערקייט. ווי ער וואָלט געווארט אויף איין ענטפער.

דאָס איז א וויכטיגע מינוט. בעקומט ער יעטצט איין ענטפער, מאַכט ער שלום מיט גאָט, ווארפט זיך פאַר איהם אויף די קניע און לאָזט זיך שלאָגען מלקות און וועט חרטה האָבען מיט דער גרעסטער תשובה און מיט די ביטערסטע טרערען.

אָבער גלייך גיט ער זיך א רוק און העבט אָן צו לויפען אין כעס און בייז. אומזיסט וועט ער ווארטען אויף איין ענטפער. און עס איז גאָר אונמעגליך צו בעקומען איין ענטפער, ווייל עס איז נישטאָ קיין ענטפער.

ווארום אין דער אמת'ן, פאַר וואָס שטראָפט ער איהם אזוי? וועלכע שווערע עברות איז ער בעגאַנגען? צו האָט ער דען כאָטש איין מאָל געזינדיגט — אפילו מיט'ן געדאַנק? אדרבא, זאָל מען עס איהם בעווייזען!

און ווען שוין?! איז מען דאָך דארויף נישט מעהר ווי א מענש, נישט מעהר ווי א פּראָסטער בשר ודם. דארף מען דען אזוי אונבאַרמהערציג שטראָפען א גאַנץ לעבען, אָהן איין אויפהער, אָהן א בערוהטע מינוט? און ווי נאָך שטראָפען? שווער שטראָפען, מיט די הארבסטע שטראָפען שטראָפען!

פאַר וואָס קומט עס איהם? פאַר וואָס?!

דאָס גאַנצע לעבען — דריי און זעכציג יאָהר — א קייט פון אונגליקען. איין אונגליק נאָך דעם אנדערן, און איינס שווערער פאר דאָס אנדערע.

אין איין רגע בעווייזען זיך פאר זיין בליק ווי אין א גרויסער ווייטקייט אַלע זיינע אונגליקען. ער פיהלט און לעבט זיי אַלע איי־בער און עס שוידערט איהם ביז אין דעם לעצטען טראָפּען מארך. —

א גוסס איז ער געלעגען אין קראַנקענהויז. וואָלט ער כאָטש געשטאָרבען און א מעשה מיט א סוף. ניין, דארף ער געזונד ווערען און ארומשלעפּען זיך ניין טעג נאָך ארבייט און נישט געפינען זיי און לאנגזאַם שטארבען פון הונגער און נאָך צוזעהן, ווי זיין אַלטע פער־געהט און ארבייט זיך אָב מיט די לעצטע קרעפטען און ווי זיין איי־ניקעל מיט די אָבגעשניטענע פיסעלעך...

איז אין דעם פאראַן כאָטש א האָר פון גערעכטיגקייט און ליעבע?

א שטיין וואָלט ער געכאַפּט און געוואָרפען איהם צום הימעל. שרייען וואָלט ער מיט אַלע כחות.

און עס דריקט איהם, און ציעהט, און קיטצעלט, און בייסט.

ער וויל זיך שלאָגען מיט גאָט! ער מוז זיך שלאָגען מיט גאָט!

עס ווערט איהם שיער נישט צוריסען דאָס הארץ.

„דו... דו... דו, רצחן! דו, גזלן! דו... דו... דו, קנא ונוקם!“ —

און עס פאַלט איהם איין. ער וועט לויפען אין דאָס גרויסע, פרייע פעלד הינטער דעם קליינעם וועלדעל. דאָרטין וועט ער וואר־פען שטיינער אין הימעל און זידלען און שעלטען, אז גאָט זאָל זיך דערשרעקען, דערפיהלען א וועהטאָג, אויפשרייען פאר וועהטאָג, דער־פיהלען זיך פאר פערניכטעט און פערטיליגט, פאר אויס־גאָט.

ער האָט געאיילט, ווי ער האָט נור געקאָנט. ער זעהט גאָט פאר זיך. די גאַנצע לופט איז פול מיט זיין ביטערסטען פיינד, מיט גאָט. אָבער ער וויל אין דאָס פרייע פעלד. ער וויל מיט איהם זיין

אויג אויף אויג, ער וויל זיך מיט איהם שלאָגען, וואו זיי וועלען נורביידע אליין זיין.

און ער פיהלט, אז ער וועט זיעגען. ווייל ער איז גערעכט און יענער איז אונגערעכט. ווייל ער האָט גאָר נישט אויף זיך און יע־נער איז בעגאַנגען די גרעסטע און שווערסטע פערברעכען. ווייל ער איז ריין און יענעמס הענד זיינען פול מיט זיין בלוט.

ער ווייס, אז ער וועט זיעגען. איהם וועלעןביישטעהן אלע שווערע אונגליקען, וועלכע ער איז זיך אומזיסט אויסגעשטאַנען אויף זיין לעבען.

זיין טאָכטער, זיין טאָכטער וועט איהם ביישטעהן! זיין אונ־גליקליכע, ריינע, עדעלע טאָכטער, זיין טייער קינד!

נאָס, איין אויפגעבלאָזענע, מיט אָבגעגעסענע פינגער פון די פיס, ווי מען האָט זי ארויסגענומען פון טייך, וועט זי זיך שטעלען פאַר גאָט. זי וועט גאָר נישט דאַרפען רעדען, נור שטעהן און קו־קען אויף איהם...

און א הוילע זאָל זי זיך שטעלען פאַר איהם. זאָל זי זיך נישט שעמען צו בעווייזען איהם איהר ריינעם כשר׳ן לייב, ווייל איהר לייב איז ריין און כשר, כאָטש זי האָט איהם פערקויפט. א שיינע, א ריינע, א כשר׳ע איז זיין טאָכטער!

זי וועט איהם ביישטעהן און זיין אייניקעל... זיינע פיסלעך... און אלע זיינע שווערע אונגליקען וועלען איהם ביישטעהן.

ער ווייס, אז ער וועט זיעגען. ער קלייבט נור אוים די שווער־סטע ווערטער. יעדעס וואָרט זאָל זיין א פייל, יעדעס וואָרט זאָל זיין א דונער, יעדעס וואָרט — א בליץ.

פאַר די ביימער זאָל זיך דער גרויסער גאָט שעמען און פאַר דאָס גראָז, פאַר די פויזענדיגע ווערים און פאַר די קלענסטע פלי־געלעך.

און די גרויסע זון זאָל פינסטער ווערען, אויסגעלאָשען ווערען פאַר בושה, וואָס פאַר א גאָט זי האָט.

און אלע מלאכים זאָלען זיך כאַפען פאַר די קעפּ און מורא

האָבען מיט זייערע ריינע פליגלען צו צוגעהן צו איהם, ווייל ער וועט זיי בעשמוצען.

און אַלע צדיקים, וועלכע זיטצען אַרום איהם און הערען פון איהם תורה, זאָלען זיך פערשעמען און רויט ווערען און פיהלען זיך פערלעגען, וואָס זיי האָבען גאָר געהערט פון איהם תורה...

ער וועט זיעגען, ער וועט זיעגען. איהם וועלען העלפען אַלע בוימער און אלע גרעזעלעך, אלע ווערימלעך און אלע פליגעלעך און די ברענענדיגע זון און די פייערדיגע מלאכים און די הייליגע צדיקים, ווייל זיי זיינען אַלע גערעכטיגער, ריינער, בעסער פאר גאָט!

ער איז געלאָפען, געלאָפען. —

די פיס ברעכען זיך איהם אונטער, דאָס הארץ ווערט איהם מאָדנע שוואַך, די צונג טרוקען, די ליפען פערשמאַכט און די הענד בלייבען הייגגען ווי די קלעטצער. אין די אויגען האָט אָנגעהויבען צו שווינדלען, און עס האָבען זיך צומישט לופט און מענשען און הייזער און דאָס פרייע פעלד הינטער דעם קליינעם וועלדעל, וואָס ער האָט געטראָגען אין זיין קאָפּ, און גאָט, וועלכער האָט אָנגע־פילט די גאַנצע לופט. און די רויטע, ברענענדיגע, אונטערגעהענ־דיגע קויל איז צופלאַטצט געוואָרען און ארומגענומען אַלץ מיט אַ פייער — מיט אַ העלרויטען ביז אַ געדיכט שווארצען פייער. ער איז נאָך אָבער געלאָפען. געלאָפען, געלאָפען און — געפאַלען.

ער האָט נישט געפיהלט אין זיך קיין גליעד, אָבער ער האָט נישט געוואָלט ליעגען. ער האָט געוואָלט לויפען, קומען צו זיין ציעל, קעמפפען און זיעגען. ער האָט געמאַכט גרויסע אויגען, גע־וואָלט אריינגעמען אין זיך אַ סך לופט, קומען צו זיך. נור דער קאָפּ איז איהם געוואָרען אַלץ שווערער און שווערער. ער איז געבליעבען ליעגען אָהן אַ בעוועגונג. —

מענשען זיינען זיך צונויפגעלאָפען. איבערראשטע, דערשראָ־קענע, באַרמהערציגע מענשען. זיי האָבען אלע גלייך דערזעהן אין איהם, אַז דאָס איז אַ פרומער איד, אז דאָס איז נישט קיין שיכור, נור גיכער אַ הונגריגער, אַז דאָס טויטבלייכע געזיכט מיט די איינ־געפאַלענע באַקען און איינגעגראָבענע אויגען געהערט צו איין אַל־

טען מאַן, וועלכער האָט בעסער געדאַרפט זיך אויסרוהען אין דער היים און גוט צוזעהן זיך, ווי אַרומשלעפען זיך אין די גאַסען אין אַזאַ הייסען טאָג.

די מענשען האָבען עס גלייך דערזעהן און אָבגעשטעלט זיך, צו העלפען איהם. קיינער איז נישט פאָראיבערגעגאַנגען אָהן אַ רחמנות־וואָרט. אַלע האָבען געוואָלט העלפען. ווער עס האָט געזאָגט, וואָס מען האָט צו טון, און ווער עס האָט טאָקי געטאָן. מען האָט אָנגע־ווענדעט אַלע מיטלען אויף בריינגען איהם צו זיך. מיט קאַלטען וואַ־סער האָט מען איהם בעשפּריטצט, געריבען האָט מען איהם, און באַלד האָט עמיץ געבראַכט וויין און געגאָסען איהם אין מויל.

אַלע האָבען זיך אָבגעשטעלט. רייך און אַרם, איילענדיגע און לויפענדיגע. און אַ גאָר רייכער מאַן האָט אויפגעהאַלטען זיינע פערד און נאָכגעפרעגט, וואָס איז אַזוינס געשעהן. און אַז ער האָט זיך דערוואוסט, איז ער אַוועקגעפאָהרען ווייטער זיין וועג אַ פער־שעמטער. אַלע מענשען זיינען „מענשליך“ געוואָרען. —

ער איז שוין לאַנג געקומען צו זיך, לאַנג געוואוסט, וואָס עס טוט זיך אַרום איהם און מיט איהם, אָבער ער האָט זיך געפיהלט מיד, ווי נאָך אַ שווערער אַרבייט, און נישט אַ ריהר געטאָן מיט קיין אבר.

דאָס אַרומטאַנצען פון די מענשען אַרום איהם איז איהם אַנגענעם געוועזען, זייער רחמנות האָט איהם הנאה געטאָן. די גוטע מענשען האָבען פערמשפּט דעם בייזען גאָט. ער האָט געפיהלט, אַז ער האָט מנצח געוועזען, אַז גאָט איז אויס גאָט.

אויף דעם פרייען פעלד הינטער דעם קליינעם וואַלד ליעגט אַ גרויסער, ברייטער ריעז, ליעגט אָהן כח, ניעדערגעשלאָגען, בעשעמט. און דער גרויסער, ברייטער ריעז איז גאָט. אַרום איהם און אויף איהם פויזען קליינע ווערימלעך און נאָך קלענערע פליגעלעך און זיי ברומען און זשוזשען און פייפען — דאָס זידלען זיי איהם, דאָס צעהלען זיי איהם אויס די אונצעהליגע פערברעכען, וועלכע ער האָט בעגאַנגען זינד ער איז אַ גאָט. און די בוימער בויגען אַוועק די קעפּ טיעף אין וואַלד אַריין, ווייל זיי ווילען דעם אונגערעכטען גאָט נישט אָנקוקען.

און ער זעהט זיך דאָרטין אויף דעם פרייעם פעלד נעבען דעם גרויסען, ברייטען ריעז. ער איז מיד עפּיס צו טון איהם, אָבער ער טראָגט הויך דעם קאָפּף, ווי עס פּאַסט פאר א זיעגער, און אויף זיינע ליפּען ליעגט א שטעכעדיגער שמייכעל. און נעבען איהם שטעהט נאַקיט זיין טייער קינד מיט די אָבגעביסענע פוספינגער און עס ליעגען צוויי קינדערשע פּיסעלעך און עס שטעהט געבויגען זיין איינגעקאָרציעטע אַלטע — — —

א שפּריץ קאַלט וואַסער האָט פערטריבען דאָס גרויסע, פרייע פעלד מיט דעם גרויסען, ברייטען ריעז, און דער אַלטער פיהלט זיך אָנגעשפּאַרט אָן א קיהלע וואַנד און ארומגערינגעלט פון א סך מענשען, וועלכע מיינען, אז ער איז נאָך נישט געקומען צו זיך, און רייבען איהם און נעטצען איהם און געבען איהם ווייַן און ווייסען נישט, ווי צו העלפען איהם.

די מענשען מיינען, אז דער אַלטער האָט דעם שטאַרקראַמפּף, און זיי ווענדען אָן אַלע מיטעל, וועלכע מען ווענדט אָן צום שטאַרקראַמפּף.

אָבער דער אַלטער ליעגט אָהן א בעוועגונג און פיהרט אַליץ מלחמה מיט גאָט.

ער וויים, אז גאָט איז נאָך אין הימעל אויף זיין כסא הכבוד. ער וויים, אז גאָט האָט עס איהם אונטערגעשטעלט א פוס און אַ וואָרף געטאָן, ווייל ער האָט נישט געוואָלט און ווייל ער האָט מורא געהאַט טרעפען זיך מיט דעם אַלטען אויג אויף אויג אין דעם פרייען פעלד. אָבער דאָך איז ע ר דער זיעגער און וואָס לייַנגער ער וועט אַזוי ליעגען אָהן אַ בעוועגונג, אַליץ ערגער איז עס פאַר גאָט, אַליץ קלענער און שלעכטער און אונגערעכטיגער וועט גאָט ערשיינען.

דער שטעכעדיגער שמייכעל פון דעם זיעגער איז געלעגען אין די ווינקלען פון זיינע ליפּען. נור די מענשען האָבען עס נישט בעמערקט און געקעמפּפט מיט דעם שטאַרקראַמפּף. — —

צום רעדעל איז צוגעגאַנגען איין אַלטע איינגעהויקערטע פרוי — הויט און ביינער, אַ געל געקנויטשט פּנים — מיט אַ גרויסען פּאַק צייטונגען אונטער'ן ארם — און דאָס איז געווען זיין ווייב.

זי האָט אַרויסגעלאָזען די ציימונגען פון אונטער'ן אָרם מיט אַ ביטערען געשריי און פערבראָכען די הענד, אַ וואָרף געטאָן זיך צום מאַן, געגאָסען מיט ביטערע טרערען, געריסען אויף זיך דאָס האָר, געשריען און געטענ'עט און אויסגעשאָטען איהר ביטער הארץ און גערופען צו גאָט.

ער האָט אויף איהר נישט אַ קוק געטאָן, נור ער האָט זי דער־קאָנט אָן איהרע טענות און איהר וויינען. עס האָט איהם אַ ריס גע־טאָן אין הארצען. אָבער גלייך איז איהם אַ געפיהל פון שטאָלץ דורכגעפאָהרען אין אַלע זיינע גליעדער, אַ געפיהל פון פעסטיגקייט. אויף אַזאַ קלאַפּ האָט זיך גאָט געוויס ניט געריכט, אַז נישט וואָלט ער איהם נישט אַ וואָרף געטאָן אין רעכטען מיטען גאַס, וואו ער קאָן זיך טרעפען מיט זיין ווייב.

די אַלטע האָט אויסגעקלאָגט איהר אונגליק. ערשט, דער־צעהלט זי, פון קראַנקענהויז. אין אַ פיעבער איז ער געלעגען. ער איז קראַנק געוואָרען, ווייל די איינציגע טאָכטער, אַ טייער, גאָלדען קינד איז דערטרונקען געוואָרען. מען האָט שוין נישט געהאַלטען פון זיין לעבען. איז ער אָבער געזונד געוואָרען, אויף צו פאַלען אין מיטען גאַס פאַר הונגער...

און דאָס קיצעלט איהם. זי האָט נאָך גערארפט דערצעהלען, פאַר וואָס האָט זיך דאָס קינד דערטרונקען. זי מאָג עס דער־צעהלען. זי האָט זיך נישט וואָס צו שעמען. זי האָט געוואָלט האַנדלען מיט זיך, ווייל זי האָט געוואָלט זיי פערהעלפען. זי האָט אָבער נישט געקאָנט אויסהאַלטען. זי איז געוועזען אַ ריינע, כשר'ע נשמה. דאָס ערשטע פערדינטע געלד איז געוועזען דער שטיין אויף איהר האַלז, מיט וועלכען זי האָט זיך אַריינגעוואָרפען אין טייך. זאָל זי דערצעהלען. זאָל זי זיך נישט שעמען. און וועגען אייניקעל זאָל זי דערצעהלען, וועגען אייניקעל...

ער וואָלט איהר נאָך וועלען זאָגען, אַז זי זאָל נישט רופען צו גאָט, נישט בעטען זיך ביי איהם, נור פערקלאָגען זאָל זי איהם, פער־מסר'ן, מאַכען איהם צו שאַנד און צו שפּאָט... אָט אַזוי, אָט אַזוי...

יעטצט רעדט זי גוט. זי וויל אויך וויסען, פאר וואָס קומט עס איהר אזוי. יעצט רעדט זי גוט.

און עס קיצעלט איהם, קיצעלט איהם.

דאָס ווייב האָט אויך נישט בעמערקט די נצחנישע מינע אויף זיין געזיכט, ווייל זי האָט ביטער געוויינט, און די מענשען האָבען נאָך שטארקער געקעמפפט מיט דעם שטארקראמפף. —

א גאָראָדאָוואָי איז צוגעגאנגען, האָט א קוק געטאָן, פערנאָנ־דערגעפרעגט און געהייסען אוועקפיהרען דעם קראנקען אהיים.

די גוטע מענשען האָבען זיך גענומען צו דער ארבייט און די אַלטע האָט דערביי גערעדט — יעדעס וואָרט א פייל, יעדעס וואָרט א דונער און בליץ, יעדעס וואָרט דער שווערסטער פאָרוואורף גאָט, יעדעס וואָרט האָט ארויסגעריסען גאָט פון די גוטע מענשענס הערצער.

אין דער היים וועט דער אלטער דארפען ליעגען אליין, ווארום זי מוז פערנאנדערטראָגען די צייטונגען, מען ווארט אויף זיי. אין דער היים האָט זי א קליינעם פינף־יעהריגען אייניקעל, וועלכער איז איהר געבליעבען פון דעם זוהן, א יתום׳ל אָהן א טאטען און מאמען. ער פלעגט איהר העלפען פערנאנדערטראָגען די צייטונגען, האָט מען איהם איבערגעפאָהרען און ער ליעגט יעצט אָהן פיס. וואָס וועט פון דעם אַלטען ווערען, ביז זי וועט קומען? ער וועט דאָך שטארבען!

און דער אלטער פיהלט אַלץ שטארקער זיין זיעג.

וואָס זאָגט יעצט גאָט? זיטצט ער נאָך און לערנט תורה פאר זיינע צדיקים? קאָנען זיי נאָך א וואָרט פון איהם הערען? און די אַלע גוטע מענשען, וועלען זיי אין איהם נאָך גלויבען?

ער וואָלט זיך צולאכט פון גאנצען הארצען. נור ער האָט זיך איינגעהאַלטען, און די מענשען האָבען גאָרנישט בעמערקט און ארייגעלעגט איהם זעהר אָבגעהיט אין וואָגען.

דער וואָגען האָט זיך געריהרט און די אַלטע איז אוועק איהר וועג, קלאָגענדיג און פערקלאָגענדיג.

הא, טויזענדער קללות האָבען זיך געוויס אויפגעהויבען צום

הימעל! טויזענדער הערצער האָבען זיך געוויס אָבגעקעהרט פון גאָט, ווי די קעפּ פון די בוימער אין דעם פרייען פעלד פון דעם גרויסען, ברייטען ריעז.

ער האָט געזיעגט.

פערניכטעט איז גאָט, דערשלאָגען איז גאָט, אויסגאָט איז גאָט!

און מיט צוגעמאַכטע אויגען זעהט ער גאָט'ס מפּלה. ער פיהלט זי מיט יעדעם אבר.

די וועלט איז געוואָרען שטילער און רוהיגער. שטילער און שטילער. גלייך אַלע רעדער וואָלטען געוועזען בעלעגט מיט גומי, און אַלע מענשען וואָלטען געקריעגט ווייכע, סאַמעטענע שטימען. און ער פיהלט זיך גוט, בערוהיגט. ער שוועבט אין דער לופט, ער וויעגט זיך און עס ברומט אין איהם און ארום איהם, ווי דאָס שענסטע וויעגענליעד. ער ווערט איינשלאָפען און וועט שלאָפען דעם געשמאַקסטען שלאָף.

דאָס איז גאָט'ס מפּלה.

נור אויף דער אלטער איז אַ ביטערע רחמנות. זי דאַרף יעטצט ארומלויפען אַ טרעפּ ארויף, אַ טרעפּ אראָב, און איהר איז נעביך אזוי שלעכט, און זי ווייס נישט, אז איהם איז אזוי גוט. זי האָט גע־דאַרפט זיין יעטצט נעבען איהם, מיט איהם, צוזאמען שוועבען, צו־זאמען וויעגען זיך. און זי וואָלט געהאָלפען זינגען דאָס וויעגענליעד. זי מוז נעביך לויפען אַ טרעפּ ארויף, אַ טרעפּ אראָב.

הא הא, זי שוועבט! זי לויפט נישט, נור זי שוועבט, זי פליהט. און אַלץ שוועבט און פליהט. אַלץ איז אזוי רוהיג, אזוי רוהיג.

גאָט'ס מפּלה!

ער זיצט ערגיץ אין אַ ווינקעל אין הימעל, פערניכטעט און דער־שלאָגען, צוזאַמענגעקאָרציעט און פערבאָרגען דעם קאָפּ. די צדיקים קומען נישט הערען זיין תורה און די ריינע, ווייסע מלאכים ווייכען איהם אויס, זיי זאָלען נישט בעשמוצען זייער ריינקייט. און די

תורה זיצט בערעקט מיט א זאק, ווי א יונגפרוי טרויערט איבער איהר מאן.

ער זעהט דעם ווינקעל, ער זעהט גאָט, ער זעהט די צדיקים, ער זעהט די מלאכים, ער זעהט די תורה.

גאָט איז נישט מעהר גרויס, נור קליין, גאַנץ קליין, און פון א שמוציגער פאַרב. די צדיקים זיינען אַלע מיט גרויסע, ווייסע בערד, אין ריינע, שיינע טליתים, אין עטרות און מיט תפילין אויף די קעפּ. און די מלאכים זיינען אַלע יונג און שטאַרק. און די תורה, גרויס און ברייט, פערוויקעלט אויף די עץ חיים'ס...

נור אָט האָט גאָט אויף איהם א קוק געטאָן — א בייזען קוק — און גענומען וואַקסען, וואַקסען, וואַקסען. אָבער דאָס איז נישט גאָט, נור עפּיס שרעקליכעס, שוואַרצעס, שטיקענדעס.

ער האָט זיך דערשראָקען און אויפגעעפענט די אויגען.

נאַכט. דער הימעל קוקט אויף איהם מיט טויזענדער אויגען. דער הימעל איז טיעף־בלוי און איבער איהם הייגגט א שלייער פון א דורכזיכטיגען גרוילי־כען נעבעל. אָבער דאָס איז נישט דער הימעל. דאָס איז דער מלאך־המות מיט זיינע אויגען. און דער מלאך־המות פליהט צו איהם, ווערט אַלץ נעהנטער און נעהנטער. און וואָס נעהנטער ער ווערט, ווערט ער אַלץ שוואַרצער און דונקלער, שוואַר־צער און דונקלער, און די אויגען ווערען קלענער, ווי זיי וואָלטען זיך געוואָלט צומאַכען, און פליעהען אַזוי מאָדנע אום און דרעהען זיך. און עפּיס שטיקט איהם אַזוי, און ווערגט איהם און לאָזט איהם ניט בעקלערען, וואָס ער וויל. א ריס טון זיך, א העב טון זיך... „הא, ווער האַלט עס מיך?... ווער דריקט עס מיך?... דו... דו... דו, רצחן! דו, גזלן! דו... דו... דו, קנא ונוקם!..."

ער איז ענטשוויגען געוואָרען אויף אייביג.

.1899

# אַ פּערפּאַלענער.

שמעון האָט קיינמאָל קיין רויטע נאָז נישט געהאַט און די אויגען זיינען ביי איהם נישט פערצויגען געוועזען מיט אַ רויטליכער פליסיגקייט. פערקערט אפילו! זיינע בלויע אויגען האָבען שטענדיג געפינקעלט אַזוי ריין, אַזוי קלאָר, אַז דער בלויער הימעל האָט זיך אָבגעשפּיעגעלט אין זיי; די נעטאָקטע נאָז האָט זיך נישט אָבגעשיידט מיט'ן קאָליער פון ד'עם גאַנצען פּנים, וואָס איז געוועזען שוואַרצ'חנ'עוודיג. דערפאַר האָט איהם דאָך די שיינע גיטעל ליעב בעקומען און אַוועקגעגעבען איהם איהר האַרץ, איהר האַנד און ק"ן רובעל נדן.

נישט דערפאַר אליין, נאַטירליך. שמעון איז געוועזען אַ בחור מיט אַ סך מעלות. ער איז געוועזען אַ גוטער שניידער, און בעלי־בתים פלעגען זיך שלאָגען איבער איהם און האָבען געצאָלט איהם גאַנץ גוט. ער איז געוועזען „אַ מענש אָהן אַ גאַל“ און אַ טייערער זוהן. דערפאַר האָט ער קיין געלד נישט געקאָנט אָנקלייבען, כאָטש אויף זיך האָט ער וועניג וואָס פערלעבט. ער איז נישט געוועזען קיין „פּראָסטאַק“ און האָט ליעב געהאַט אין אַ לעדיגער שעה אַריינצוקוקען אין אַ ספר און צוצוהערען, ווען מען לייענט עפּיס. ער איז געוועזען איין אַריסטאָקראַט צווישען אַרבייטער, האָט זיך געקאָנט נור מיט די עדעלסטע פון זיי, כאָטש ער איז קיין בעל־גאוה נישט געוועזען. זיין מאַמע האָט זיך גערעכענט פון יחוס און געוויינט, ווען זי האָט „נעביך“ געמוזט אָבגעבען איהם צו אַ בעל־מלאכה, אבי בריינגען איהם צו עפּיס אַ תכלית. אָבער שמעון האָט נישט געקלערט וועגען יחוס און איז געוועזען איבערגעגעבען זיין אַרבייט.

און דערפאַר אַלץ האָט איהם די שיינע גיטעל ליעב בעקומען.

און זי איז איהם ווערט געוועזען. „קיין בעסערען שדוך,“ האָט מען

גערעדט, „האָט נאָך גאָט קיינמאָל נישט אויסגעפיהרט.“ א חוץ איהר שיינהייט, וואָס „האָט געפּאַסט פאר דעם גרעסטען גביר׳ס טאָכטער“, האָט זי געהאַט אין זיך נאָך א סך מעלות. זי איז געוועזען א פּאַ־ריקמאַכערין, נור אויסער דעם האָט זי נאָך אַלץ געקאָנט: נייהען, אויסנייהען, וואַשען... און אין קיך־זאַכען איז זי געווען א בריה — איינע אין דער וועלט: פון דעם בעסטען און געשמאַקסטען האָט זי געקאָנט קאָכען און באַקען. מען האָט זי גערעכענט פאר א זעהר קלוגע, פאר א גרויסען קאָפּף־מענש — עצות צו פרעגען ביי איהר! זי האָט אויך געקאָנט שרייבען און לייענען און ליעב געהאַט צו לייענען. א שטילע, א גוטע...

א פרעהליכע חתונה איז געוועזען ביי שמעון׳ען מיט גיטלען. זיי זיינען געוועזען מעהר ווי בעגלויבט, אַז זייער לעבען וועט זיין זעהר גליקליך.

„אַ, וועלען מיר לעבען!“ האָט שמעון אויסגעשריען ענטציקט, ווען זיי האָבען די אויגען אויפגעעפענט דעם ערשטען פריהמאָרגען נאָך דער חופּה, און די זון האָט אריינגעשיינט זיי גלייך אין די אויגען, און ער האָט ארומגעאַרמט דאָס יונגע ווייבעל.

„ליעבינקער!“ האָט זי געענטפערט און צוגעדריקט זיך צו איהם מיט א שטאַרקער ליעבע און זיי האָבען זיך צוקוסט. און שטאַרקער האָבען געקלאַפּט זייערע הערצער.

„מיר וועלען זיין גליקליך!“

„שמעוניו!“

„ווייסט, מיר וועלען זיין גבירים!“

„הלואי, טייערינקער!“

„וועסט זעהן!“ שמייכעלט ער.

און זי דריקט איהם ווייטער צו שטאַרק־שטאַרק צו זיך.

„מיך אַרט נישט, אַז מיר וועלען נישט זיין קיין גבירים,“ רעדט זי א ווײלע שפּעטער, „נור מיר זאָלען האָבען אויף וואָס מיר דאַר־פען און שטענדיג זיין אין איינעם.“

זיי האָבען געדונגען א דירה — צוויי צימער מיט א קיך אין א בעזונדער הייזעל אין א הויף—אריינגעפיהרט גאַנץ פיינע מעבעל,

געקויפט א מאשין, און שמעון איז געוואָרען פאר זיך. גיטעל האָט געוואָרפען איהר ארבייט און בעשעפטיגט זיך מיט בעל־הביתישקייט — א מענש זאָל קאָנען אריינגעהן אין שטוב. און עס איז טאַקי געוועזען א פערגניגען אריינצוגעהן צו זיי אין שטוב: שטענדיג ריין, ציכטיג, קיין שטויבעל; עס האָט געלויכטען אין אלע ווינקעלעך, אונטען און אויבען. און ארבייט איז אויך געוועזען.

„מיר וואקסען!" פלעגט שמעון פלוצלינג אריינברומען גיטלען אין אויער.

דאָס האָט געהאט א צווייענדיגע בעדייטונג. ערשטענס, פלעגט שמעון אָבלעגען אלע וואָך צו דעם עפּיס, וואָס איז געבליעבען פון נדן; צווייטענס... גיטעל איז טראָגעדיג געוועזען. דאָס קינד, וואָס האָט געזאָלט אין גיכען בעווייזען זיך, האָט זיי געפרייט.

„אונזערע קינדער וועלען קיין שניידער נישט זיין," פלעגט ער זאָגען, קוקענדיג אויף איהר מיט א ווארמער ליעבע.

„וואָס זיי וועלען זיין, וועלען זיי שוין זיין, נור דערהויפּט זאָלען זיי זיין עהרליכע מענשען," פלעגט זי ענטפערן און איהרע אויגען האָבען אויסגעדריקט געבעט און האָפנונג.

„זיי וועלען אלע שטודירען," האָט ער גערעדט זיינס. „איך וועל זיי אוועקגעבען אין גימנאַזיום."

און גליקליך און פרעהליך האָבען זיך געשלאָגען זייערע הערצער.

און אין איינעם מיט'ן בכור איז אָנגעקומען אין שטאָדט א שניידער, וועלכער האָט א צייט געארבייט אין ווארשוי — ער איז געוואָרען א שטאָדטישער איידעם.

און דער ווארשעווער שניידער האָט אזוי שטארק אויסגענומען, אז אין א חדש ארום נאָך זיין אריינפאָהר האָט מען גערעדט פון איהם אין אלע ערטער, וואו די שטעדטישע שניידער האָבען ביז אהער פערדיענט.

די שטעדטישע שניידער זיינען געבליעבען כמעט אָהן ארבייט. און שמעון אויך.

אין גיכען האָט שמעון אָנגעהויבען צו שלעפּען פון גרייטען,

און באַלד איז שוין נישט געווען פון וואַנען צו שלעפּען.

און נאָכ׳ן בכור איז ביי איהם געבאָרען געוואָרען אַ „מוזי־ניטשקע“, און נאָך דער „מוזיניטשקע“ — אַ „מוזיניקעל“, און נאָכ׳ן „מוזיניקעל“... און אזוי ווייטער.

איין אַלטע געשיכטע!

און שמעון האָט בעקומען אַ רויטע נאָז, פערגאָסענע אויגען...
גיטעל איז מיט אַ מאָל אַלט און חשך געוואָרען...

דאָס איז ווידער איין אַלטע געשיכטע.

---

אָנגעהויבען האָט זיך עס מיט איהם פון אַ פּורים.

שמעון האָט געהאַט אַ ביטערן ווינטער: ער, גיטעל און די פיער קינדערליך האָבען אַלע איבערגעקריינקט. און אַ חוץ דעם איז עס געוואָרען אַ צייט, וועלכע דער וואַרשעווער שניידער אַליין האָט געשאָלטען. אין שטאָדט זיינען אָנגעפאָהרען ארויסגעטריבענע אידען פון מאָסקווע און האָבען אויפגעעפענט קראָמען פון פאַרטיגע קליידער. די קראָמען פלעגען געבען אפילו אויף אויסצאָלען און אין שווערע צייטען איז דאָס אַ גוטער פּלאַן פאַר׳ן עולם. עס איז געוואָרען נאָך וועניגער מלאכה ביי די שניידער און אמאָליגע בעלי־בתים זיינען געוואָרען איינפאַכע פּועלים ביי די קרעמער. שמעונ׳ען איז אויך בעשערט געווען צו ווערען אַ טאַנדעטניק—ער האָט שוין פערקויפט די מאַשין און געאַרבייט אין ווערקשטאַט ביי איינעם פון די קרעמער. ער האָט זעהר וועניג פערדיענט און איז געוואָרען אַ שרעקליכער בעל־חוב — דער קצב, די קרעמערין, די בעקערין האָ־בען געריסען פאַר די פּאָלעס. דאַרף מען נאָך דערמאָנען, אַז פון שטוב איז גאָר נישט געוואָרען, אַז אַלץ איז אַריבער אין לייַ־קאַסע און צו אָשר דעם וואָכערניק? און דאָ געהט נאָך צו פּסח. שמעון האָט שוין מעהר קיין אויסזעה נישט געהאַט, מיט וואָס די חובות צו בעצאָלען, ווי אויסצוקערען זיך, האָט ער זיך אָנגעכאַפּט פאַר׳ן פּורים.

ער איז אוועק אין פּורים־שפּיעלער.

דער געדאנק איז איהם ארויפגעקומען נאָך א געשפּרעך אין ווערקשטאט. אַלע ארבייטער האָבען זיך געקלאָגט.

„ביי אַזעלכע פּרנסות,“ האָבען זיי בעשטימט, „האָט מען שוין נישט וואָס צו קלערען וועגען יום־טוב־מאַכען.“

„סיידען דער פּורים וועט עפּיס מאַכען,“ האָט געזאָגט יחיאל דער לאַנגער. „פאַר א יאָהרען האָב איך טאַקי געהאַט דערפון אויף יום־טוב: א פינפער׳ל איז מיר אריינגעפאַלען.“

„נו?“ האָט שמעון געברומט, בעטראַכטענדיג דעם ארבעל, וועלכען ער האָט גענייהט, און וועגען גאָר נישט קלערענדיג.

„ה־הום! פערשטעהט זיך, א פינפער׳ל! מיר זיינען געגאַנגען זאַלבע־דריט איך און לייזער און יענקעל, וואָס ארבייטען ביי דאַניען — איך האָב אויך פאַר א יאָהרען געארבייט ביי איהם — האָט אונז געמאַכט א שטיק געלד... אָט א מאָדנער!“ האָט יחיאל פערדראָסיג געזאָגט, בעמערקענדיג, ווי שמעון האָט עפּיס אונגלויביג א פיהר געטאָן מיט די אקסלען. „ביי אברהם ברוך קאַפּלאַנ׳ען אַליין האָבען מיר געכאַפּט א דרייער׳ל. וואָס זאָגט מען אויף איהם? איך דאַרף איהם עפּיס דאָ לייגען!“

נור שמעון האָט אפילו נישט געקלערט נישט גלויבען איהם, אפילו נישט גוט געהערט, וואָס יחיאל דערצעהלט איהם, ווייל ער האָט גאָר געטראַכט, וואו נעמט מען אויף אָבצאָלען דעם קצב, דער קרעמעריו, דער בעקערין און דערצו האָט ער נישט געקאָנט אויסקומען מיט׳ן ארבעל, וועלכען מען האָט פערשמועלט. און אויפ׳ן הארצען איז איהם געוועזען אַזוי אומעטיג, אַזוי ביטער...

„הלואי זאָל דער פּורים נישט ערגער זיין,“ האָט זיך ווייטער גערעדט יחיאל. „מען דאַרף זעהן קריגען גוטע חברה. מיט לייזער׳ן און יענקלען וועל איך פערזאָגען א צעהנטען צו געהן. דער לייזער איז געוועזען א מרדכי, אַז צום חלש׳ן! און יענקעל האָט זיך איינגעשכורט, אז מען האָט איהם געדאַרפט שלעפּען אונטער די הענד. גוט, וואָס ער האָט געשפּיעלט אחשורוש׳ן — אחשורוש דאַרף דאָך זיין שכור, האָט מען געזאָגט, אז יענקעל שפּיעלט זיין

ראָליע אויסגעצייכענט, כאַ, כאַ, כאַ! צום לאַכען איז עס גע־
ווען...“

„און קאַפּלאַן האָט דאָס געגעבען אַ דרייער'ל?“ איז איהם שמעון אַריינגעפּאַלען אין די רעד, נישט טראַכטענדיג אייגענטליך וועגען דעם, וואָס ער האָט געפרעגט.

„אַך, הלואי זאָל איך אַזוי האָבען אל'דאָס גוטס, ווי ער האָט געגעבען אַ דרייער'ל!“

און שמעון האָט זיך געוואונדערט.

„הם!“

דאָס האָט בייז געמאַכט יחיאל'ן און ער האָט זיך צוהיטצט.

„נישט ער אליין האָט דאָס געלד געגעבען, מאָדנער מענש! באַ! מיט אייך קאָן מען דאָך נישט רעדען! עס זיינען ביי איהם גע־זעסען אַ סך געסט, איז געוואָרען אַ דרייער'ל. אַ קלייניגקייט, וואָס ביי איהם צו טוט זיך אַ פּורים! ער האָט דאָך אונז נישט אָבגעלאָ־זען, מיר האָבען געמוזט פערברייינגען ביי איהם ביז אַ שטיק אין דער נאַכט. וואָס ער האָט מיט אונז אַ ביסעל די וועלט צוקערט!...“

נור שמעון האָט נישט געוואוסט, נישט וואָס ער האָט געפרעגט און נישט וואָס יחיאל ענטפערט. ער האָט גאָר געטראַכט בשעת מעשה, ווי ווערט מען פּטור פון טאַנדעט מיט די פערשמעלטע אַרבעל און ווי צאָלט מען אָב דעם און דעם און דעם.

ביי נאַכט, ווען ער האָט געדאַרפט, געהענדיג אַהיים, דורכגעהן פאַרביי דער קרעמעריין און דער בעקערין, האָט ער אַ טראַכט געטאָן, אַז אַ פינף־רובעלדיגע וואָלט איהם יעטצט מחיה געוועזען, און גלייך אויף דעם האָט ער זיך דערמאָנט אויף יחיאל'ס רעד.

„טאָמער אויך אַוועק אין פּורים־שפּיעלער!“ איז איהם דורכ־געפלויגען אין קאָפּף, און אַ ביטער שמייכעל האָט זיך בעוויזען אויף זיינע ליפּען. נור באַלד אויף דער שטעל האָט ער דערפיהלט, אַז איהם עקעלט; אַ קעלט איז איהם דורך איבער'ן גאַנצען לייב און אין קאָפּף איז איהם וואַרם געוואָרען. ער האָט זיך שטאַרק דערשראָ־קען פאַר זיין געדאַנק. יחיאל — אַ פּורים־שפּיעלער און ער — אַ פּורים־שפּיעלער! יחיאל איז כל ימיו געוועזען אַ פּועל, האָט קיין

שטאָט נישט געפיהרט, איין עם־הארץ, די מאַמע — אַ דיענסט, דאָס ווייב — אַ דיענסט, דער טאַטע — אַ וועגעלפיהרער... יחיאל האָט ליעב דעם טרונק; יחיאל ווייס נישט, אַז אַ מענש קאָן האָבען זיין איינענע דעה, אַז אַ מענש קאָן זיין אויף זיך אַליין אַ בעל־הבית; יחיאל איז דערשלאָגען, פערקנעכטעט... פאַר איהם פּאַסט צו זיין אַ פּורים־שפּיעלער. אָבער ער, שמעון, זאָל ווערען אַ פּורים־שפּיע־לער!... ער האָט אָנגעהויבען צו מאַכען גרעסערע טריט, ער וואָלט וועלען אנטלויפען פון זיין געדאַנק.

אין דער היים האָט ער געשטיפט, גערעדט, געשפּרונגען. ער האָט נישט געוואָלט לעגען זיך שלאָפען — ער האָט מורא געהאַט צו בלייבען אַליין מיט'ן געדאַנק, וועלכער איז געזעסען ביי איהם טיעף אין קאָפּף און געגבוירט דעם מח. ביי אַלע שטיק האָט איהם דער געדאַנק אויף אַ מינוט נישט אָבגעלאָזען. געגען זיין ווילען קערען זיך איהם איבער אין מח אַלערליי פּלאַנען און ער פיהלט, אַז זיי טויגען נישט, אַז דאָס זיינען גאָר קיין פּלאַנען נישט און גלייך אויף דעם שפּרינגט ארויס עפּיס פון הינטער־קאָפּף, פון דער נאַקען־געגענד די פּורים־שפּיעלעריי. ער וויל נישט טראַכ־טען וועגען דעם און העבט אָן שטאַרקער צו שטיעפען. נור ווידער געגען זיין ווילען, אונגערן, קומט איהם אַרויף אויפ'ן זין, אַז ער וועט מאַכען, קיינער זאָל איהם נישט דערקענען און נישט דערוויסען, אַז ער איז געגאַנגען אין פּורים־שפּיעלער, ווייל ער וועט געהן מיט די אייגענע קינדער. פון דעם לעצטען געדאַנק מיט די קינדער העבט איהם אָן נאָך שטאַרקער צו שווידערן און דאָס האָר שטעלט זיך איהם אויפ'ן קאָפּף. נאָך די קינדער מאַכען פאַר פּורים־שפּיעלער!...
מיט אייז־קאַלטע הענד האָט ער געגלעט זיין אינגערן זוהן, הירשקען, איבער'ן קאָפּ, בעטראַכט מיט אַ מידען בליק דעם עלטערען, לייבקען, און געטראַכט בשעת מעשה, אַז אַלץ איז שוין סיי־ווי־סיי פערפאַלען, אַז פון די קינדער וועט שוין נישט זיין דאָס, וואָס ער האָט געוואָלט.
„עט, מילא!“ האָט ער שווער אָבגעקרעכצט און עס בלייבט ביי איהם צו געהן. ער האָט זיך דערביי אומגעקוקט מיט אַ פערלאָרע־נעם בליק, גלייך ער וואָלט וועלען זעהען, צו איז ניטאָ עמיץ אין

שטוב, וואָס האָט ביי איהם אַרויסגעלייענט פון געדאַנק... און ער האָט ווייטער געגלעט דעם קינד'ס קעפּעל און אַלץ פעסטער בע־שלאָסען זיך געהן, געהן, געהן. — —

אָבער וואָס וועט זאָגען גיטעל?

זי איז געזעסען און פעררייבט העמדלעך. ער האָט זיך צו איהר צוגעזעצט און אָנגעהויבען גלעטען איהרע האָר.

„וואָס טוט מען? וואָס טוט מען?" זיפצט גיטעל, „די קרעמע־רין לאָזט נישט לעבען."

„מען דאַרף גאָר געהן אין פורים־שפּיעלער און פערדיענען געלד," לאַכט ער און קוקט איהר אַריין אין די אויגען. ער וויל זעהען, וואָס פאַר איין איינדרוק האָבען אויף איהר געמאַכט די ווערטער.

„סיידען," זיפצט זי אָב און טוט איהר'ס, נישט פערקלערענדיג אויף גאָר נישט.

„וואָס מיינסט דו, דאָס איז אַ גוטער פּלאַן," לאַכט ער ווייטער און וויל, זי זאָל איהם פערשטעהן, און האָט דאָך מורא דערפאַר.

„ווי דען!" מורמעלט זי.

„איך לאַך נישט — דאָס איז די איינציגע עצה," זאָגט ער שוין ערנסטער און שמייכעלט דאָך נאָך אונטער.

„געה שוין געה!" זי העבט אויף איהם אויף די אויגען פער־זאָרגט.

„און וואָס וועסטו אנדערש טון?" שמייכעלט ער און ווייס עפּיס נישט, ווי העבט מען אָן ערנסטער צו רעדען.

„דו מיינסט עס ערנסט?" עס קלאַפּט איהר שטאַרקער דאָס האַרץ.

„גאַנץ ערנסט. עס איז דאָך לית־ברירה, נאַרעלע." ער שטאַרקט זיך אַראָבצוטרייבען דעם שמייכעל און עס העבט איהם אָן צו שרעקען דאָס ווייטערע געשפּרעך.

„וואָס ביזט דו משוגע צו חסר־דעה!" האָט גיטעל דערשראָקען אויסגעשריען און איז רויט געוואָרען.

„מאַך בעסער." ער האָט געדריקט מיט די אַקסלען און אָנגע־קנויטשט די שטערן.

„דו מאכסט פון מיר חוזק, צו וואָס?“ האָט גיטעל אויסגע־שריען מיט אַ גרעסערען שרעק. זי האָט געוואָרפען די אַרבייט אויפ׳ן טיש און אויסגעגלאָטצט די אויגען. עס האָט זי גע־שווינדערט.

ער האָט אַראָבגעלאָזען דעם קאָפּ און געצויגען אַ פאָדעם אין דער האַנד.

„פו, וואָס איהם קאָן איינפאַלען!“

„און איך זאָג, אַז קיין אַנדער מיטעל איז נישטאָ.“ ער האָט עס שוין אַרויסגערעדט גאַנץ ערנסט און איז אויפגעשטאַנען. מיט דעם אויפשטעהן איז ער שטאַרקער געוואָרען, געמאַכט זיך מעהר האַרץ.

„זאָלסט בעסער אויפהערען מיט מיר וועגען דעם צו רעדען!“ האָט גיטעל פערצווייפעלט אויסגעשריען.

זי איז בלייך געוואָרען און אַ שטראָם טרערען האָט זיך אַרויס־געגאָסען פון איהרע אויגען. איהר האָט זיך גאָר געוואָלט שרייען, זידלען, בייזערן זיך, נור זי האָט די טרערען נישט געקאָנט איינהאַל־טען. ער איז אַ ביסעל אָבהענדיג געוואָרען און גענומען בערוהיגען, פערזיכערען זי, אַז ער האָט עס גאָר געלאַכט, נישט געמיינט ערנסט. זי איז שטיל געוואָרען, נור געפיהלט, אַז ער האָט נישט געלאַכט.

„אַך, דו נאַררעלע,“ זאָגט ער צו איהר האַרציג־ווייך, ווילענדיג זי פאָרט איבעררעדען, „וואָס האָסט דו זיך דאָ צו־וויינט? און אפילו, אַז איך וואָלט געגאַנגען אין פורים־שפּיעלער — איז מה רעש? ווער דאַרף דאָס עס וויסען?“

„אָי, הער אויף צו רעדען!“ האָט זי איהם איבערגעריסען מיט אַ יסורים׳דיגען פּנים.

„ניין, איך רעד מיר גלאַט אַזוי,“ האָט ער זיינס גערעדט, — „איך וואָלט געקאָנט געהן אין פורים־שפּיעלער און קיין ילוד־אשה וואָלט עס ביי מיר נישט געוואוסט. האָסט גאָר נישט געדאַרפט וויינען, דאָס רעד איך. איך וואָלט אויסלערנען לייבקען מיט הירש־קען די ראָליען פון מרדכי׳ן מיט המן׳ען און וואָלט מיט זיי אַרומ־געגאַנגען...“ עס האָט איהם אַ שטאָך געטאָן אין האַרצען, און ער

האָט געזאָגט מיט אַ שוואַכערען טאָן: „דו וואָלסט אונז געמאַכט בערד...“

אָי, זעה, איך בעט דיך, הער אויף צו רעדען!“

„אָי, גיטעטשקע!“ האָט ער געזאָגט מיט אַ טרייען שמייכעל און אַראָבגעמאַכט איהר דאָס האָר איבער'ן געזיכט.

„די קינדער!“ האָבען געשעפּציעט איהרע פערטריקענטע ליפּען מיט אַ האַרץ־רייסענדען שמייכעל.

ער האָט שוין מיט איהר מעהר נישט גערעדט וועגען דעם דעם אבענד. ער האָט פריער געוואוסט, אַז אַזוי וועט זי ענטפערן. דערמאָנענדיג איהר די קינדער, האָט ער געציטערט און געוואַרט, אַז זי וועט זיך צושרייען. נור מעהר וויעדער פריער האָט ער גע־פיהלט, אַז קיין אַנדער מיטעל האָט ער נישט.

און אַז אויף מאָרגען און איבערמאָרגען האָבען די בעלי־חובות איך קיין רוה נישט געגעבען, איז גיטלען אַליין אַרויפגעקומען דער געדאַנק וועגען פּורים־שפּיעלעריי. זי האָט זיך בעגאָסען מיט טרע־רען און... און געטראַכט, אַז זי וועט דעם מאַן מיט די קינדער אַזוי אָנטון, אַז קיינער וועט זיי טאַקי נישט דערקענען. עס איז טאַקי פּאַר זיך אַליין אַ בזיון; עס איז טאַקי גלייכער אַ טויט, גלייכער נישט געבאָרען צו ווערען. נור עס איז ביטער אַזוי און ביטער אַזוי. די מאַשין איז פערקויפט; די וועגה, דער שראַנק, די בעטען זיינען לעדיג, פּוסט און וויסט; ביים בעל־הבית האָט מען אָנגענומען אין פּאַראויס... און, אַז אין אבענד האָט זי זיך געקלאָגט, אַז עס איז גע־קומען כאָטש צו ענטלויפען, האָט שמעון צוגערופען לייבקען מיט הירשקען מיט אַ לוסטיגען שמייכעל אויף די ליפּען און מיט אַ וועה־טאָג, נאַטירליך, אין האַרצען:

„קומט, חברה, מיר וועלען זיך נעמען צו דער לעהרע. איך וועל אייך מאַכען פּאַר אַקטיאָרען. לייבקע וועט זיין „המן“ און הירש־קע — איין עהרליכער יוד, מרדכי הצדיק.“

און גיטעל האָט מעהר נישט ווי אַראָבגעלאָזען דעם קאָפּף און זודיגע טרערען האָבען איהר געבריהט די באַקען.

שמעון האָט אָנגעהויבען צו לערנען לייבקען מיט הירשקען

זייערע ראַליען און נישט אויפגעהערט צו ווילצען. ער האָט נישט געטראַכט און נישט געוואָלט טראַכטען וועגען שפּעטער. ער האָט געטריבען פון זיך די מחשבות. ער איז, דאַכט זיך, פערנומען געווע־זען מיט דעם אויסלערנען די קינדער זייערע ראַליען. ער האָט עפּיס ווי געוואָלט ארויסווייזען זיינע קענטניס, בעווייזען, אז אפילו א פורים־שפּיעלער איז ער אויך נישט ווי אַלע. ער האָט כמעט אליין פערפּאַסט דאָס גאַנצע שפּיעל מיט אַלע רעד. דאָס האָט ער געוואָלט איבערשרייען, איינגעמען דאָס הארצשטעכעניס, דעם או־מעט, וועלכער האָט איהם געדריקט ביז טרערען.

דער עלף־יעהריגער לייבקע, וואָס אָנשטאָט אין גימנאַזיום האָט זיך געלערנט ביי א בלעכער, האָט געפיהלט די עלטערנס לאַגע, גע־וואוסט, צוליעב וואָס ער ווערט א „המן" און געלערענט זיין ראַליע מיט א האַלבען מויל, ווי געצווט. און דער זיעבעניעהריגער חדר־אינגעל הערשקע האָט זי געלערענט מיט חשק און א גאַנצען אסתר־תענית קיין רוה נישט געגעבען, שרייענדיג און זינגענדיג דאָס, וואָס ער האָט געדאַרפט רעדען.

גיטעל האָט געמאַכט פון א ראָגזשע דריי בערד מיט וואָנצען און געוויינט, געיאָמערט, געקלאָגט...

---

צו האָט נאָך ווער אזוי פיעל געוויינט, וויפיעל גיטעל אין דער דאָזיגער נאַכט פון פורים? אפילו שמעון, וואָס האָט זיך אַלץ געווי־צעלט, געמאַכט קוראַזש, האָט נישט אויסגעהאַלטען זיין ראַליע און פערלאָרען א פּאָר טרערען. ער האָט זיך אַליין דערשראָקען פאר זיי, אויף גיך אָבגעווישט און ווידער געוויצעלט, און לייבקע האָט זיך פערדוקט אין א ווינקעל, אָנגערוקט די ברעמען און שטיל גע־וויינט, קוקענדיג פון אונטער די ברעמען אויף די עלטערן. הירשקע־מרדכי האָט נישט פערשטאַנען דעם געוויין און איז געוועזען פערנור־מען מיט זיין באָרד און וואָנצען. ער האָט געוואָלט לאַכען, מאַכען איין ערנסט געזיכט און אָנהעבען צו טענ'ען מרדכי'ס רעד. מיט א פערזאָרגטען בליק האָט ער געקוקט אויף די עלטערן, אויף לייבקען

און לסוף צוגעזעצט זיך צו לייבקען פעראומערט, געצופּט זיך דעם באָרד און טרערען האָבען זיך בעוויזען אין זיינע שווארצע אויגען אונטער זיינע גרויסע שווארצע ברעמען. און די צוויי מיידלעך האָ־בען זיך פריער שטארק פעראינטערעסירט מיט דעם איבערטון זיך אין די בערד מיט די וואָנצען און געוואָלט שוין אָנהעבען צו פּאטשען אין די הענטלעך; נור, אז די מאמע האָט אויסגעבראָכען אין א ביטערען יאָמער, האָבען זיי אָבגעלאָזען די הענטלעך, קשה׳־דיג, פערוואונדערט בעטראַכט די מאמען און, אז ביי דעם טאטען האָבען זיך טרערען בעוויזען, האָבען זיי זיך צושריען אין א ביטערען יאָמער. די שטוב איז אָנגעפילט געוואָרען מיט געוויין.

גיטעל האָט שוין געוואָלט צורייסען די בערד — און עס מאָג זיך זיין, וואָס עס וויל! נור שמעון האָט זי נישט דערלאָזען און גלייך אויף דעם האָט איהם שטארק פערדראָסען, פאר וואָס האָט ער זי נישט דערלאָזען צורייסען די בערד און — א מעשה מיט א סוף! ביי איהם אליין האָבען זיך די הענד נישט אויפגעהויבען. ער האָט אָנגעהויבען צו פיהלען, אז ער איז „אָהן א הארץ“, אז ער קאָן א וואָרט נישט ארויסרעדען און גענומען זיך צום בראנפען, וואָס ער האָט געקויפט לכבוד פורים.

„עט, נישט־קשה,“ האָט ער קוים געשמייכעלט. „לאָ׳מיר מאכען „לחיים!“ עס וועט אליץ רעכט זיין. וואָס ארט דיך, גיטעל!“

ער האָט געשווינד איבערגעקערט אין זיך א גלעזעל.

„דו וועסט נעמען א ביסעל?“ האָט ער זי געפרעגט, פאָרלעגענ־דיג איהר דאָס גלעזעל. „נא, מאך „לחיים!“... גאנץ גוט!...“

„עס איז אזוי אויך ביטער.“ זי האָט אָבגעשטופּט זיין האנד.

„חברה פּאטש! המן! מרדכי! אהערצו קומט! נאט, מאכט „לחיים“ און גענוג צו וויינען,“ האָט ער זיך געווענדעט צו די אינג־לעך. נור די קינדער האָבען זיך נישט געריהרט פון אָרט.

„טרינקט איהר נישט, טרינק איך אויס,“ האָט ער געשמיי־כעלט, צופריעדען פון דעם, וואָס עס האָט זיך איהם געמאכט איין אויסרעד אויף אויסצוטרינקען נאך א ביסעל בראנפען.

„אחשורוש דארף זיין שיכור,“ האָט ער געלאכט צו גיטלען פיה־

לענדיג, אז ער וואָלט מיט פערגניגען אויסגעטרונקען נאָך. ער האָט זיך גענומען פאר דאָס פלעשעל, נור גיטעל האָט עס ביי איהם ארויסגעכאַפּט פון האנד.

„ביזט דאָך שוין א וואהרער פורים־שפּיעלער!" האָט זי מיט עקעל און פערצווייפלונג אויסגעשריען.

„פערשטעהסט..." האָט ער געשטאַמעלט מיט א פערשולדיגטער מינע, ארומאַרמענדיג זי, „אחשורוש'ן שפּילען מוז מען זיין שיכור... אחשורוש דאַרף דאָך זיין שיכור... אברהם ברוך קאַפּלאַן וועט געבען א דריי־רובעלדיגע... א הו!" האָט ער אויסגעשריען מיט א ווייבער־שען קול און א מאַך געטאָן אין דער הויך מיט דער האנד.

גיטעל האָט שוין ווייטער געוואָלט אראָבררייסען ביי איהם דעם פאַלשען באָרד. נור ער האָט זי אָבגעשטופּט.

„איך קעניג אחשורוש, דער מלך פון הודו ועד כוש..." האָט ער גענומען זינגען מיט'ן נגון פון די פורים־שפּיעלער. — „נו, חברה, פּראַווים פּליעציאָם ווּפּעריאָד, שאַגאָם מארש!" האָט ער אויסגעקאָ־מאַנדירט צו „מרדכי'ן" מיט „המן'ען", ארויפכאַפּענדיג אויף זיך דעם אויבערמאַנטעל, און איז שנעל אַוועק. די קינדער פּאַראָויס.

גיטעל האָט זיך געכאַפּט מיטביידע הענד פאר דאָס האָר און א וואָרף געטאָן זיך מיט א נייעם יאָמער אויפ'ן הילצערן זיטץ־בעט־טעל. ער האָט געהערט איהר געשריי. אין הארץ האָט זיך איהם ווי אָבגעריסען. ער האָט שוין געוואָלט אומקערען זיך צוריק; לייבקע מיט הירשקען האָבען אויף איהם א קוק געטאָן קשה'דיג, צו זאָלען זיי געהן ווייטער אָדער אומקעהרען זיך. ער האָט פערצווייפעלט א מאַך געטאָן מיט דער האנד און אַוועק זיין וועג; ביידע קינדער — נאָך איהם. לייבקע האָט נור שווער אָבגעזיפצט, און הירשקע האָט א קוק געטאָן אויף איהם פון אונטער דער שטערן.

---

די נאַכט איז געוועזען א ליכטיגע און א פראָסטיגע. עס האָט געבלאָזען א ווינטער־ווינד. פון די הייזער האָבען זיך געטראָגען אי־בער'ן געסעל הילכיגע, פרעהליכע געזאנגען. מענשען זיינען אין גע־

סעל געוועזען ווענינ. עס זיינען נור אומגעלאָפען הין און צוריק שלח־מנות טרעגער, פורים־שפּיעלער און נדבות־קלייבער.

דער ווינד האָט געבראכט שמעון'ען צו זיך; דאָס ביסעל בראנ־פען האָט זיך אין גאַנצען אויסגעוועבט. אויפ'ן הארצען איז איהם ערשט רעכט שווער געוואָרען, גלייך א וואָרם וואָלט גענאָגט. זודיגע טרערען האָבען זיך איהם געשטעלט אין די אויגען. ער האָט שוין נעהאַט בדעה אומקערען זיך צוריק, נור ער איז געלאָפען פאָראויס. ער האָט זיך עפּיס ווי ארויסגע'גנב'עט פון זיין געסעל; ער האָט מורא געהאַט, מען זאָל איהם נישט דערקענען, כאָטש דער פאַלשער, לאַנ־גער, רויטער באָרד מיט די לאַנגע, רויטע וואָנצעס האָבען שטארק פערענדערט זיין געזיכט. אָט געהט דער שמש פון שול, און אין שמעונ'ען שטאַרבט אָב יעדער אבר. דער שמש איז פארביי־געגאַנגען, איינגעקוקט זיך און נישט דערקאָנט. שמעון איז געוואָ־רען פרעהליכער, מוטיגער. פון דעסטוועגען האָט ער זיך בע־שלאָסען אריינצוגעהן אין אזעלכע הייזער, וואו מען קען איהם נישט.

ביי דער ערשטער טיר, וועלכע ער האָט געדארפט אויפעפענען, האָט איהם געקלאַפּט דאָס הארץ ווי ביי אַ גנב. נור ער איז אריין. לייבקע־המן האָט גלייך אָנגעהויבען צו טענ'ען, נור מען האָט איהם איבערגעריסען. מען האָט אריינגעשפּארט שמעונ'ען פונפצעהן קאָ־פּיקעס אין האנד און געבעטען „געהן געזונדערהייט". ער האָט איינגעדריקט די מטבע אין האנד און געשווינד ארויס. ער איז גע־וועזען ווי א צומישטער. די מטבע האָט איהם געברענט די האנד.

„יעטצט וועט שוין קומען דער קרעמערין דריי רובעל פינף און זעכציג קאָפּיקעס," איז איהם דורכגעפלויגען אין קאָפּף און ער האָט אראָבגעלאָזען די מטבע אין קעשענע, „און די בעקערין... און דער קצב... יום טוב... פוסטע ווענד..." ער האָט עס געפיהלט אין גאַנ־צען קערפּער און איינגעקאָרטשעט זיך.

אין צווייטען הויז האָט זיך איבערגעחזרט, וואָס אין ערשטען; נור ער איז ארויס פון דאָרטין מיט פינף און צוואנציג קאָפּיקעס און הירשקע מיט א שטיקעל טאָרט. לייבקע האָט זיך אָבגעזאָגט פון צו נעמען.

„נאָך וועניגער,“ האָט זיך איהם געטראכט. זיין קוק איז גע־פאַלען אויפ׳ן טאָרט אין הירשקע׳ס האַנד. שמעון האָט דערפיהלט, אַז דאָס איז איין איבריגע נדבה, און אַרויסגעריסען ביי הירשקען דעם טאָרט און אַוועקגעוואָרפען.

ליבקע האָט געגעבען הירשקען אַ זעץ אין זייט, דער טאַטע זאָל נישט בעמערקען.

„דו זאָלסט גאָר נישט נעמען, אַז מען וועט דיר געבען,“ האָט ער שטיל און שטרענג געזאָגט. הירשקע איז ברגז געוואָרען און אָנגעבלאָזען זיך.

שמעון האָט דערהערט ליבקעס ווערטער. עס האָט זיך איהם געוואָלט מיט אַ קוש אָבדאַנקען דעם קלוגען קינד; אין האַרצען איז איהם אַזוי ווארם געוואָרען פון ליעבע. נור ער איז געגאַנגען פאָר־אויס מיט שנעלע טריט. ער האָט נישט געוואוסט, וואָס עס טוט זיך מיט איהם. ער האָט געפיהלט, אַז ער טאָר נישט אומגעהן, אַז ער ציהט אויף זיך אָן איין איבריגען פלעק, אַז ער קלייבט נדבות, אַז ער דאַרף אויך נישט נעמען, ווען מען גיט איהם. בושה, מורא, פער־צווייפלונג האָבען זיך איהם געמישט אין מח, געדריקט דאָס האַרץ. נור ער איז געגאַנגען, געגאַנגען. ער האָט עפּיס נישט געוואוסט, ווי העבט מען אָן צו קלערען. ער האָט נור עפּיס געפיהלט, און שרעק־ליך זיינען געוועזען די געפיהלען. עפּיס האָט איהם געטריבען פון הויף צו הויף, פון שטוב צו שטוב — און גרויזאם איז געוועזען דאָס טרייבען. ער האָט אין גיכען פערלאָרען דעם חשבון פון דעם געלד, וואָס האָט געקלונגען ביי איהם אין קעשענע און געבריהט איהם דעם פוס. ער האָט נור געפיהלט, אַז עפּיס ווערט וועניגער. ער האָט אפילו פערגעסען, וואָס ווערט וועניגער.

אין עטליכע הייזער האָט ער געמוזט שפּיעלען, רעדען, ברעכען זיך. ער האָט געמוזט אָנטון זיך אַ שרעקליכען כח צו געדענקען, וואָס ער דאַרף רעדען, צו פערשטעהן, וואָס עס רעדען איהם „המן“ מיט „מרדכי׳ן“. ער האָט זיך טאַקי מאוס געפּלאָנטעט, גערעדט אויס׳ן וועג.

„טאטע, איך קאָן שוין נישט געהן," האָט איהם הירשקע אָנגע־כאַפּט פאר דער פּאָלע נאָך אַ לאַנגער צייט ארומלויפען.

ער האָט זיך אָבגעשטעלט, בעטראַכט דעם זוהן און איז געקור־מען צו זיך. ער האָט דערפיהלט, אַז ער איז אויך שרעקליך מיד. ער וואָלט זיך מיט פערגניגען לעגען שלאָפען. ער האָט אַראָבגענו־מען דאָס היטעל: ער איז פערגאָסען געוועזען מיט שוויים. דער ווינד האָט איהם ווידער אָבגעקיהלט דעם קאָפּף. צו זאָל ער געהן אַ היים אָדער געהן ווייטער? די האַנד האָט זיך איהם געוועזען אַראָבגעלאָזען אין קעשענע — ער האָט געוואָלט ארויסנעמען פון דאָרטין דאָס געלד און איבערצעהלען. נור ער האָט זיך דאָס געשעמט צו טון; ער האָט מורא געהאַט פאר דאָס געלד. ער האָט טיעף און שווער אָבגעקרעכצט און אַ קער געטאָן זיך צו געהן אַ היים. נור ער האָט זיך אָבגעשטעלט און געמאַכט צוריק אַ בעוועגונג. ער דאַרף זיין נאָך אין איין אָרט, ער האָט אָבער פערגעסען, וואו. ער קנויטשט אָן די שטערן. „אברהם ברוך קאַפּלאַן," דערמאָנט ער זיך. ער דער־פיהלט דעם טעם פון אַ דרייער'ל, דאָרטין וועט מען אפשר נאָך דארפען פערברייננגען, הוליען. נור ער קאָן נישט בעקלערען. ער וויים נישט, וואָס עס וועט זיין. ער פיהלט נור דאָס דרייער'ל.

„מיר וועלען אַריינגעהן נאָך אין איין אָרט און גאָר," האָט ער זיך געווענדעט צו די קינדער, „יענמאָלט וועלען מיר געהן אַ היים."

ער איז געשווינד אַוועק צו אברהם ברוך קאַפּלאַן.

---

פרעהליך איז געוועזען ביי אברהם־ברוך קאַפּלאַן. דער רעש פון די געזענג, טענץ און לעבעדיגע געשרייען האָט דערגרייכט וויים אין גאַס. שמעון האָט געפונען ביי איהם אַ גרויסען עולם; צווישען זיי זיינען שוין געוועזען אייניגע פורים־שפּיעלער.

אין מיטען צימער איז אומגעשפּרונגען און געזונגען מיט „בעד־נומענע" קולות און געלאַכט אַ קרייז פון מענשען, וועלכע האָבען זיך געהאַלטען איינער דעם אַנדערן פאַר די הענד, און אין מיטען קרייז האָט זיך עמיץ געקויקעלט, געטאַנצט אויף די הענד, געהויבען די פּיס

צו דער נאָז, געטאַנצט זיטצענדיג, געקלאַפּט מיט די פּיאַטעס אין די וויכע טיילען, געשפּרונגען ביז'ן באַלקען און געפּויזעט אויף ד'ר'ערד. קאַפּלאַן, א דיקער יוד, פון מיטעלען וואוקס, פון א יאָהר איינינגע און פופציג, איז געזעסען אויבען־אָן ביי א לאַנגען טיש, א צוגעגריי־טען מיט „כל־טוב", מיט די עדעלע געסט ארום זיך, און געקאָמאַנ־דירט: „פרעהליכער, לעבעדיגער!... האָפּא, האָפּא!... אויף די הענד, אויף די הענד!.. אזוי, אזוי!... פרעהליכער! לעבעדיגער!... טים־בים־בים!... א שפּרונג!... פרעהליכער!... מאַלאַדיעץ!..."

דאָס לעצטע וואָרט האָט ער ארויסגערעדט, ווען דער טענצער אין קרייז האָט זיך אָבגעשטעלט און שווער ארויסגעלאָזען דעם אָטעם. דער טענצער איז געוועזען פערגאָסען מיט שוויים.

„נו, יעטצט געה, נעם א ביסעל בראנפען," האָט איהם געזאָגט קאַפּלאַן.

דער קרייז האָט זיך צולאָזען, דער טענצער איז צו צום טיש. שמעון האָט דערקאָנט אין איהם יחיאל'ן. ער האָט זיך דערשראָקען און געוואָלט ענטלויפען. נור אין דער מינוט האָט איהם קאַפּלאַן בעמערקט.

„וואָס שטעהסטו אין טיר? אריין!" האָט יענער אויסגעשריען צו שמעונ'ען.

די איבריגע פורים־שפּיעלער האָבען זיך א לאָז געטאָן מיט א ברייטען „גוט יום־טוב!" צו שמעונ'ען מיט די קינדער, ארומגערינ־געלט זיי און געשטופּט צום טיש.

„דו אחשורוש, דו מלך, דו טפּש!..." האָט איהם געזונגען יחיאל, נישט דערקענענדיג איהם. יחיאל איז שוין געוועזען היבש מלא.

„שטעה דו, קריך נישט!" האָט אברהם ברוך געקאָמאַנדירט צו יחיאל'ן. „א פריער דאַרף ער קידוש מאַכען, דערנאָך... נו. גים איהם אָן."

יחיאל האָט אָנגענאָסען א גרויסען בעכער. שמעון האָט נישט געוואוסט, וואָס צו טון. ער וואָלט ענטפערען, אז ער טרינקט נישט, נור ער האָט מורא צו רעדען, יחיאל זאָל איהם נישט דערקענען

נאָכ׳ן קול. ער האָט גענומען דעם בעכער, אַרויסגערעדט שטיל „לחיים!“ און אָבגעטרונקען אַ ביסעל.

„וואָס איז דאָס? הא?“ האָט אויסגעשריען קאַפּלאַן. „ביי מיר טרינקט מען אויס אין גאַנצען!... אין גאַנצען טרינקט מען ביי מיר אויס!... אַז נישט קערט מען אַריין מיט געוואַלט און מען גיט האַלז־און־נאַקען.“

שמעון האָט נאַריש געשמייכעלט. איהם איז געוועזען שרעקליך אומעטיג; אין האַלז איז איהם געוועזען וואַרם און אין די אויגען האָט איהם געברענט. ער וואָלט עפּיס געזאָגט; ער וואָלט געווייצעלט; ער וואָלט זאָגען: „היינט איז פּורים, מאָרגען אויס, גיט אַ נדבה און טרייבט אַרויס!“... נור ער קאָן נישט רעדען. ער האָט ווי אַ תם אויסגעשטרעקט די האַנד צום בעכער, מיט אַ מאָל אַריינגעקעהרט איהם אין זיך און... צואוויינט זיך. אַזוי וויינט דאָס אומגליק אַליין. אַלע זיינען עפּיס אָבהענדיג געוואָרען. די קינדער האָבען זיך אויך צואוויינט.

„וואָס איז דאָס, הא? וואָס איז דאָס?“... האָט אברהם ברוך געשטאַמעלט. „וואָס איז דאָס פאַר אַ וויינען? פע!... וואָס פעהלט דיר, וואָס? איך האָב פיינד אַזעלכע זאַכען!...“

מען האָט איהם אַרומגערינגעלט. מען איז געוועזען נייגיעריג צו וויסען, ווער איז דער וויינער און פאַר וואָס ער וויינט; און אייגער האָט איהם אַראָבגעשלעפּט דעם באָרד.

„שמעון!“ האָבען אויף אַ מאָל אויסגעשריען עטליכע פון די פּורים־שפּיעלער. ער האָט זיך דערשראָקען פאַר זיין נאָמען; די פּים האָבען זיך איהם אונטערגעבויגען. נור ער האָט זיך אַ ריס געטאָן צו דער טיר, אַ וואָרף געטאָן דעם, וואָס איז געשטאַנען הינטער איהם, און איז ענטלאָפען. די קינדער נאָך איהם.

---

ער איז געלאָפען, געלאָפען. אַ היים, נאַטירליך; נור ער וואָלט וועלען, אַז די היים זאָל זיין וואָס ווייטער. אין קאָפּ האָט איהם געברענט. פערפאַלען! יעטצט וועט שוין דערוויסען גאַנץ שטאָדט,

אז ער איז געגאַנגגען אין פורים־שפּיעלער. איהם האָט זיך געדאַכט, אז מען וויים שוין. ער האָט זיך געשעמט אויפצוהעבען דעם קאָפּף, טאָמער בעגעגענט איהם ווער. ווי וועט ער גאָר קאָנען רע־דען מיט אַ מענשען? און גיטעל! וואָס וועט זאָגען גיטעל? ניין, ער וועט איהר יעטצט קיין מעשות נישט דערצעהלען.

„קינדער, איהר זאָלט אין דער היים גאָר נישט דערצעהלען," האָט ער זיך אָבגעשטעלט און געווענדעט צו די קינדער, וואָס זיינען איהם נאָכגעלאָפען און געכליפּעט. „הערט איהר, וואָס איך זאָג אייך. נו, און הערט אויף צו וויינען."

ער האָט אַרויסגענומען דאָס נאָז־טיכעל און אָבגעווישט די קינ־דערשע פּנים'ער. דערנאָך האָט ער זיך געלאָזען געהן שוין נישט אזוי גיך, נור די קינדער כליפּען נאָך.

„הערט אויף, זאָג איך אייך!" שרייט ער אוים בייז און פיהלט, אז ער וואָלט זיך עפּים מחיה געווען, ווען ער וואָלט זיי יעטצט גוט אָנגעשלאָגען. די קינדער האַלטען איין אַ ווייַלע דעם אָטעם, נור באַלד העבען זיי אָן וויימער צו כליפּען. ער האַלט איין דעם כעם; ער פערשטעהט, אז מיט בייזקייט וועט ער דאָ גאָר נישט מאַ־כען, מען דאַרף זיי מיט עפּים פערנעמען.

„נו, שפּרינצער־המן, וואָס האָסט דו צו־וויינען, איבער אַ יאָהר וועלען מיר בעסער מאַכען."

ער דערשרעקט זיך אַליין פאַר די לעצטע ווערטער. „זאָל גאָט אויסהיטען," טראַכט ער.

„איבער אַ יאָהר וועל איך נישט געהן," ענטפערט „המן".

„נישט געהן," כאַפּט אונטער הירשקע.

שמעון ווערט פרעהליכער. עס דאַכט זיך איהם אוים, אַז זיי זאָגען נביאות.

„איבער אַ יאָהר וועלען מיר טאַקי נישט דאַרפען געהן." ער נעמט זיי פאַר די הענטלעך. „אָט אַ גליטש! נו, אָ־אָ־אָ!..."

ער האָט זיך געגעבען אַ גליטש. די קינדער ווערען טאַקי מונ־טערער.

„איבער א יאָהר וועלען מיר אַליין זיטצען צו דער סעודה, ווי אַלע מאָל,“ זאָגט לייבקע.

„מיט שלח־מנות,“ זאָגט אונטער הירשקע.

„מיט א ס־א־א־אַ־ך גוטע זאַכען,“ כאַפּט אונטער שמעון, ציי־הענדיג דאָס וואָרט „א סך“.

זיי זיינען צוגעגאַנגען צו דער היים.

„זעהט־זשע, איהר זאָלט למען השם גאָר נישט דערצעהלען אין דער היים,“ האָט ער זיי נאָך א מאָל אָנגעזאָגט.

ער האָט ביי זיי אַראָבגענומען די בערד, צוריסען זיי און אוועק־געוואָרפען. דערנאָך זיינען זיי אַריין אין שטוב.

---

אין שטוב איז געווען... ליכטיג, צוגעקליבען, יום־טוב׳דיג. גיטעל מיט דער עלטערער נייען־יעהריגער טאָכטער זיינען געווען אויסגעוואשען, פערבאַרשטעט און איבערגעטאָן אין די שבת׳דיגע קליידלעך... אויפ׳ן טיש איז געשטאַנען דער צינערנער טאַץ מיט גלעזער צום טיי טרינקען.

א צייט נאָך זיין אוועקגעהן האָט גיטעל געקלאָגט, געריסען פון זיך דאָס האָר און געבראָכען די הענד. נור שפּעטער א ביסעל איז זי געקומען צו זיך. זי האָט זיך דערשראָקען, עס זאָל ווער נישט אַריינקומען, אָנהעבען קשיות צו פערגעבען און אפשר נאָך שטויסען זיך ,פערשטעהן, וואָס דאָ קומט פאָר. מען דאַרף זיך מאַכען פרעה־ליך, ליכטיג אין שטוב און אָנגרייטען א תירוץ, אויב עמיץ וועט פרעגען, וואו איז שמעון. נור גלייך איז ביי איהר געבליעבען מאַכען פינסטער אין שטוב, פערשליסען זיך און קיינעם נישט אויפעפענען. זי האָט עס טאַקי געטאָן.

זי האָט זיך אַריינגעלעגט אין דאָס הארטע בעט, געכליפּעט און שווערע, טרויעריגע, פינסטערע געדאַנקען האָבען זיך איהר אַרומ־געדרעהט אין קאָפּף. זי איז אָבגעלעגען א צייט און פּלוצלינג אויפ־געשפּרונגען פון בעט, האָט אָנגעצונדען פייער און גענומען מאַכען יום־טוב׳דיג. אין איהרע שיינע אויגען האָט אויפגעבליטצט א

פייערל. זי האָט געאַרבייט מיט היטץ, מיט חשק. דאָס האָט זי אויפגעהויבען דער געדאַנק, אז עס איז א גרויסע רחמנות אויף שמעון'ען, אז מען דאַרף איהם אונטערהאַלטען, טרייסטען, ער זאָל ביי זיך נישט אַראָבפאַלען.

און זי האָט ז י ך געמאַכט יום־טוב־דיג און דאָס עלטערע טאָכ־טער'ל, וואָס האָט זיך אויפגעכאַפּט. נור דאָס האַרץ....

„גוט יום טוב!" האָט זי אויסגעשריען, אז ער איז אריין אין שטוב. איהר קול האָט א ציטער געטאָן, נור זי האָט זיך גע־שטאַרקט. זי האָט זיך איינגעקוקט אין איהם: ווי זעהט ער אויס? וואָס קומט אין איהם פאָר?

שמעון האָט זיינע אויגען נישט געגלויבט. ער האָט זיך גע־ריכט, אז אין שטוב וועט זיין פינסטער, גיטעל מיט די קינדער פער־קלאָגט — א פאָלקאָמענער תשעה־באב! און פּלוצלינג בעגעגענט מען איהם מיט א ברייטען „גוט יום־טוב!" — נור דערפון איז איהם נאָך שווערער געוואָרען. ער האָט געפיהלט, וואָס עס טוט זיך ביי איהר אין האַרצען; זיין אויער האָט געכאַפּט איהר ציטערנדיגען טאָן. זי וואָלט וויינען, וואָלט איהם א סך לייכטער געוועזען. ער וואָלט זיך יענמאָלט אויך אויסגעוויינט. נור ער מאַכט זיך אויך האַרץ.

„אָט אזוי ביזטו א מענש," זאָגט ער צו איהר מיט ליעבע.

„וואָס דען?" שמייכעלט זי, נור זי האָט מורא א סך צו רעדען, זי זאָל זיך נישט צו וויינען.

„וועסט טרינקען טיי?" פרעגט זי.

„אָ, יאָ," ענטפערט ער אָבגעהאַקט. ער האָט אויך מורא א סך צו רעדען.

זי געהט צום אויוועז אַרויסצונעמען דאָס הייסע וואַסער, ביידע שווייגען; זיי האָבען מורא פאר דאָס געשפּרעך, וואָס דאַרף ביי זיי פאָרקומען. גיטעל וואָלט וועלען אָננעמען אין זיך א סך לופט, זי זאָל קאָנען עפּיס פרייער רעדען.

„אָט וועלען מיר טרינקען טיי, וועט ביי אונז זיין פורים", רעדט זי פרעהליך, אָנגיעסענדיג די גלעזער.

זיי נעמען זיך פלייסיג צום טיי־טרינקען. דערוויילֿ וועט מען דאָך שווייגען...

„אַ־אַ־אַ!‟ קרעכצט אָב פרעהליך שמעון, ווי ער וואָלט זיך דער־קוויקט מיט'ן טיי, און קוקט פריינדליך אויף גיטלען, אויף די קינ־דער. הירשקע און דאָס מיידעלע האָבען אוועקגעלעגט די קעפּלעך אויף די הענד אויפ'ן טיש און איינגעשלאָפען. לייבקע זיטצט אָנ־געדוקטערהייט און קוקט פערשומערט אויף די עלטערן.

„דוואָשע וועט מיר געבען א היים פּארוקען מאכען,‟ פאלט איין גיטלען צו נארען איהם.

„ווען איז זי דאָ געוועזען?‟ פרעגט ער און קוקט זי אָן מיט חשד.

„דאָ איז געוועזען פרומע, וואָס ארבייט ביי איהר.‟

„וואָס איז דוואָשע מיט א מאָל גוט געוואָרען?‟

„זי האָט איטצטער מאסען ארבייט. זעהסט, הא, דאַרף מען זאָרגען? איך וואָלט וויסען פריער, וואָלסט דו היינט נישט געגאַנ־גען,‟ שטעלט זי זיך ענדליך אונטער פארבייגעהענדיג צו דערמאָ־נען וועגען דאָס ארומגעהן אין פורים־שפּילער.

„וואָס איז, וואָס?‟ שמייכעלט ער. „ערשטענס, מיט וואָס איז פורים־שפּיעלעריי קיין ארבייט נישט? צווייטענס... אָט זעה, וואָס איך האָב פערדיענט!...‟ ער האָט געשווינד ארויסגעשיט פון קעשענע דאָס געלד, וואָס האָט איהם שוין לאנג דעם פוס געבריהט. ער איז געוועזען זעהר צופריעדען פון דעם, וואָס זי האָט דערמאָנט וועגען דאָס ארומגעהן; ער אליין האָט זיך עפּיס נישט געפונען. זי האָט זיך דערשראָקען פאר דאָס געלד און איז בלייך געוואָרען. נור זי מאכט זיך הארץ און גיט נישט צו בעמערקען איהר שרעק.

„א סך?‟ פרעגט זי און שמייכעלט קוים.

„איך וויים אליין נישט... א סך, דאכט זיך...‟

זי וויל מאכען קוראַזש, בעווייזען, אז איהר ארען נישט די נדבות.

„וועלען מיר גלייך איבערצעהלען,‟ זאָגט זי לוסטיג און נעמט זיך צום געלד.

עס הערען זיך טרערען אין איהר קול, דאָס געלד ברענט איהר די האנד, נור זי צעהלט.

„פיער רובעל דרייסיג קאָפּיקעס — א חוב אָבגעפּטרט!" רעדט זי פרעהליך.

„זעהסט, הא?" זאָגט ער קוים ארויס.

נור זי האַלט נישט אויס מעהר און צו־וויינט זיך. ער דער־שרעקט זיך; ער וויל זי טרייסטען, נור ער געפינט קיין ווערטער נישט. ער בעשליעסט זיך אפילו דערפילען דאָס מאָס — און דער־ווייל ווערט ער אראָבוואַרפען ביי ז'ך א שטיין פון הארצען.

„ביי אברהם ברוך קאַפּלאַן האָט מען מיך דערקאָנט," שטאַ־מעלט ער פערצווייפעלט. „יחיאל געווען... יאָשע... משה בער... די באָרד אראָבגעריסען.."

און שטאַרקער און הערצרייסענדער איז געוואָרען איהר געוויין.

ער האָט געקוקט בייז אויף דאָס געלד. ער וואָלט, דאַכט זיך, נעמען עס און ארויסוואַרפען. נור... ער האָט דאָס נישט געטאָן.

---

אויף מאָרגען האָט ער עפּיס ווי מורא געהאַט צו געהן אין ווערק־שטאַט. ווי וועט ער קוקען גלייך אין די אויגען? ווי וועט ער גאָר קאָנען אויפעפענען דאָס מויל? נור ער מאַכט זיך הארץ. וואָס האָט ער מורא צו האָבען? ער האָט עפּיס גע'גנב'עט? וועלען זיי לאַכען פון איהם, אָבער מעהר דאָך גאָר נישט! דאָך ווילט זיך איהם, אז די שעה, ווען ער דאַרף געהן צו דער אַרבייט, זאָל זיך אָברוקען וואָס ווייטער. נור זי איז שוין פאַראיבער און ער איילט נאָך נישט אוועק־געהן. ער דרעהט זיך אום איבער דער שטוב, זוכט עפּיס. ער וויל נישט ארויסווייזען גיטלען, וואָס אין איהם קומט פאָר, כאָטש זי פון איהר זייט פיהלט עס גאַנץ גוט. ענדליך שטאַרקט ער זיך: ער האָט נישט וואָס מורא צו האָבען! — און אוועק צו דער אַרבייט. נור וואָס נעהנטער ער ווערט צו דער ווערקשטאַט, העבט ער אָן אַלץ שוואַכער צו פיהלען זיך. עס שרעקט איהם דאָס ערשטע „ברוך־הבא!", עס שרעקט איהם יחיאל מיט זיינע רעד. ער דערמאָנט

זיך, אז ווען נעכטען פאר'ן אוועקגעהן האָט ער אויסגעטרונקען א ביסעל בראָנפען, האָט ער זיך אָנגעהויבען פיהלען שטארקער און מוטיגער. ער ווארפט איין אויג אויף די שיינק, וואָס נעבען ווערק־שטאַט. ער פיהלט, אז פון דעם בראָנפען וועט איהם ווערען וואָר־מער. נור גלייך האָט ער זיך דערשראָקען פאר'ן געדאנק — מעהר פאסט איהם שוין נישט: אָנהעבען נאָך שכור'ען! דאָס גיט איהם צו כח, ער מאַכט מיט דער האַנד און געהט אריין אין ווערקשטאַט.

„ברוך הבא, אחשורוש!" האָבען די ארבייטער איהם מקבל פנים געוועזען.

„האָסט עפּעס היבש אריינגעכאַפּט?" פרעגט איהם יחיאל, אָנ־העבענדיג מיט א מאָל צו „דו"צען איהם. „באָק, האָט זיך צור־וויינט! ביי אברהם ברוך'ן וואָלסט דו געכאַפּט א גוטע מטבע! איך האָב ארויסגעטראָגען מעהר ווי א רובעל! דער שוטה האָט זיך צוגאָסען, ע־ע־ע־ע!..." האָט איהם יחיאל איבערגעמאַכט, ווי ער האָט זיך צור־וויינט.

„ער האָט מסתמא געוויינט נאָך ושתי'ן," האָט איין ארבייטער געוויצעלט.

שמעון'ען האָט זיך דאָס בלוט געוואָרפען אין פנים. ער האָט געביסען די ליפּען. ער האָט געוואָלט זיך קריגען. ער האָט געוואָלט וויינען.

„אז מען דארף ווערען א פּורים־שפּיעלער, ווערט מען א פּורים־שפּיעלער," האָט ער בייז ארויסגערעדט.

„אויף דיר וואָלט מען זיך עס ניט גערוכט," זאָגט איין אר־בייטער.

„וואָלט מען זיך נישט גערוכט!"

„אי, שמעון — א פּורים־שפּיעלער!" רייצט אונטער א צוויי־טער.

„נישט דיין זאַך."

„אריין, אריין, שפּרינצער המן דו מיין!..." האָט אויסגעזונגען א יונגער ארבייטער.

אויף שמעונ'ס געזיכט האָבען זיך געביטען אלע פארבען;

ער האָט געוואָלט כאַפּען אַ שער, דאָס פּרעס אײַזען און וואַרפען דעם ארבייטער אין קאָפּף. נור עס איז אריין דער בעל־הבית.

„צו דו ביזט נעכטען ארומגעגאַנגען אין פּורים־שפּיעלער?" יחיאל דערצעהלט עפּיס," האָט דער בעל הבית איהם געפרעגט.

„ער איז געוועזען אחשורוש," האָט געלאַכט איין ארבייטער.

„איהם האָט זיך פערוואָלט ווערען אַ מלך," האָט אונטערגע־כאַפּט נאָך איינער.

„מאוס, מאוס, איך וואָלט מיך עס אויף דיר נישט געריכט," האָט געזאָגט דער בעל־הבית. „דאָס פּאַסט פאר יחיאל'ן, נישט פאר דיר."

„וואָס פאר יחיאל'ן? וואָס איז יחיאל?" האָט זיך יחיאל אָנ־געכאַפּט. „יחיאל איז דען אַ גנב? אַ ליידאַק, אַ שאַרלאַטאַן איז יחיאל? וואָס — יחיאל? יחיאל איז מעהר נישט אַ קבצן! איך וואָלט נעכטען נישט ארומגעגאַנגען אין פּורים־שפּיעלער, וואָלט איך נישט געהאַט אויף פּסח. אָט איז אײַך יחיאל! וואָס — יחיאל?!... יחיאל!..."

„נו, נו, נו! דו ביזט אַ לייט!" האָט איהם דער בעל הבית איבערגעריסען. אָבער וואָס איז דאָס טאַקי מיט דיר געוועזען שמעון?"

שמעון איז געזעסען ווי אויף נאָדלען און געפיהלט, אַז עס העבט זיך איהם דער מח. ער האָט זיך געמאַכט נישט הערענדיג דעם בעל־הבית' פראַגע.

דער בעל הבית האָט געשיקט נאָך „משקה" לכבוד שושן־פּורים. שמעון האָט נישט געוואָלט טרינקען; ער האָט זיך בעשלאָסען פון היינט אָן און ווייטער נישט צושטעהן צו די ארבייטער, אויסווייכען זיי, ענטלויפען פון זיי, און, אַז מען האָט געבראַכט דאָס בראַנפען און גערופען איהם טרינקען, האָט ער זיך לכתחילה געמאַכט נישט הערענדיג, און פּלוצלינג דערשראָקען זיך פאר נייע שטעכווערט־לעך און גלייך דערפיהלט, אַז אַ ביסעל בראַנפען וועט איהם מונ־טערער מאַכען. עס האָט זיך איהם אָנגעהויבען צו דוכטען, אַז ער דאַרף און מוז טרינקען. ער האָט פערלאָרען די מעגליכקייט צו

קלערען און געשווינד אויסגעטרונקען איינינע גלעזלעך איינס נאָך דאָס אַנדערע. און באַלד האָט ער דערפיהלט, אַז ער טוט נישט גוט, וואָס ער וויל ווערען שכור, אַז דאָס איז אַ פערברעכען. עס איז איהם געוואָרען זעהר שווער אויפ'ן הארצען. ער האָט זיך צו־וויינט.

„זיי נישט קיין נאַר!" האָבען איהם די אַרבייטער גערעדט, „וואָס פאַלסט דו ביי זיך אַזוי אַראָב? מיר לאַכען דאָך, נישט מעהר. און אַז דו ביזט געגאַנגען אין פורים־שפּיעלער, איז וואָס? אָט געהט דאָך יחיאל, משה בער, יאָשע!... מאַלע ווער עס געהט. נו, זיי נישט קיין נאַר און ראָווע נישט."

ער האָט גאָר נישט געענטפערט. ער האָט נור געפיהלט, אַז ער דאַרף ענדיגען דאָס, וואָס ער האָט אָנגעהויבען. ער האָט אַריינ־געגאָסען אין זיך נאָך אַ פּאָר גלעזלעך און אויפגעהערט צו וויינען. ער איז שכור געוואָרען. די אויגען האָבען זיך געקלעבט, די הענד זיי־נען געהאַנגען ווי די קלעטצער און די פיס האָבען זיך אָבגעזאָגט צו האַלטען איהם. אין קאָפּף האָט זיך איהם געמישט. ער וואָלט ווע־לען אויסגיעסען צו ווערען זיין ביטער האַרץ; ער וואָלט וועלען צו־שלאָגען זיך, רייסען, בייסען, שרייען. ער וואָלט וועלען קלאַפּען זיך „קאָפּף אָן דער וואַנד". און פּלוצלינג פאַלט איהם איין גאָר ענטלויפען פון ווערקשטאַט. ער העבט זיך אויף פון זיין אָרט און געהט צו דער טיר.

„וואוהין געהסטו? לעג זיך בעסער שלאָפען," האַלט מען איהם אויף. נור ער געהט זיין וועג.

„מען דאַרף איהם נישט לאָזען," זאָגט איין אַרבייטער. יחיאל כאַפּט אָן שמעונ'ען פאַר דער האַנד.

„לאָזט מיך מיט גוטען!" שרייט ער אויס מיט פערקוועטשטע ציין, רייסט אויס די האַנד ביי יחיאל'ן און געהט אַוועק.

„כאשר אבדתי, אבדתי," דרעהט זיך איהם אין שכור'ען קאָפּף, „וואָס שוין! איין אייביגער קבצן און אַ פורים־שפּיעלער. עט, פיו, אַלץ פיו!... לכל הפּחות שכור... און גיטעל! וואָס גיטעל?... איך האָב געמוזט טרינקען, אַז נישט — אַ טויט אָדער משוגע ווע־

רען!... און וואָס, אז שכור?... א קבצן איז שכור!... געדעכט יחיאל!... נו, בין איך א פורים־שפּיעלער — און זאָל מען מיר עפּיס טון!... איך לאַך פון אַלעמען!..."

„שמעון געהט און איז, דאכט זיך, גוט שכור," האָט ער דער־הערט הינטער זיך א ווייבערשען קול.

„און נעכטען איז ער ארומגעגאנגען אין פורים־שפּיעלער," האָט איין אנדער ווייבערשער קול אָבגעענטפערט.

אמת טאקע? איך האָב עס אויך געהערט. אַ, צו וואָס אָרמ־קייט ברענגט!" האָט געזאָגט די ערשטע שטימע.

„פון דעסטוועגען — זאָל מען נישט געפּרובט ווערען, רבונו של עולם — דארף מען אין אָרמקייט אויך זיין א מענש," האָט די צווייטע געענטפערט.

ער האָט זיך געוואָלט אָבשטעלען און ענטפערן זיי, נור ער האָט זיך איינגעהאלטען און אוועק זיין וועג.

„פליעוואַטש!" האָט ער געמורמעלט פאר זיך אויף רוסיש, — „איך שפּיי אויף אייך. ווסיע פּאַדליעצי!"

ער האָט זיך אפילו נישט אָבגעשטעלט נעבען טיר פון זיין דירה און איז דרייסט אריין אין שטוב. „וואָס גיטעל!" האָט ער געטראַכט, — „וועט זי שרייען! עט, אלץ איינס! פּליעוואַטש, נאַ ווסיאָ פּליעוואַטש!..."

„אָי, מיין גאָט־ט־ט!" האָט גיטעל אויסגעשריען מיט שרעק און געכאַפּט זיך פאר די האָר, אז ער איז אריינגעפאלען אין שטוב. „מיין גאָט־ט־ט!... רבו־נו־של־עול־לם!... אָי, וועה איז מיר נישט געשעה־העז!... ער איז דאָך שכור!..."

ער האָט זיך שווער אראָבגעלאָזען אויף דאָס זיטץ־בעטעל און אָנגעקנויטשט די שטערן. עס האָט זיך איהם געדאכט, אז ער וועט גלייך שטאַרבען...

„אָי, איך וועל מיר א מיתה משונה אָנטון!" האָט גיטעל גע־יאָמערט און געבראָכען די הענד. „אָי! אָי! רבו־נו־של־ל־ל־עול־לם!... איך ווער מיר א טויט מאַכען!... שמעון, ווי האָסט דו זיך

אזוי אָנגעשכורט! גאָט־טו־ניו; דאָס האָט נאָך אונז געפעהלט, אי!"

זי האָט אָנגעהויבען צו קלאַפּען זיך מיט די פויסטען אין קאָפּף. ער האָט זיך קוים אויפגעהויבען פון זיץ־בעטעל, איז צו צו גיטלען און אָנגענומען זי פאר א האנד.

„אָי, איך וועל דאָס נישט אריבערטראָגען!" האָט זי געשריען און געריסען ביי איהם די האנד.

„וויין נישט, גיטעל!" האָט ער אָנגעהויבען צו שטאמלען, „וויין נישט. . . עס איז אזוי ביטער!. . . . פערשטעהסט, איך האָב געמוזט טרינקען . . . דאָס לעבען דערעסען . . . אלע האָבען פון מיר געלאַכט . . . פערשטעהסט. . . וואָס בין איך . . יחיאל איז שוין מיין גלייבען . . . עט, גיטעל! . . . איך האָב שוין פערשפּיעלט מיין וועלט! אוים שמעון! . . . נישטאָ שמעון! א פּורים־שפּיעלער — שמעון! . . . גיטעל, דו נישט וויין . . . איך וועל שטארבען . . . וואָס ארט דיך, גלויב מיר . . . איך וועל שטארבען . . . ראזאָס קאָניעץ! . . .וויין נישט, גיטעל! . . . וויין נישט, גיטעל! . . . באסטא! . . . פערשטעהסט, באסטא! . . . וויין נישט . . ."

ער האָט אראָבגעלאָזען איהר האנד, איז צוגעגאנגען צום זיץ־בעטעל און אראָבגעלאָזען זיך מיט א הערץ־רייסענדען יאָמער. גיטעל אין איהר ווינקעל האָט אויך געוויינט היסטעריש. די קינדער האָבען אונטערגעהאָלפען, שרעקענדיג זיך פאר דעם שכור'ען טאטען.

---

שרעקליך האָט ער זיך געפיהלט, ווען ער האָט זיך אויסגעניכ־טערט. ער האָט גיטלען גלייך אין די אויגען נישט געקאָנט קוקען. ער האָט זיך געשעמט פאר די קינדער, וועלכע האָבען זיך נאָך אלץ געשראָקען פאר איהם און געשטאנען פון ווייטען. עס האָט איהם געברענט דער מארך. ער האָט מורא געהאט א קוק צו טון אויף הינטען, אויף דעם נעכטיגען טאָג.

„רבונו של עולם!, עס פעהלט מיר מעהר נישט!" האָט ער מיט שרעק געטראַכט.

„גיטעל," האָט ער זיך געווענדט צום ווייב, וואָס איז פאַר דער נאַכט עלטער געוואָרען אויף צעהן יאָהר, „גיטעל, דאָס איז איין ערשט און לעצט מאָל. אוי, רבונו של עולם, ווי האָט זיך דאָס גאָר מיט מיר געטראָפפען!..."

גיטעל האָט אונגלויביג געשאָקעלט מיט'ן קאָפּף. נור ער האָט זיך געגלויבט. איהם האָט זיך שטאַרק געוואָלט פערבעסערען זיך, בעקומען צוריק דעם נאָמען, וועלכען — ווי ער האָט געפיהלט — ער האָט פערלאָרען. ער האָט זיך געמאַכט האַרט. ער האָט זיך געשטאַרקט.

נור ביים ערשטען בעוויזען זיך אין גאַס, אין שול'כעל, אין ווערקשטאַט האָט ער זיך פערלאָרען. ער האָט מיט קיינעם נישט געקאָנט רעדען, קיינעם אין די אויגען נישט געקאָנט קוקען. עס האָט זיך איהם שוין געדאַכט, אז יעדער לאַכט פון איהם, אז יעדער קוקט אויף איהם ווי אויף א „בזוי", אויף איין אייביג פעראַכטעטען און פערפלעקטען.

א גאַנצען טאָג איז ער געזעסען איינגעבויגען איבער זיין אַר־בייט, דעם קאָפּף נישט אויפגעהויבען, מיט קיינעם נישט גערעדט און מלחמה געהאַלטען מיט זיך אַליין. ער האָט געוואָלט מונטערער ווערען, אויפלעבען, און איז אַלץ אומעטיגער געוואָרען.

„נאַר! שמיק גאָרנישט!" בייזערט ער זיך אויף זיך אַליין. „ווי איך בין דאָס אראָבגעפאַלען ביי זיך! ווי אַיך ווער דאָס פון אלץ נתפעל! בהמה! טריאפּקע!... אוּ־אוּ־אוּ!..."

ער העבט זיך אָן אויסצולעגען, אז ער האָט קיין פערברעכען נישט בעגאַנגען, אז ער קאָן בלייבען און איז געבליבען דער זעלבער שיינער מענש, וואָס פריער, און אין דער אייגענער צייט דרעהט זיך איהם ארום אין קאָפּף, אז ער איז שוין א פערפאַלענער, אז ער וועט שוין נישט קומען צו קיין תקומה.

„שטאַרבען... שטאַרבען... אויפהיינגען זיך... הייננגען..." בע־

ווייזט זיך איהם ערגיץ אין מח. און עס שטעלט זיך איהם פֿאַר, ווי ער היינגט שוין מיט איין אַרויסגעשטעקטער צונג.

„אַנשכור'ען זיך... אומוואַרפען זיך שכור'ערהייט..." שפרינגט אויף אין איין אַנדער אָרט אין קאָפּף. און ער זעהט זיך שוין, ווי ער פֿאַלט פון די פיס.

עס דערמאָנט זיך איהם, אַז אין דער היים שטעהט נאָך ביי איהם בראַנפען פון פורים. אָט זעהט ער אפילו די פֿלאַש און ווי־פיעל בראַנפען אין איהר איז. עס העבט איהם אָן צו ציהען צום בראַנפען, און ער דערשרעקט זיך פאַר דאָס געפיהל. ער וויל צו־שלאָגען די רעיונות, נישט טראַכטען וועגען דאָס בראַנפען און הערט זיך צו, וואָס רעדט מען אין ווערקשטאַט, אָבער די פֿלאַש שטעהט איהם פאַר די אויגען. און עס ציהט, ציהט, ציהט מיט אַ שרעקלי־כען כח. עס דאַכט זיך איהם, אַז ער הערט אפילו דעם ריח פון דעם בראַנפען.

ביי נאַכט האָט ער מורא געהאַט צו געהן אַ היים. עס האָט איהם געשראָקען די פֿלאַש. ער וועט זיך נישט קאָנען איינהאַלטען און וועט זיך אָנשכור'ן... ער לאַכט אפילו פון זיך אַליין און האָט דאָך מורא.

אין שטוב וויל ער נישט קוקען אויפ'ן שראַנק, וואו דאָס בראַנ־פען שטעהט. ער זיטצט נעבען גיטלען, טרעט פון איהר נישט אָב, ווי ער וואָלט זיך בעהאַלטען הינטער איהר. ער טראַכט, אַז די בעסטע זאַך וואָלט געוועזען אויסגיעסען דאָס בראַנפען און בלייבט זיטצען אויפ'ן אָרט... ער שעמט זיך פאַר גיטלען אַרויסצואווייזען, אַז ער האָט מורא פאַר בראַנפען. ער העבט אָן צו פערפאַסען אין קאָפּף אַ גאַנץ געשפּרעך מיט גיטלען, מיט וועלכען ער וועט אויס־פיהרען, אַז מען דאַרף דאָס בראַנפען אויסגיעסען. נור גיטעל איז אויפגעשטאַנען און אַרויס פון שטוב. ער דערשרעקט זיך. ער קוקט פערלאָרען אין אַלע ווינקעלעך, העבט אָן מיט רעש שפּיעלען זיך מיט די קינדער און... טראַכט וועגען בראַנפען. ער בעשליעסט אַרויס־גיעסען עס. ער געהט צו שנעל צום שראַנק, כאַפּט די פֿלאַש, שטעקט זי אָב... נור עפּיס האָט אַ שטויס געטאָן די האַנד צום מויל...

גיטעל איז אריין. ער איז רויט געוואָרען.

„עט, גיטעל, שוין אַלץ איינס!" האָט ער געשטאַמעלט. „שוין אַלץ איינס, גיטעל!... פערשטעהסט, דאָס הארץ..." ער האָט גע־מאַכט מיט דער האַנד, אָהן ווערטער, „דאָס הארץ... איך וועל משגע ווערען... פערשטעהסט... דאָס הארץ... דאָס הארץ..."

---

און שמעון האָט בעקומען א רויטע נאָז, פערגלאָסענע אויגען...
גיטעל איז אַלט און חשך געוואָרען...
איין אַלטע געשיכטע!

.1896



# אין צוואנגען.

בצלאל האט געפאָדערט, אז זי, זיין ווייב מאשע, זאָל אויך עפּיס טון, ווייל די פינף און צוואנציג רובעל, וועלכע ער נעמט אין דער פּאַפּיראָסען־פאבריק, כאפּט נישט און „עס פעהלט אויף דאָס נויטיג־סטע, ברוך השם." און מאשע פון איהר זייט האט געטענ'עט, אז זי האט גענוג אויף זיך, עס זיינען איהר גענוג די שטוב־זאכען, און גלאט זי קאָן די קינדער נישט לאָזען אליין.

„מען קאָן נעמען צו די קינדער א קליין מיידעל פאר א רובעל א חדש," פערזיכערט בצלאל.

„און עסען? עסען איהר וועט גאָר נישט קאָסטען?" כאפּט זי זיך אָן.

„עסען אויך א זאך! א געזינד — פּטור, נו!"

„ווי הייסט, א וודאי וועט קאָסטען! א פרעמדען קינד וועט מען דארפען געבען גוט עסען."

„ע, ד'וויים," קרימט ער זיך, „ס'וועט קאָסטען עפּיס."

מאשע וויל איהם זאָגען, אז ער איז א גרויסער נאַר, פערשטעהט נישט א חשבון אין בעל־הביתישקייט און וויים אליין נישט, וואָס ער וויל, נור זי האלט זיך איין און פרעגט מיט א ביטערען שמייכעל:

„און וואָס וועל איך טון, אז איך וועל שוין פיהרען געשעפט", (די לעטצטע ווערטער זאָגט זי ארוים איראָניש) „און וועל נאָך אויף דאָס מיידעל נישט פערדיענען?"

„אז דו וועסט טון, וועסט דו פערדיענען," ענטפערט ער פעסט.

„אָט פערדיענט דאָך באשע לאה צוויי־דריי רובעל א וואָך."

„איך וויים נישט... איך קאָן נישט..." שטאמעלט זי און עס

פערדריעסט איהר, וואָס די לעצטעט צייט שטעכט־עֶר איהר שטענ־דיג די אויגען מיט באַשע לאה'ן, מיט „דער שטיק דיענסטציוכע".

„מיט דיר איז נישטאָ, וואָס צו רעדען," זאָגט ער שוין ברגז.

„מיט דיר איז פראַן!" ענטפערט זי איראָניש.

„דו פוילסט דיך," שטעלט ער זיך אונטער צו מאַכען איהר אַ פאָרוואורף.

„אַ ודאי פויל איך מיך! וואָרום זעהסט נישט, ווי ביי דיר איז אין שטוב?" בעליידינט זי זיך.

„אין שטוב... אַ גרויסע זאַך! זי איז שטענדיג מיט איהר שטוב! איך וואָלט עס פאַר אַ פיערטעל שעה אָבּאַרבייטען."

„דו מיט באַשע לאה'ן זייט איהר די גרויסע בריות!..." שטעכט זי זיך. „איך קאָן נישט אָבּאַרבייטען אַלץ פאַר אַ פיערטעל שעה. און אַז איך וואָלט אפילו געקאָנט, וואָלט איך אויך די קינדער נישט געלאָזען אַליין."

„זאָג בעסער, אַז דו ווילסט זיטצען ווי אַ פריצה," בעליידיגט ער זי.

„אַ ודאי אַזוי!" זאָגט זי ביטערליך. „מיינע שונאים וואָלט איך פון דעסטוועגען ווינשען מיין רוהיג לעבען, מיין פריצהשאַפט."

זי האָט איהם געוואָלט שעלטען, נור דאָס וואָלט געוועזען די ערשטע קללה נאָך זייער חתונה, און מאַשע האָט זיך פערכאַפּט. אָבּער רעכט אין כעס איז זי שוין געוועזען און „געקאָכט" אין זיך. ער איז אויך געוועזען אין כעס און ארויסגעוויעזען עס מיט דריקען די ציין.

---

ביי זיך אין פאַבריק האָט ער זיך געקלאָגט פאַר די איבּרינע אַרבייטער, אַז ער וואָלט געלעבט, וואָס מען דאַרף נישט בעסער, ווען זי וואָלט וועלען אַ קלאַפּ טון אַ פינגער אָן אַ פינגער. אַזוי אָבּער וואָס קלעקט עס פינף און צוואַנציג „רובעליעס" אויף פינף מענשען: ער, זי, אַ מיידעלע, וועלכער עס געהט דאָס זיעבעטע יאָהר, אַ אינ־געלע, וועלכען עס געהט דאָס פינפטע יאָהר, און ווידער אַ מיידעלע פון צוויי יאָהר.

„א י ה ר  ארט גאָר נישט,“ קלאָגט ער זיך.

„האָב דיר א ווייב!“ לאַכען פון איהם די בחורים פון דער פאַבריק.

נור ער האָט דאָך חתונה געהאַט פון ליעבע. ער האָט זי אַזוי ליעב געהאַט — ער איז נאָך איהר אויסגעגאַנגען. נאָך דער חתונה האָט ער אַליין נישט געוואָלט, זי זאָל עפּיס טון, אָבער יענמאָלט האָט זי איהם נישט געפאָלגט און איז נאָך א צייט געגאַנגען אין מאַנופאַקטור־קראָם, אין וועלכער זי האָט געדיענט ביז דער חתונה. זי איז שוין געוועזען אין זיעבטען חדש, ווען זי האָט פערלאָזען איהר שטעלע. ער איז געוועזען צופריעדען און, ווען ביי איהם איז געבאָרען געוואָרען די ערשטע „בת־יחידה“, האָט ער גאָר נישט געוואָלט הערען דערפון, זי זאָל געהן צוריק אין קראָם.

נאָכ׳ן דריטען קינד האָט ער זיך אַרומגעזעהן, אַז זיין פּרנסה אַליין איז ווייניג. אגב איז די ליעבע, די ברענענדיגע ליעבע, א ביסעל אָבגעקיהלט געוואָרען און ווייטער האָט ער מקנא געוועזען זיין גוטען פריינד שלמה דעם פאַרבער: שלמה׳ס ווייב, באַשע לאה, האָט כמעט פערדיענט, וויפיעל שלמה אַליין. באַשע לאה איז איהם פון דער צונג נישט אַראָב און ער האָט מאַשען קיין רוה נישט נעגעבען.

---

„און וואָס פאַר א געשעפטען זאָל איך פיהרען? צעהלען אַססיגנאַציעס?“ פרעגט זי, אַז ער האָט זי שוין גוט דערנומען. „אין א שניט־קראָם וועט מען בעסער נעמען א מיידעל, ווי א מאַמע פון דריי קינדער.“

„וואָס דו ווילסט טון, וועסט דו טון, אַלץ בעסער ווי זיטצען צונויפגעלעגטערהייט די הענד,“ ענטפערט ער.

„גוט נו, זאָל זיין אַזוי,“ רעדט זי ביטער. „אָבער וואָס פאַרט זאָל איך טון?“

„אַט באַשע לאה געהט אַרום מיט קאָשיקעס,“ זאָגט ער מיט א האַלבען מויל, ווי ער וואָלט מורא געהאַט.

„זאָל איך אויך ארומגעהן מיט קאַשיקעס ? " דערערדט זי פאַר איהם און דאָס הארץ זידט איהר שוין.

„אַט געהט דאָך באַשע לאה," רעדט ער זיינס און קוקט אויף דער פאָדלאָגע.

„נו, פרעג איך דיך, זאָל איך אויך אַרומגעהן ?" פרעגט זי שוין גיפטיגער און א רויטע פאַרב טרעט איהר אַרוים אויף די באַקען. „גויט... אָרמקייט, דחקות..." קלינגט איהר אין די אויערן, נור זי קוקט אויף איהם און וואַרט אויף איין ענטפער.

„דאָס זאָג איך דאָך, אז דו ווילסט בעסער זיטצען לעדיג," ענט־פערט ער און קנויטשט אָן ברגז די שטערן.

זי וויל איהם שעלטען און האלט זיך ווידער איין. זי ענט־פערט בעסער גאָר נישט און „קאָכט". זי קאָן גאָר נישט בעגרייפען, ווי וואָלט זי, דאָס אמאָליגע געשעפט־מיידעל, יעטצט אַרומגע־טראָגען זיך מיט קאַשיקעס, זי וואָלט פאַר בושה געשטאָרבען. פאַר באַשע לאה'ן איז דאָס א געשעפט: יענע איז איהר גאַנץ לעבען גע־ווען א דיענסט. „אָבער די גויט... די נויט !..." נור זי מאַכט זיך נישט הערענדיג.

---

עס איז געוועזען צוויי טאָג פאַר חמשה עשר בשבט. ער איז געקומען א היים מיט א „נייעם פראָיעקט". באַשע לאה האָט איהם געזאָגט, אז שמחה דער באַקאַליי־קרעמער וויל געבען א טרעגערין א רובעל פאַר צוויי טאָג: פאַר ערב חמשה־עשר און חמשה־עשר.

„די שטוב וועט אין די צוויי טאָג נישט חרוב ווערען און איין עבירה א רובעל," מיינט ער.

זי וואַרפט אויף איהם א גיפטיגען בליק.

„א, איך האָב זיך גאָר פערגעסען, מיט וועמען איך רעד," זאָגט ער בייז און פיהלט, אז נאָך א ביסעל וועט ער שוין גוט אין כעס ווערען. ער וויל אין כעס ווערען.

„וועסט שוין מיך מאַכען פאַר א פשעקופקע, וועסט שוין מיך מאַכען," רייסט זיך ביי איהר אַרוים מיט פערצווייפלונג, נור זי

פיהלט, אז זי איז גאָר נישט גערעכט, אז דאָס איז גאָר קיין טענה נישט.

„מיר שטעהט אָן,“ זאָגט ער קאַלטבלוטיג.

„דו וועסט שוין אין גיכען פּטור ווערען פון געזינד!“ האָט זי שוין שוואַכער געזאָגט.

„אַ גרויל! עס לעבען טויזענדער פּשעקופּקעס, האָבען קינדער און די וועלט געהט נישט אונטער. אָט באַשע לאה...“

„וואָס שטעכסט דו מיך אַלץ מיט באַשע לאה׳ן?“ פאַלט זי איהם אריין אין די רעד מיט היטץ. „באַשע לאה האָט שוין אַ דערוואַקסענע טאָכטער...“

„פּשששש!“ רייסט ער זי איבער. „איין אַכטיעהריג מיידעל...“

„אַלץ באַשע לאה און באַשע לאה,“ רעדט מאַשע פערצווייפעלט און אין איהר העבט אָן צו „רעדען“ מעהר ווי אַלע מאָל די קנאה. „איז איהר גוט, אז זי איז די בריה.“

„ווילסט דו נישט פערדינען דעם רובעל?“ פרעגט ער זי אָנגערוקט.

זי שווייגט. זי קאָן נישט ענטפערן: אַ טרעגערין ווילט זיך איהר נישט זיין; די קינדער איז טאַקי געפעהרליך צו לאָזען אַליין, אין דאָ איז דאָך איין עבירה דער רובעל. ער קוקט אויף איהר און פערשטעהט, אז זי ווייס נישט וואָס צו ענטפערן.

„אַ רובעל, גלייך ווי געפונען,“ רעדט ער, ווילענדיג זי נאָך מעהר איבערצייגען. „ער וועט שטאַרק צו־ניטץ קומען: איך געה דאָך שוין אָהן שטיפעל.“

זי שווייגט. זי פיהלט, אז זי וועט מוזען געהן, נור זאָגען דאָס וויל זי נאָך נישט.

„מאָגסט זיך סמעלע פערלאָזען אויף ציפּינקען — זי איז אַ גרויסער בר־דעת,“ רעדט ער ווייטער.

„אַ בר־דעת איז זי,“ ענטפערט מאַשע ביטערליך, „הלואי זאָל איך זיי געפינען לעבעדיגערהייט.“

„טפורר!“ שיעסט אוים בצלאל מיט די ליפּען, „צו לאָזט מען גאָר נישט ביי לייטען קינדער אַליין? און ציפּינקע איז אַ סך קליי־

גער פאר באשע לאה'ס מיידעלע, כאטש יענע איז עלטער," חנפ'עט ער איהר. „און ווייטער וועסט דו קאָנען אָפט פערלויפען א היים געוואָר ווערען."

„וועסט שוין א סך פערלויפען," ערווידערט מאשע. נור זי פיהלט, אז זי וועט דאָס טאַקי טון.

בצלאל איז געוועזען צופריעדען און האָט אַלץ גערעדט, אז א רובעל געהט נישט באַרפים, און מאשע האָט געזיפצט און געטענה'ט, אז הלואי זאָל זי געפינען די קינדער לעבעדיגערהייט. טרערען זיי־נען איהר געשטאַנען אין די אויגען — טרערען פון פערדראָס, וואָס זי ווערט „א פּשעקופּקע", פון ציטערן איבער די קינדער, פון כעס אויף באשע לאה'ן, פון דעם שרעקליכען געפיהל, אז דער רובעל איז שטאַרקער פאר איהר...

---

אויף מאָרגען זיינען זיי אויפגעשטאַנען פריער, ווי אַלע טאָג. ער איז געוועזען פרעהליך, און זי — אָנגערוקט. זי וואָלט וועלען, עס זאָל זיך עפּיס טרעפען, און זי זאָל נישט קאָנען געהן. נור דאָ צווישען פערדריעסט איהר דער רובעל. און ער האָפט, אז דער ערשטער פערדיענטער רובעל וועט זיין איין עגבויר און זי וועט שוין נישט אויפהערען צו האנדלען.

מאשע, קרעכצענדיג און זיפצענדיג, האָט איינגעהייצט דעם אויוועז און צוגעשטעלט דאָס וואַרמעס, און בצלאל האָט לוסטיג אָנ־געטאָן ציפּינקען, וואָס איז שוין אויפגעשטאַנען.

„די מאַמע געהט אַוועק," האָט ער געזאָגט דעם קינד. „זי געהט אַוועק, זאָלסט דו זעהן, אז פייגעלע זאָל נישט וויינען, מען וועט דיר נייהען א קליידעלע."

„א קליידעלע?"

„א שיין קליידעלע און א סך גוטע זאכען וועט מען דיך געבען."

„גוטע זאכען געבען?"

„יא, זאָלסט דו זעהן, אז פייגעלע זאָל נישט וויינען, און זאָלסט דאָ נישט שלאָגען שמעונ'קען, אז נישט וועט מען דיך שמייסען."

„שמייסען? איך וויל נישט — שמייסען,“ בעליידיגט זיך דאָס מיידעלע.

„טאָ זאָלסט דו זיין א בעל־הבית׳טע.“

„א בעל־הבית׳טע וועט זי דיר זיין!“ ענטפערט מאשע פון אויוועו פערצווייפעלט. „זאָל איך זיי געפינען גאנצע.“

„נו, נו, נו! פטור, נו, נישט קשה!...“ האָט בצלאל איי־אַ־נ־יש געלאכט. „וועסט זיי געפינען גאנצע! וועסט זיי געפינען גאנצע!...“

אַז מאשע איז אוועקגעגאנגען, האָט נאָך שמעון׳קע מיט פייגע־לען געשלאָפען און ציפּינקע איז ארומגעגאנגען איבער דער שטוב, ווי „א בעל־הבית׳טע“, מיט פערלעגטע אויף הינטען הענד און מיט איין ערנסטער, פערזאָרגטער מינע.

פאַר׳ן אוועקגעהן האָט מאשע אָנגעבעטען דער בעל־הבית׳טעס דיענסט „זיין אזוי הארציך און פריינדליך“ און אריינקוקען צו איהר אויף די קינדער.

אָבנעמענדיג צוויי פולע קאָשיקעס ביי שמחה דעם קרעמער, איז זי גלייך פערלאָפען א היים. עס האָט זיך איהר געדאכט, אַז אין שטוב איז געוואָרען א „תל עולם“. אין שטוב איז אָבער געווע־זען רוהיג. פייגעלע איז נאָך געשלאָפען, און ציפּינקע האָט פריינד־ליך פערבראַכט מיט שמעונ׳קען. ער האָט א ביסעל געוויינט, אַז ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, אָבער ער איז באַלד ענטשוויגען געוואָ־רען און פויל צוגעהערט זיך צו ציפּינקעס רעד.

מאשע האָט איבערגעלאָזען די קינדער „גוטע זאכען“: שטיק־לעך באָקסער, טייטלען, פייגען, בייגעל און קיכלעך. ציפּינקען האָט זי איהר חלק אָבגעגעבען אין האַנד, שמעונ׳קען — אריינגע־לעגט אין בעט, אויף וועלכען ער איז געזעסען, און פייגעלעס חלק אוועקגעלעגט אויפ׳ן טיש.

„אַז פייגעלע וועט אויפשטעהן, וועל איך איהר געבען די גוטע זאַכען,“ האָט געזאָגט ציפּקעלע, לעקענדיג איהר טייטעל.

„יאָ, ציפּינקע.“

„איך וועל זי וויעגען און זינגען איהר א ליעדעלע.“

„יא, טאַכטערקע, איך וועל דיך האַלט האָבען ווי א גאָלד."

„מען דארף נישט וויינען, איך וועל נישט וויינען."

„און איך אויך נישט וויינען," שטעלט צו שמעונ'קע פער־שלאָפען.

„זעהט־זשע, קינדער," גיט זיך מאשע פּלוצלינג א כאַפּ. „איך וועל באַלד קומען, וועל איך ברייגנען נאָך גוטע זאכען. דער טאַטע וועט אויך ברייגנען גוטע זאכען..."

„א קליידעלע נייהען," דערמאָנט זיך ציפּינקע.

יא, זאָלט איהר אויפ'ן גאַס נישט ארוים און נישט שטיפען.

זי האָט זיי אָנגעקוסט, געבעטען נאָך א מאָל די דיענסט אכטונג צו געבען, געכאפּט די קאָשיקעס און ענטלאָפען — שוין רוהיגער א ביסעל. מעהר פאר אלץ האָט זי שוין יעטצט געטראַכט וועגען דעם רובעל. זי האָט געפיהלט, אז ער איז איהר „אראָבגעפאלען פון הימעל", אז ער וועט זי פשוט מחיה זיין, ווייל מען האָט טאַקי נישט געקאָנט צוזעהען, נעביך, ווי ע ר — בצלאל — געהט אָהן שטיפעל, כמעט א באָרפיסער. א, אז אזעלכע רובעלס וואָלט געוועזען אָפט!... זי וואָלט זיך קאָנען עפּיס ארומזעהן... נור ווי פּערד'ענט מען זיי... וואו נעמט מען זיי?... און זי דערמאָנט זיך, אז זי ווערט „א פשעקופקע"... זי דערמאָנט זיך אויף די קינדער... באשע לאה שטעלט זיך איהר פאָר פאר די אויגען... און פערדראָס, צער און כעס מישען זיך אין איהר ברוסט. און באַלד שווימט וויעדער ארוים דער רובעל, די טובה, וואָס זי האָט פון איהם. און זי מעסט און וועגט מיט חשק, געשיקט, מעשה בריה, ווי זי וואָלט וועלען אויסנעהמען ביים עולם, כדי מען זאָל ביי איהר ש ט ע נ ד י ג, ש ט ע נ ד י ג קויפען...

און אין דער היים...

---

ציפּינקע איז א דאַר מיידעלע פון הויכען וואוקס, מיט איינ־געצויגענע באקען, מיט לאנגע שווארצע האָר, וועלכע זיינען הייג־טיגען מאָרגען נישט פערבאָרשטען געוואָרען, און מיט בלויע אויגען, וועלכע פינקלען גאנץ לוסטיג. שמעונ'קע איז, פערקערט פון איהר,

קורץ און גראָב; זיין בלאָנדער קאָפּף איז קורץ אָבגעשאָרען; די גרויסע בלויע אויגען קוקען מאַט און פערשלאָפען. ער איז געזעסען אין בעט מיט אלע גוטע זאַכען ארום זיך. ער ריהרט זיך צו זיי נישט צו און קוקט אפילו נישט אויף זיי. ער האָט אָנגעשטעלט זיין פערשלאָפענעם מאַטען בליק אויף דער ענטקעגענדיגער וואַנד. וואו אין דער הויך נעבען איין ארייגעשלאָגענעם טשוואָק האָבען זיך ארומגעדרעהט צוויי פּרייסען. ציפּינקע געהט אום איבער׳ן צימער מיט גרויסע טריט, אונטערשפּרינגענדיג, עסט איהרע גוטע זאַכען און זינגט אונטער אין נאָז. זי וויל זיין א בעל־הבית׳טע און זוכט זיך עפּיס ארביים. זי רוקט איבער א שטול, וויעגט די וויעג, העבט אויף א ברעג קאָלדרע, וואָס האָט זיך אראָבגערוקט אויף ד׳ר׳ערד. עטליכע מאָל איז זי צוגעגאַנגען צום טיש, בעטראַכט פייגעלעס „גוטע זאַכען“, איבערגעביטען איהר באָקסער. זי האָט שוין געהאַט בדעה אָבצוברעכען א שטיקעל באָקסער פון פייגעלעס חלק, נור פייגעלע האָט זיך אויפגעזעצט אין וויעגעלע, ארומגעקוקט זיך, בעטראַכט דאָס צימער, נישט געזעהען די מאַמען און צואווײנט זיך: „מאַמע!“

„שאַ, פייגעלע, די מאַמע געלאָזען גוטע זאַכען,“ שרייט אויס ציפּינקע, כאַפּט פייגעלעס חלק און טראָגט איהם צו צו פייגעלען אין וויעג. זי פּיהלט זיך בעפריעדיגט — זי האָט יעטצט געטאָן א זאַך, פאַר וועלכע מען דאַרף איהר נייהען א קליידעלע.

פייגעלע ווערט שטיל, בעטראַכט א רגע די נאַשעריייען, קוקט זיך ווייטער ארום און צושרייט זיך מיט מעהר כח.

„די מאַמע וועט ברײנגען נאָך גוטע זאַכען,“ טרייסט זי ציפּינקע. „דער טאַטע וועט נייהען א קליידעלע.“

נור פייגעלע ווערט נישט ענטשווייגען. ציפּינקע העבט זי אָן צו וויעגען און זינגען: אַ־אַ, אַ־אַ, אַ־אַ, אַ! נור אין גיכען שטעהט זי אָב און העבט אָן ווײעדער צו בעטראַכטען פייגעלעס גוטע זאַכען. זי בעקומט צו זיי שטאַרק חשק — איהרע האַלטען שוין ביים סוף. זי העבט זיי אָן צו בעטאַפּען, דריקען און אָט האַלט זי זיי שוין אין די הענד.

„סט'עסען הא? סט'עסען?" פרעגט זי די ווײנענדיגע פײגעלע און שפּאַרט איהר אַ טײטעל.

פײגעלע דרעהט אװעק דעם קאָפּ און האַלט אין אײן װײנען.

„נאַ, עס, נאַ!" שפּאַרט איהר ציפּינקע דעם טײטעל און אין הארצען װילט זיך איהר שטאַרק, אַז פײגעלע זאָל זיך אָבזאָגען — יענמאָלט װעט זי זיך בענוטצען מיט'ן טײטעל. פײגעלע קערט װיעדער אָב דעם קאָפּ.

„סט'מיר געבען דעם טײטעל?" פרעגט ציפּינקע װײך.

„אי!" האַקט אָב בײז פײגעלע און װײנט.

„די פײג?"

„אי!"

„איך װעל דיר געבען מײן קיכעל?"

„אי!"

נור ציפּינקע גיט פּלוצלינג אַ כאַפּ דעם טײטעל און שפּאַרט איהם אַרײן אין מויל. פײגעלע מאַכט נאָך גרעסערע קולות.

„איך'ו זאָגען דער מאַמען," זאָגט שמעון'קע פון בעט.

ציפּינקע װאַרפט אַרײן צוריק אין װיעג דעם טײטעל, אָדער ריכטיגער געזאָגט, דאָס בײנדעל פון טײטעל, גיט אַ פיהר מיט דער גאַנצער האַנד פײגעלען איבער'ן געזיכט און לױפט אָב פון װיעג אונ־טערשפּרינגענדיג, גאַנץ צופריעדען פון דעם, װאָס איהר האָט זיך אײנגעגעבען אָבצונאַשען פון פײגעלעס טײטעל.

„איך'ו זאָגען דער מאַמען," חזר'ט שמעון'קע פערשלאָפען און װאַרפט אױף איהר אַ בײזען בליק.

„נאַ, נאַ, נאַ!" שפּרינגט צו איהם אונטער ציפּינקע זינגענדיג און שפּאַרט איהם אַ „פײג" אין געזיכט. „מיר'ט'ן טאַקי נײהען אַ קלײדעלע."

נור שמעון'קע קוקט שױן װײטער אױף דער ענטקעגענדיגער װאַנד. ציפּינקע בלײבט שטעהן נעבען בעט, קראַטצט זיך מיט אײן האַנד אין קעפּעל און מיט דער אַנדערער שפּאַרט זי איהר בײגעל אין מויל. איהר געפעלט צו „מאַכען אַ בײט" מיט שמעון'קען

אויף זיין באָקסער. עס דאכט זיך איהר, אז זיין שטיק איז דיקער, לייננער און... געשמאַקער.

„נאַ דיר מיין באָקסער," ווענדט זי זיך צו איהם. „זעהסט, א גרויס שטיק. גיב מיר דיינעם."

„גע־ה, איך ווי נישט..."

„אַט זעה, א לאַנ־נ־נ־גער שטיק באָקסער."

שמעונ'קע קוקט זיך אפילו נישט אום.

„נאַ דיר נאָך א שטיקעל בייגעל," שטעהט צו ציפּינקע.

„איך ווי נישט!" האקט ער שוין אָב מיט הארץ.

„גראָבאַטש!" זידעלט זי איהם, גיט איהם א קניפּ און ענט־לויפט פון בעט. ער שיקט איהר נאָך אַ בייזען בליק, נור ער פוילט זיך א ריהר צו טון פון אָרט. און ציפּינקע איז שוין ווידער נעבען פייגעלען, וועלכע זיטצט אין וויעג און עסט די נאַשערייען. זי בע־גענענט ציפּינקען מיט'ן אונצופריעדענעם אויסגעשריי: „אי!" און ציפּינקע טרעט גלייך אָב. זי העבט אָן ווייטער ארומגעהן איבער'ן שטוב מיט דער מינע פון א בעל־הבית'טע און ענדיגט איהר נאַ־שעריי. אין א ווײַלע אַרום שטעהט זי שוין ווייטער נעבען שמעונ'קעם בעט.

„איך וועל דיר אָראָבדרעהען דעם קאָפּ," זאָגט זי, אראָב־שלינגענדיג דאָס לעטצטע שטיקעל באָקסער.

„איך דיי איאָבדיעיען," ענטפערט שמעונ'קע פויל און קוקט אויף דער וואַנד.

„איך וועל אָבנעמען דעם באָקסער."

נור שמעון'קע ענטפערט אפילו נישט. ער האָט נישט מורא פאַר ציפּינקען — ער גיט איהר שטענדיג בעסער. ער טראַכט נאָך אפילו באַלד אראָבקריכען פון בעט און אָברעכענען זיך מיט איהר ווי עס דאַרף צו זיין: זאָל זי נור רעדען.

„זעהסט סאַר' א קיכעל איך האָב!" רייטצט זיך ציפּינקע.

נור ער ענטפערט נישט און בלינצעלט שלעפעריג מיט די אויגען; ער העבט אָבער שוין אָן צו ווערען אין כעס.

„דו׳סט מיר געבען דיין טייטעל?“ פרעגט זי מיט א מאָל הער־ציג־גוט.

„איי דיר געבען, יא!“ ענטפערט ער און מאכט מיט׳ן קאָפּ, ווי ער וואָלט זאָגען: „צו ווילסט דו נישט קלעפּ א ביסעל?“

ציפּינקע זעטצט זיך צו אויפ׳ן בעט געגען איהם גאָר קאַלט־בלוטיג, נור איהם געפעלט נישט אזא שכנה.

„איאָב פון בעט! אוועק פון מיי!“ בייזערט ער זיך.

„שמעונ׳קע נאר!“ ענטפערט זי און רוקט זיך נאָך נעהנטער צו.

„אוועק! איאָב!“ שרייט ער נאָך שטארקער.

ציפּינקע גיט זיך פּלוצלינג א לאָז און כאפּט ביי איהם ארויס פון שויס דעם באָקסער. ער צושרייט זיך נישט, נור מיט א מאָדנער בעשלאָסענהייט קריעכט ער אראָב פון בעט און לאָזט זיך נאָך איהר לויפען. זי דרעהט זיך ארום וויעג, נור ער כאפּט זי און לאָזט איהר אריין די ציין טיעף אין האנד. זי לאָזט ארויס א שרעקליכען גע־שריי, פערגעהט זיך, און דערווייל כאפּט זי זיך אָן מיט די נעגעל אָן זיין פּנים. זיי פאַלען ביידע אויפ׳ן וויעג און קערען זיך איבער מיט איהר צוזאַמען. עס ווערט א שרעקליכער רעש, אויף וועלכען עס לויפען אָן די בעל־הבית׳טע מיט דער דיענסט.

ביי ציפּינקען איז די גאנצע האנד פערגאָסען געוואָרען מיט בלוט. שמעונקעס פּנים איז געוועזען אין גאנצען צודראַפּעט, און פּיינעלע איז געלעגען א פערגאנגענע: זי האָט שטארק אָבגעשלאָ־גען דעם קאָפּ און צוגעקוועטשט א פּיסעל...

---

אין א שעה ארום איז מאשע געקומען א היים.

„אויף מיין וואָרט, איך וועל דאָס דערלאנגען אין פּאָליציע!“ האָט די בעל־הבית׳טע בעגעגענט זי מיט קולות. „לאָזען נפל׳עך אליין! א בעל פּרנסה האָט זיך איהר פערוואָלט ווערען! וויל מען זיין א בעל־פּרנסה, דארף מען נישט האָבען קיין קינדער...“

מאשע האָט אויף זיך געריסען דאָס האָר, געשאָלטען דעם חמשה עשר, שמחה דעם קרעמער, באשע לאה׳ן און אפילו בצלאל׳ן...

„איך האָב דען נישט געוואוסט, אז אזוי וועט עס זיין?“ האָט

זי געטענה׳ט, ארומטאנצענדיג ארום די קינדער. „מיט א מאָל פערווילט זיך איהם גאָר, איך זאָל איהם פערדיענען. באשע לאה׳קע געפעלט איהם, ווייל ער פון אונז פטור ווערען — פטור זאָל ער טאקי פון אונז ווערען !..."

אויף די טענות איז בצלאל אנגעקומען ווארמעס עסען.

„וואָס טוט זיך שוין דאָ ?" האָט ער געפרעגט און געבליעבען שטעהן אין טיר.

„זאָל זיך דאָס טון ביי דיין באשע לאה׳קען !" האָט זיך מאשע צו־וויינט. „געה זעה, וואָס עס טוט זיך : צובלוטיגטע, צוהרגעטע, צו־וואונדעטע ! דו האָסט עס דאָך געוואָלט — אָט האָסט דו אויס־געפיהרט !"

„וועט איהר זעהן, אז איך וועל מעלדען אין פאָליציע !" האָט געשריען די בעל־הבית׳טע פון הינטער דער וואנד. „דאָס איז דאָך נישט געהערט געוואָרען, לאָזען פיצלעך אליין ! און איך וואָלט זאָגען, אז דאָס זיינען גלאטע קינדער ! דאָס זיינען דאָך מזיקים, שדים, די ערד רוהט דאָך נישט אונטער זיי ! און וואָס וואָלט געווע־זען, אז זיי וואָלטען נאָך אנמאכען א שרפה ? !..."

„אז אלץ איז ביי מיר נישט ווי ביי לייטען," האָט בצלאל ביי־טערליך געזאָגט און פערצווייפעלט געטראכט, אז ער בלייבט אָהן הילף מיט די פינף און צוואנציג „רובעליעס" א חדש. ער האָט שווער אָבגעזיפצט.

„זאָלסט זאָגען שמחה׳ן, ער זאָל שיקען נאָך די קאָשיקעס. איך וועל פון שטוב ניט ארויס," האָט מאשע איהם אָנגעזאָגט ביי זיין אוועקגעהן.

„גוט," האָט ער שוואך געענטפערט און איז אומעטיג אוועק.

נור אין גיכען האָט מאשע׳ן אנגעהויבען צו פערדריסען דער רובעל. זי האָט זיך אפילו אָנגעהויבען צו שרעקען, אז אָט־אָט וועט מען קומען פון שמחה׳ן נאָך די קאָשיקעס. זי האָט אויסגעלאָזען איהר גאנץ ביטער הארץ צו ציפינקען מיט שמעונ׳קען, צו דער דיענסט, צו דער בעל־הבית׳טע ; האָט נישט געוואוסט, וואָס צו טון, נישט געפונען זיך קיין אָרט אין שטוב.. דער רובעל !... דער

רובעל !... ווי לאָזט מען איהם ארוים פון די הענד ? !... ברעכען זאָל באשע לאה דעם קאָפּ, וואו זי איז !... אז נישט זי, וואָלט זי צו קיין צרה נישט געקומען !... דער רובעל !... דער רובעל !... ער איז דאָך פּשוט א באָרפיסער !... אָבער זי וועט קיין פּשעקופּקע נישט ווערען... וואָס, זי וועט נאָך אפשר ווייטער לאָזען די קינדער אליין ? מען וועט זי דאָך אויף קיין דירה נישט וועלען האלטען... עס איז דאָך א מאָדנע עבירה — דער רובעל... דער רובעל !...

זי כאַפּט די קאָשיקעס און ענטלויפט, אָנזאָגענדיג די קינדער, אז זי וועט זיי א טויט מאכען, אויב זיי וועלען זיך ווייטער צו־שלאָגען.

דער רובעל !... דער רובעל !...

1896.



# ווי אַז שרה לאה איז געקומען צו זיך...

ביינוש דער מויערער איז היינט פרעהליכער וויעדער אַלע מאָל אוועקגעגאַנגען צו דער אַרבייט. ער וועט אַרבייטען נישט ווייט נעבען הויף, אין וועלכען ער וואָהנט און, אַז ער וועט שטעהן אין דער הויך אויף די „ריסטאַוואַניעס", אויפ'ן געריסטע, וועט ער קאָנען זעהן זיין דירה. ער וועט קאָנען לוסטיג מאַכען זיך מיט זיין שרה לאה'ן און שפּיעלען זיך מיט'ן קליינעם „וואָזיק", מיט זיין אינגסטער טאָכטערל, וואָס האָט נאָך אַרומגעפּויזעט. דאָס האָט איהם געקיצעלט און ער האָט שוין פערגניגענד געשמייכעלט. ער האָט צונויפגעקליעבען זיין געצייג אונטערזינגענדיג. פאַרבייגע־הענדיג האָט ער אַ קניפּ געטאָן דאָס עלטערע פינפיעהריגע טאָכ־טערל, אַ שלעפּ געטאָן שרה לאה'ן פאַר'ן קלייד און אַריינגעכאַפּט דעם „וואָזיקס" הענטל אין מויל. ער האָט געשטיעפּט.

„נו, יעצט וועלען מיר הולך'ן," האָט ער געזאָגט און אַרויפ־געלעגט דאָס זעקעל מיט'ן געצייג אויף די אַקסלען. ער האָט אָנגע־קוסט די דריי טעכטער, אַרומגעכאַפּט פאַר דער טאַליע שרה לאה'ן, וואָס האָט איהם בעגלייט ביז דער טיר מיט אַ גלאָז טיי אין דער האַנד, און געזאָגט צו איהר מיט אַ שמייכעל:

„וואָס, אַ אינגעל?"

ער האָט צונויפגעלעגט די ליפּען, ווי אויף אַ קוש צו טון, נור ער האָט נישט אַ קוש געטאָן. ער האָט נור אויסגעשאָסען מיט די ליפּען איהר אין געזיכט: „פּ־פּו!"

די קינדער האָבען זיך צולאַכט.

„פּו!" האָט דאָס „וואָזיק" איבערגעמאַכט, פּויזענדיג איבער דער פּאָדלאָגע.

„געה שוין, געה, משגענער!" האָט שרה לאה ארויסגערעדט מיט ליעבע.

ער איז ארויס.

„געה געזונטערהייט," האָט זי איהם נאָכגערעדט. זי האָט גע־וואָלט איהם נאָך עפּיס זאָגען: עס האָט זיך איהר געוואָלט מיט איהם רעדען, נישט אָבלאָזען איהם אזוי גיך.

„ווען זאָל איך דיר ברייגנען דעם ווארמעס?" פרעגט זי איהם, ארויסגעהענדיג נאָך איהם, כאָטש זי וויים שוין גאַנץ גוט די שעה.

„נישט פריער, נישט שפּעטער," וויצעלט ער, געהט זיין וועג און קוקט זיך נישט אום.

„ביינוש, ווארט!" שרייט זי איהם נאָך אין הויף. „וואָס אנט־לויפסט דו אזוי?"

ער האָט זיך אָבגעשטעלט און אומגעקערט זיך צו איהר מיט'ן פּנים. זי איז צו איהם צוגעגאַנגען.

„טאָמער וואָלט געווען א סברא, אז היינט זאָלסט דו גאָר קומען א היים ווארמעס עסען? דאָ דערביי דאָך."

„דאָס איז א פּלאַן!" האָט ער געענטפערט. „גוט, מיר וועלען שוין זעהן, זאָגט דער תנא. אָבער וואָס, א אינגעל?"

„משגע'נער!" האָט זי ארויסגערעדט מיט א שמייכעל און זיי זיינען זיך צוגאַנגען.

שרה לאה איז שוין געוועזען אין נייגטען חדש מיט'ן פיערטען קינד. זי האָט שוין געווארט פון טאָג אויף טאָג איהר קינדבעט. און איהם האָט זיך שטארק געוואָלט א אינגעל. מיידלעך האָט ער שוין גענוג, „גאַנצע דריי".

„גיב מיר גאָט כאָטש א טוץ אזעלכע מיידלעך," פּלעגט רעדען שרה לאה, דריקענדיג צום הארצען א קינד. „וואָס, זיי זיינען עפּיס ביי מיר א שפּורנע סחורה?"

„ע, דאָס איז גאָר נישט," פּלעגט ער ענטפערן. „מיידלעך זיי־נען גאָר נישט — מעהר נישט קאָפּ־וועהטאָג. אָט, א אינגעל, אָ! עפּיס א יאָט'ל, א יאָלד! א יונג מיט ביינער! א אינגעל, אָ!" ער האָט געהויבען די פויסט און אָנגעבלאָזען די באקען, וואָס האָט גע־

זאָלט בעדרייטען דעם כח און די גבורה, וואָס אַ אינגעל האָט אין זיך.

זינד זי האָט זיך פערנומען מיט'ן פיערטען קינד, הערט ער נישט אויף צו מאָנען אַ אינגעל.

„אַט אַ משגע'נער!" רעדט אַרוים שרה לאה מיט איהר שמייכעל, אומקערענדיג זיך אין שטוב. און ער איז געגאַנגען און געטראַכט, וואָס טוט מען עפּים אָב פאר א שפּיצעל פון די ריסטאַוואַניעס.

ער האָט טאַקי עפּים אָבגעטאָן.

---

אין דער זעלבער גאַס, אויף דאָס דריטע הויז, לינקס פון דעם הויף, אין וועלכען ביינוש האָט געוואָהנט, האָט מען אַרויפגעשטעלט אַ פיערטע עטאַזש. שטעהענדיג אין דער הויך אויף דער לינקער זייט פון מויער, האָט מען געקאָנט זעהן ביינוש'עס הויף, ווי אויף דער האַנד. מען האָט גזעהען, ווער עס געהט ארויף און אַראָב אין הויף. ביינוש'עס דירה איז געוועזען פּונקט ענטקעגען מיט דעם איינציגען פענסטער צום הויף: מען האָט אפילו געקאָנט זעהן, וואָס עס טוט זיך ביי איהם אין צימער.

ביינוש איז אונגעדולדיג געוועזען ביי דער אַרבייט: מען האָט ערשט געמויערט דעם פראָנט. ער פלעגט זיך אָברייסען פון דער אַרבייט, צוגעהן צום לינקען עק פון די ריסטאָוואַניעס, אַ וואָרף טון אַ בליק אויף זיין הויז און אָהן חשק אומקערען זיך צוריק צו דער אַרבייט. דער קאָפּף איז איהם פערנומען געוועזען מיט'ן געדאַנק, וואָס טוט מען אָב פאַר אַ שטיק. צו וואַרפען אין איהר מיט אַ שטיקעל ציגעל? נאַטירליך, וועט ער איהר נישט טרעפען אין קאָפּף, נור גאַנץ אונטען אין פאַרטוך. דאָס וואָלט געוועזען אַ פיין גלייכוועֿרטעל. און אפשר שטעלען איהר אַ פייג? אָדער גאָר מאַכען איהר אַ לאַנגע נאָז? ער לעגט די ציגעל, שיט די וואַפּנע און טראַכט און שמייכעלט. איהם טוט הנאה דאָס שטיק, וואָס ער וועט אָבטון.

ער האָט אָבגעאַרבייט אַ פּאָר שעה און מעהר נישט געקאָנט זיך איינהאַלטען. ער איז צו צום עק ריסטאַוואַניע, האָט זיך אָנגע־

שפּאַרט מיט דער לינקער זייט אָן דער שטעהענדיגער זייל און דעם רעכטען פוס אויסגעשטרעקט אויף הינטען.

ער האָט זיך איינגעקוקט אין זיין פענסטערל. טאָמער וועט ער דערזעהן שרה לאה'ן. נור די זון האָט געשיינט אין די שויבען און ער האָט גאָר נישט געקאָנט זעהן. דאָס האָט איהם אַ ביסעל פער־דראָסען. ער האָט אָנגעהויבען אומצואוואַרפען מיט דער רעכטער האנד: טאָמער קוקט שרה לאה אין פענסטער, וועט זי איהם בע־מערקען. שרה לאה, וועלכע פלעגט אויף אָפט צוגעהן צום פענס־טער, טאָמער וועט זי דערזעהן ביינוש'ען, האָט איהם טאַקי באַלד בעמערקט און איז געשווינד ארוים פון שטוב. ער האָט איהר ארויסגעשטעקט אַ צונג. זי האָט זיך צולאַכט און אָנגעהויבען מאַ־כען מיט די הענד — ער זאָל נישט שטעהן ביים ברעג.

„וואָס, אַ איננעל?" האָט ער אויסגערופען. זי האָט זיין קול נישט געהערט, נור פון זיין בעוועגונג האָט זי פערשטאַנען, וואָס ער האָט געזאָגט.

„משגע'נער!" האָט זי צו איהם אויסגעשריען. „אָבער זעה שטעה נישט אזוי," האָט זי געמאַכט מיט די ליפּען און די הענד.

ער האָט איהר בעוויעזען, אז ער האַלט זיך פאַר דער זייל און ארויסגעשטעקט איהר נאָך אַ מאָל די צונג. און איהם פערווילט זיך זעהען פון דאַנען די קינדער, דער הויפּט דאָס „וואָזיק". ער בע־וויזט איהר מיט די הענד, זי זאָל ארויסברייננען די קינדער.

„דאָס וואָזיק, דאָס וואָזיק, מיר, מיר!" מאַכט ער מיט די ליפּען, וואַרפט אום מיטביידע הענד, ווי צווישען זיי וואָלט ער גע־האַלטען דאָס קינד, און וויזט אָן מיט דער רעכטער האנד אויף זיך.

שרה לאה איז אריין אין שטוב און אין גיכען ארוים פון דאָר־טען מיט'ן „וואָזיק" אויף די הענד און מיט ביידע עלטערע ביים קלייד.

„אָן דער טאַטע, אָן דער טאַטע," זאָגט זי צו זיי און וויזט אָן מיט'ן פינגער, וואו עס שטעהט דער טאַטע. די קינדער זוכען מיט די אויגען.

די עלטערע בעמערקט איהם און העבט אָן אונטערצושפּרינגען :
„דער טאַטע ! דער טאַטע !"

די אינגערע מאַכט שוין אַ וויינענדיגען קול און פרעגט : „וואו טאַטע ? וואו טאַטע ?"

און דאָס „וואָזיק" קוקט תמעוואַטע אין אַלע זייטען. און ביינוש מאַכט גרימאַסען, טשמאָקעט מיט די ליפּען, פּייפט און בלאָזט. ער האָט זיך גאָר פערגעסען, וואו ער שטעהט, וואָס ער האָט צו טון. ער איז געוועזען פערטרונקען אין זיין גליק.

„וואָס איז דאָס, דער האָט שוין גאָר נישט וואָס צו טון ?" האָט זיך דערהערט הינטער איהם אַ געשריי. דאָס איז געוועזען דער ריאַדציק, וועלכער איז ארויף מיט'ן בעל־הבית פון מויער בעטראַכטען די ארבייט. ביינוש האָט אַ ציטער געטאָן, געוואָלט איבערדרעהען זיך, אויסגעגליטשט זיך און...

ער איז אַראָבגעפאַלען אַראָב.

פון דריטען הויף האָט זיך דערהערט אַ הערצרייסענדער אויסגעשריי.

---

אין גאַס איז געוואָרען אַ רעדעל. מען האָט אויפגעהויבען ביינוש'ען מיט אַ צושלאָגענעם קאָפּ. דאָס לינקע אויג איז אַרויסגעקראָכען ; אין מויל האָבען געפעהלט איינינע ציין — זיי זיינען געלעגען דערביי אויפ'ן טראָטואַר, בעדעקט מיט בלוט און מיסט. דאָס גאַנצע געזיכט איז פערגאָסען געוועזען מיט רצועות בלוט, צווישען וועלכע עס האָבען ערטערוויים שרעקליך אַרויסגעקוקט שטיקער געלע הויט. דאָס רעכטע אויג פלעגט ער יעדע ווייַלע פערמאַכען און אויפעפענען. זיין קוק, מיט וועלכען ער האָט געקוקט אויף די אַרומיגע מענשען, איז געוועזען שרעקליך. ער האָט שטאַרק געכראַפּעט, געכאָרכעלט, געקרעכצט. ער האָט געפיהלט אין יעדעם אבר, אז עפּיס שרעקליכעס האָט מיט איהם געטראָפען, נור ער האָט נישט געוואוסט וואָס. איהם האָט וועה געטאָן דער גאַנצער קערפּער. אין קאָפּ איז ביי איהם אַ פייער געוועזען און עפּיס מאָדנע, מאָדנע. ער האָט נישט געקאָנט קלערען, האָט גאָר נישט פערשטאַ־

נען, נור ער האָט עטוואָס געוואָלט פערשטעהן. ער האָט געפיהלט, אז ער דארף יעטצט שרייען, שרייען מיט אַלע כחות. און ער האָט געכראָפּעט מיט אַ שרעקליכען קול.

דאָס רעדעל ארום האָט בעטראַכט דעם גוסס'ען מיט שרעק און עקעל; מען האָט מורא געהאט נאָהענט צוצוגעהן. מען האָט זיך פערגעסען רחמנות צו האָבען — עס האָט נור געעקעלט קוקענדיג.

„מען דארף לויפען נאָך אַ דאָקטאָר,“ האָט עמיץ אויסגעשריען.

„אין הקדש אריין דארף מען איהם אָבפיהרען,“ האָט אַ צווייטער געראטען.

„וואו, ער וועט שטארבען אויפ'ן וואָגען!“ האָט אַ מויערער געזאָגט. „מען דארף איהם בעסער אַוועקטראָגען אַ היים — ער וואָהנט דאָ דערביי, אין דריטען הויף.“

דאָס וואָרט „אַ היים“ האָט פערציעפּעט עפּיס דעם גוסס'ן אין צושלאָגענעם מארך, ארויסגערופען אַ בעקאַנט געפיהל — דאָס הארץ האָט איהם שטארקער אָנגעהויבען צו שלאָגען. ער האָט אויפגעעפענט דאָס רעכטע אויג, בעטראַכט דעם מויערער, שטארקער צוכראָפּעט זיך, געוואָלט עפּיס זאָגען, נור די צונג האָט איהם נישט געפאָלגט און ער האָט גלייך פערגעסען, וואָס ער האָט געוואָלט זאָגען. ער האָט צוריק צוגעמאַכט דאָס אויג מיט אַ כראָפּען, אין וועלכען עס האָבען זיך טרערען געהערט.

מען איז אַוועקגעלאָפען נאָך אַ דאָקטאָר און אייניגע מויערער האָבען צונויפגעבונדען אַ פּאָר טראָג־ברעטער — נאָסילקעס, ארויפגעלעגט אויף זיי ביינושען און אַוועקגעטראָגען אַ היים. ער האָט נישט געוואוסט, וואָס מען טוט מיט איהם, און נור שרעקליך געכראָפּעט, געכאָרכעלט, געקרעכצט. דאָס גאנצע רעדעל איז נאָכגעלאָפען. ער האָט נור געהערט אַ גערויש, געזעהען שאָטענס און גאָר נישט פערשטאַנען.

---

אין דריטען הויף איז אויך געוועזען אַ רעדעל. מיט אייניגע מינוטען פריער האָט מען געזעהען שרה לאה'ן, ווי זי איז געשטאַנען אין הויף און געשפּילט זיך מיט די קינדער. פלוצלינג האָט זי

אַרויסגעלאָזען א שרעקליכען געשריי און אַראָבגעלאָזען זיך אויף ד׳ר׳ערד.

מען איז זיך צונויפגעלאָפען פון די אַרומיגע דירות. שרה לאה איז געזעסען אויף אונטערגעבויגענע פיס, די הענד אין די האָר, די אויגען אויסגעגלאָצט אויפ׳ן מויער, וואָס בויט זיך, און גע־שריען מיט בענומענע קולות: „ראַטעוועט!" נעבען איהר איז גע־לעגען אויף ד׳ר׳ערד דאָס קליינע קינד און פערגאַנגען זיך פון גע־וויין; ביי די זייטען זיינען געשטאַנען די עלטערע צוויי מיידלעך, איבערגעשראָקענע, און געיאָמערט מיט אַלע כחות.

„זעה, וואָס איז דאָס מיט אייך?" האָט זיך געווענדט צו איהר א שכנה.

נור שרה לאה האָט קיינעם נישט געזעהן און נישט געהערט, זי האָט געקוקט אויף איין פונקט. עס האָט זיך איהר געדאַכט, אַז זי זעהט דאָרטין ביינוש׳ען אין דער לופט. עס האָט איהר געשווינ־דעלט אין קאָפּ פון זיין פליהען אָהן איין עק און אָהן א סוף. זי האָט געפיהלט, אַז ער וועט דאָך אַ מאָל דערגרייכען די ערד און וועט זיך צושלאָגען אויף טויט. אָט, אָט דערגרייכט ער די ערד. נור ער טראָגט זיך, טראָגט זיך פאַר איהרע אויגען...

„אַי, ראַטעוועט, האַרצעלעך, ראַטעוועט!" שרייט זי מיט געבעט, נישט אָבּרייסענדיג דעם בליק פון דעם פונקט.

„וואָס זייט איהר משגע געוואָרען, וואָס!" שרייט צו איהר א שכן און שאָקעלט זי שטאַרק ביים אַקסעל.

„אַי, ראַט־ט־טעוועט־ט־ט, ראַט־טעוועט!" בעט זי זיך, נישט בייטענדיג איהר פּאָזע.

אַלע האָבען געפיהלט, אַז עפּיס האָט זיך געטראָפען מיט איהר, נור מען האָט נישט געוואוסט, וואָס. מען האָט זיך אָנגעהויבען צו גלייבווערטלען, גלייך מען וואָלט וועלען דערנעמען זי מיט א וואָרט, אַז זי זאָל קומען צו זיך.

„וואָס זאָל מען אייך ראַטעווען? איהר זייט דאָך אין גאַנצען."

„מען האָט איהר דעם דלות אַוועקגעגנב׳עט."

„אַ רחמנות אויפ׳ן גנב."

נור דאָס האָט נישט געהאָלפען. שרה לאה האָט אַלץ געבעטען אין איין קול ראַטעווען.

„זי איז דאָך טאַקי אויף צ״נ־אמת משגע געוואָרען!“ האָט אַ שכנה בעשלאָסען.

איינעם איז איינגעפאַלען אָבגיעסען זי מיט קאַלט וואַסער. שרה לאה איז אויפגעשפרונגען. עס האָט זיך איהר געדאַכט, אַז ביינוש איז פערשוואונדען געוואָרען. זי האָט אַ שרעקליכען געשריי געטאָן, איז בלייך געוואָרען און געפאַלען ווי אַ פלאַסט אויף ד׳ר׳ערד. מען האָט זי אויפגעהויבען און אַריינגעטראָגען אין שטוב. די קינ־דער האָט מען אָבגעפיהרט צו אַ שכנה.

שוועך איז אָנגעקומען צו דערוואַרטען זיך פון שרה לאה׳ן אויף אַ טאָן. נור באַלד נאָך איהרע ערשטע אויסגעשרייען האָט זיך גע־לאָזט הערען אַ נייער קול: ביי איהר צופוסען איז געלעגען אַ ניי־געבאָרען אינגעל. נור זי האָט עס נישט געפיהלט; זי האָט וויע־דער אָנגעהויבען שרייען און בעטען: „ראַטעוועט, קריינעלעך, ראַ־טעוועט!“ יעצט האָט זי גאָר נישט געזעהען פאַר די אויגען. אַ געפיהל פון אַ שרעקליכען אונגליק האָט זי דורכגעדרונגען אין יעדעם אבר און אַ פינסטערע נאַכט האָט פערצווייגען איהר זין.

אין שטוב האָט זיך דערהערט אַ געוויין פון די שכנות: זיי האָבען שרה לאה׳ס אונגליק נישט געקאָנט צוזעהען.

„מען האָט געדאַרפט לויפען נאָך ביינוש׳ען,“ האָט איינע גע־זאָגט, פערברעכענדיג די הענד.

„וואו געפינט מען איהם? וואו זוכט מען איהם?“ האָט אַ צווייטע געענטפערט פערצווייפעלט.

איין אַלטע שכנה האָט זיך גענומען זיין דערוויילע אַ באָבע. די מאַנסביל האָבען אָנגעהויבען ארויסצוגעהן.

„געמוזט אַפנים האָבען אַ שווער טראָגען,“ האָט איינער פון זיי ערקלערט די סבה פון שרה לאה׳ס שרייען. נור אין דער מינוט האָט זיך דערהערט אַ געררויש הינטער דער טיר. און, אַז די ארויס־געהענדיגע מאַנסביל האָבען אויפגעעפענט די טיר, איז אַלץ קלאָר געוואָרען: נעבען דער טיר זיינען געשטאַנען די מויערער מיט די

טראַגבּרעטער, אויף וועלכע עס איז געלעגען דער צושלאָגענער ביינוש און שווער געכראָפּעט.

„זעהט, וואָס דאָ טוט זיך!“ האָט אויסגעשריען אַ שכנה, בלייך ווערענדיג.

„מען טראָגט איהם אַ געהרגעטען“, האָט אַ צווייטע געשעפּ־ציעט צו די איבריגע ווייבער, ווי זי וואָלט מורא געהאַט, אַז שרה לאה זאָל נישט דערהערען.

„נ־נו!“ האָבען אַלע אויסגעשריען און אַ ריס געטאָן זיך צו דער טיר.

„וואוהין טראָגען זיי איהם?“ האָט אַ שכנה געזאָגט, שטע־הענדיג אין טיר. „אהער קאָן מען איהם נישט אַריינטראָגען.“

„וואוהין דען זאָל מען איהם טראָגען? צו דיר?“ האָט איהר איין אַלטער מויערער גראָב אָבגעשניטען. עס איז איהם זעהר בי־טער געוועזען אויפ'ן הארצען פון רחמנות אויף ביינוש'ען און ער איז געוועזען אין כעס אויף דער גאַנצער וועלט.

„אָבער געהט זעהט, וואָס עס טוט זיך ביי איהם אין דער היים!“ האָט איין אַנדער שכנה געזאָגט. „דאָס ווייב האָט ערשט געהאַט.“

„אַ נאָמען!“ האָט עמיץ געזאָגט אין רעדעל, וואָס איז גע־שטאַנען נעבען טיר. אַ סך האָבען זיך איבערגעקוקט, ווי זיי וואָל־טען בעוואונדערט גאָט'ס אויפטועכטסען.

„אַ אינגעל?“ האָט אַ אידענע נייגיעריג געפרעגט ביי דער צווייטער שכנה.

„אַ אינגעל,“ האָט די שכנה געענטפערט.

דער האַלבטויטער ביינוש האָט אויפגעעפענט זיין איין אויג און בעקוקט די שכנה. ער האָט זי נישט פערשטאַנען, ער האָט נישט געקאָנט בעגרייפען, וואָס עס איז פאָרגעקומען. נור ער האָט עפּים דערפיהלט און עס איז איהם אין איין צייט וואַרם און טרויעריג געוואָרען.

דער אלטער מויערער האָט בייז אָנגעקוקט דאָס רעדעל.

„איז וואָס ווילען מיר שטעהן אויפ'ן גאס!" האָט ער מיט הארץ געזאָגט, און גענומען זיך פאר דאָס ברעט.

„טאָ ווארט זשע כאָטש אויף א ביסעל," האָט די ערשטע שכנה געזאָגט. „מען דארף מאכען, אז די קינדבעטאָרין זאָל איהם נישט דערזעהען. נו, רבונו של עולם!" האָט זי אָבגעקרעכצט, ארייגלויפענדיג אין שטוב. אלע ארומיגע האָבען אָבגעענטפערט מיט א קרעכץ.

און ביינוש האָט געוואָלט עפּיס בעקלערען. ער האָט בעגריפען, אז ער דארף עפּיס בעטראַכטען, דערמאָנען זיך. און ביסלעכווייס, ביסלעכווייס האָט אָנגעהויבען עפּיס ארויסשווימען ביי איהם אויפ'ן מארך. ער האָט דערפיהלט, בעגריפען די הייס; ער האָט דערפיהלט, אז עס ציהט איהם צו עפּיס.

„א ח־ח־ח־ח־ם... א ח־ח־ח־היים"... האָט זיך ביי איהם ארויסגעכאָרכעלט.

„באלד, רב ביינוש! באלד, רב ביינוש!" האָט מען איהם מיט רחמנות געענטפערט.

אין שטוב האָט מען צושטעלט די בעטען איינס גענגען דאָס אנדערע. נעבען דער אויבערשטער העלפט בעט, אויף וועלכען שרה לאה איז געלעגען, האָט מען אוועקגעשטעלט דעם שראנק; פון דעם שראנק האָט מען פערצויגען א שטריק ביז דער וואנד און פערהאנגען מיט א טישטוך און א ליילעך דעם איבריגען טייל בעט. יענמאָלט האָט מען ארייגעטראָגען ביינוש'ען.

---

ער האָט נישט געקרעכצט, ווען מען האָט איהם אראָבגענומען פון טראַגברעט און ארויפגעלעגט אויפ'ן בעט. ער האָט נור אָנגעשטעלט דאָס אויער און איינגעהערט זיך צו שרה לאה'ס שרעקליכע קולות. אין זיינע אויערען האָט פון זיי געראַוישט, געהילכט, געדונערט, נור ער האָט נישט געוואוסט, וועד שרייט עס. עס האָט

זיך איהם געדאכט, אז די קולות געהען פון איהם און ער האָט אימה'דיג אָבגעבראָכען. אָבער ער האָט עפּיס געוואָלט בעקלערען. ער האָט געפיהלט, אז ע מ י ץ פעהלט נעבען איהם, אז ער וויל דעם ע מ י צ ע ן זעהען, אז ער בויינקט נאָך דעם ע מ י צ ע ן. ער האָט בעגריפען, אז ער וויל עפּיס פרעגען, אז ער דאַרף עפּיס פרעגען, נור ער האָט נישט געקאָנט אַרויסקריגען פון זיין צושלאָגענעם קאָפּף, וואָס וויל ער פרעגען. איהם איז זעהר אומעטיג געוואָרען: טרערען האָבען זיך אָנגעהויבען צו קייקלען איבער דער רעכטער באַק און צונויפגעמישט זיך מיט'ן בלוט, און פון זיין האַרץ האָט זיך אַרויס־געריסען א שרעקליך ראָווען. די אַרומיגע האָבען זיך דערשראָקען.

„וואָס קומט שוין נישט דער דאָקטאָר?" האָט עמיץ גע־פרעגט.

„זאָל מען נאָך א מאָל לויפען," האָט נאָך איינער געראַטען.

איינינע האָבען א שפּאַר געטאָן פון שטוב נאָכ'ן דאָקטאָר. מען איז געוועזען צופריעדען, וואָס עס מאַכט זיך א סבה צו פערלאָזען די שרעקליכע סצענע.

ביינוש האָט אָבגעהאַקט דעם געוויין און אָנגעהויבען צו בע־טראַכטען די אַרומיגע. ער האָט קשה'דיג אָנגעשטעלט אויף זיי זיין שרעקליכען בליק. וואָס זיינען עס פאַר מענשען? נור ער קוקט זיך שטאַרק צו. ער פיהלט, אז ער דאַרף אויף זיי קוקען — יענ־מאָלט וועט ער דערזעהען דעם ע מ י צ ע ן. און זיין מאַרך אַרבייט — ער וויל זיך דערמאָנען אויף דעם „עמיצען". פּלוצלינג איז איהם אַרויסגעשוואומען פאַר די אויגען שרה לאה'ס בילד. ער האָט זיך דערמאָנט אויף שרה לאה'ן! איהם איז געוואָרען וואַרם, זיין האַרץ האָט שטאַרקער אָנגעהויבען צו קלאַפּען און א שרעקליך כראָפּען האָט זיך אַרויסגעריסען פון איהם. ביינוש האָט אָנגעשטעלט זיין בליק אויף די אַרומיגע און געזוכט שרה לאה'ן. די אַרומיגע האָבען אָב־געטראָטען פאַר זיין קוק.

„מען האָט זי געדאַרפט איינשטילען. וואָס שרייט זי? זי האָט דאָך שוין אָבגעהאַט," האָט דער אַלטער מויערער געמורמעלט.

ביינוש האָט אוועקגעשטעלט זיין בליק אויפ'ן מויערער. ער האָט נישט פערשטאַנען, וואָס ער האָט געזאָגט, נור ער האָט דער־פיהלט, אז ד ע ר קאָן איהם זאָגען, וואָס מיט א י ה ר איז.

„ווּ־ווּ־וואָס ז־ז־זי ?" האָט ער אויסגעקאָרכעלט און אָנגע־שטרענגט דעם מח צו פערשטעהן, וואָס מען וועט ענטפערן.

„געהאַט !" האָט איהם דער אַלטער געענטפערט. „ווער נור געזונד, ביינוש, וועסט שוין נחת האָבען, אם ירצה השם."

ער האָט ווי פערוואונדערט געקוקט אויף דעם רעדער ; זיין מח האָט שטאַרק געאַרבייט. און ביסלעכווייס איז איהם אַלץ העלער געוואָרען. עפּיס א געדאַנק האָט זיך דורכגעשפּאַרט ! אין זיין רעכטען אויג האָט אויפגעבליטצט א פּיערל.

„געה־ה־האַט !" האָט ער איבערגעחזרט, כאָטש ער האָט נאָך נישט גוט פערשטאַנען, וואָס דאָס בעדייט.

„א אינגעל, א געזונד אינגעל," האָט נאָך עמיץ געזאָגט.

פון הינטער דעם ליילאך איז ארויס א שכנה מיט דעם פער־וויקעלטען נייגעבאָרענעם קינד ביי דער ברוסט. מען האָט צוגע־לאָזען די שכנה מיט'ן קינד צום בעט. זי האָט צוגעטראָגען דאָס קינד צום גוסס'ען פאָטער'ס געזיכט, דער בלינדער קוק פון דעם ניי־געבאָרענעם'ס אונבעוועגליכע אויגען איז געוועזען אָנגעשטעלט אויף דאָס מיט בלוט פערגאָסענע געזיכט פון דעם שטערבענדען.

„א אינגעל, ביינוש, א געזונד אינגעל," האָט דער אַלטער מויערער הארציג־ווייך געזאָגט.

ביינוש האָט נייגיעריג געקוקט אויף דאָס קינד, און באַלד האָט ער אַלץ פערשטאַנען. זיין געזיכט האָט זיך אָנגעהויבען צו בעוועגען, זיין ברוסט — שטאַרקער צו העבען.

„א אינגעל ! א יאַט־ט־ט !..." האָט ער אויסגעקאָרכעלט מיט שמחה און א העב געטאָן פון התפעלות די לינקע האנד. נור די האַנד איז גלייך אראָבגעפאַלען צוריק ; א קראַמפּף איז איהם דורך איבער'ן גאַנצען קערפּער.

„אַ יאַט־ט־ט־ל־ל...“ האָט ער נאָך איבערגעחזרט און זיין רעכט אויג האָט זיך פערדרעהט. ער איז געבליעבען אָהן אָטעם מיט אַ גליקליכען שמייכעל אויף דעם אויסגעקרימטען מויל.

„ברוך דיין אמת,“ האָט דער אַלטער מויערער ארויסגערעדט מיט טרערען, און אַלע אין שטוב האָבען אויסגעבראָכען אַ געוויין.

---

און אַז שרה לאה איז געקומען צו זיך — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

.1896



# גאסען־בילדער.

## 1.

## „עוזר דלים הושיעה נא!“

א זומערטאָג. די זון שרפ'עט, די זון באַקט, און דער עולם קנויטשט די שטערנס, פעררייסט די היטלען ביז'ן נאַקען, פאָכעט זיך מיט די נאָזטיכלעך, און מען איז מודיע איינער דעם אנדערן, אז עס איז זעהר היים.

„אַי, היים! עס איז גאָר נישט איבערצוטראָגען.“

„היים־ס־ס! ניטאָ זיך גאָר וואו צו בעהאַלטען.“

אָבגעשטעלט זיך, אָבגערעדט וועגען דער היץ, אָבגעווישט זיך דעם שוויים, אָבגעפאָכעט זיך און אָבגעבלאָזען און אוועק ווייטער. —

אין רעכטען מיטען גאַס, ווייל פון טראטואר האָט מען אראָבגעטריבען, איבער די שפּיציגע שטיינער פון דעם נישט־גלייכען ברוק געהען צוויי קליינע אינגלעך, ביידע פון א יאָהר צוועלף־דרייצעהן, און טראָגען אויף אַ גראָבען שטעקען א גרויסען, שווערען היינגלייכטער. די קינדער געהען איינגעבויגען אונטער דער שווערער משא און לעגען איבער איטליכע ווײלע דעם שטעקען אויף איין אַנדער אַקסעל. זייערע פּנים'ער זיינען פעררויכערט און בעדעקט מיט פּאַסען — דאָס רינט דער שוויים רצועות־וויים פון קויטיגען געזיכט. די הענד שוואַרץ, די קליידער אָבגעריסען; פון פאָרנט זיינען זיי ארומגעבונדען מיט פארטיכער, וועלכע מען וועט געוויס קיינמאָל נישט דערוואשען.

דאָס זיינען צוויי לערנאינגלעך ביי א בלעכער און טראָגען אָב א פערריכטען פארצייטיגען לייכטער צו איין אַלטען פאַרצייטיגען פריץ.

דער בעל הבית געהט זיי נאָך אויפ׳ן טראַטואַר. דער שטריק, מיט וועלכען דער לייכטער איז צוגעבונדען צום שטעקען, האָט זיך א ביסעל אָבגעלאָזען. דער בעל הבית בעמערקט עס און געהט צו צו פערבינדען בעסער.

„צו שווער,“ קלאָגען זיך די קינדער.

„צו שווער?“ קרימט ער זיך. „איז וואָס האָט איהר מורא, איהר וועט מפיל זיין? היידא, נישט גערעדט, טראָגט! עוזר דלים הושיעה נא!“ — ער האָט דאָס ארויסגעזונגען מיט׳ן ניגון פון הקפות און אומגעקערט זיך צוריק אויפ׳ן טראַטואַר.

אָבגעהענדיג אַ ביסעל, האָט דער הינטערסטער אינגעל אויסגע־לונקען אַ פוס. איהם טוט עס זעהר וועה. ער הענבט אָן צו הינ־קען, ווערט אין כעס און לאָזט אויס דעם כעס צום חבר.

„וואָס שלעפּסטו אַזוי, מאָטעל פּארך!“ שרייט ער בייז אַרויס.

„ווער איינגעבראָכען, פראָמקע לאַבוז! ווער שלעפּט דיך?“ ענטפּערט מאָטעל מיט כעס.

„איך וועל דיר אַ טויט מאַכען, מאָטעל פּארך!“ שרייט פראָמ־קע מיט מעהר בייזקייט. „איך האָב איבער דיר דעם פוס אויסגע־לונקען!“

„ברעך דעם קאָפּ, ווער טשעפּ...“ מאָטעל האקט זיך איבער — ער האָט אויך אַ לונק געטאָן דעם פוס. ער הענבט אָן אונטערצו־שפּרינגען און קרעכצען פאַר וועהטאָג.

„נאַ דיר, אָ!“ רעדט פראָמקע מיט נקמה.

ביי מאָטלען קאָכט דאָס בלוט.

„לאַבוז, איך מאך דיר אַ טויט!“ שרייט ער אויס מיט רציחה און גיט אַ בריק פראָמקען מיט׳ן פוס, אָברייבענדיג דערווייל דעם פוס אָן לייכטער.

„נאָ, נאָ!“ שרייט דער בעל הבית פון טראַטואַר. נור די קינ־דער הערען איהם נישט.

„מאָטעלע פּארך!“ שרייט אויס פראָמקע און גיט יענעם אַ קלאַפּ צוריק.

מאָטעל לאָזט אַראָב דעם שטעקען פון דער אקסעל און וואָרפט

זיך אַרויף אויפ'ן חבר. פראַמקע טוט דאָס זעלבע, און ביידע קינדער האַלטען זיך שוין איינס דאָס אַנדערע פאַר די נעזער.

עס לויפט צו דער בעל הבית און שיט מיט פעטש אויף רעכטס און לינקס. ער נעמט זיי קוים פערנאַנדער.

„בעסער, בעסער!“ גיט מען אונטער חשק דעם בלעכער. „סאַר א שקצים!“

די קינדער, בעגיסענדיג זיך מיט טרערען, צודראַפּעטע ביז בלוט, העבען ווייטער אויף דעם שטעקען מיט'ן לייכטער אויף די אַקסלען און געהען זייער וועג, הינקענדיג, כליפּענדיג, בייז און פער־ביטערט...

„עוזר דלים הושיעה נא!“...

.1894

---

### .2

## דער טרעגער.

משה אהרן דער טרעגער געהט אַרום אַ בלייכער איבער'ן טראַ־טואַר און וואַרפט אומעטיגע, וויינענדיגע און פרעגענדיגע בליקען אויף יעדעם פאַרבייגעהער. ער געהט צו צו אייניגע קראָמען, שטעלט זיך אָב, קוקט אַריין, פרעגט מיט זיין טרויעריגען בליק אויף אַרבייט פאַר זיך און, נישט בעקומענדיג קיין ענטפער, געהט ער אַוועק.

„וואָס גוטס, משה אהרן?“ פרעגט איהם אַ קרעמער, אַ קיי־לעכדיגער איד אין אַ לאַנגער קאַפּאָטע און מיט אַ סאַמעטענעם היי־טעל, און דריקט זיך דערביי דעם בויך און מאַכט אַ זויערע, יסורים'דיגע מיענע.

„אָט, צו איז נישטאָ עפּיס וואָס אָבצוטראָגען,“ ענטפערט ער און קוקט אַריין אין קראָם.

„מיין בויכוועהטאָג,“ קרעכצט אַרויס דער קרעמער.

משה אהרן געהט ווייטער.

„וואָס דארפסט'ע?" בעגעגענט איהם מיט רוגזה א קרעמערין, וועלכע האָט געהאַלטען אין רעדען מיט איהר מאַן אויף גאַנץ הויכע טענער.

„אָט גאָרנישט..." שטאַמעלט ער. „עפּיס וואָלט איך אָבגע־טראָגען."

„אז מען וועט דארפען, וועט מען דיך געפינען," שרייט זי אויס מיט דעם זעלבען טאָן און נעמט זיך ווידער צום מאַן.

משה אהרן זיפצט שווער אָב, און זיין געזיכט ווערט נאָך טרויעריגער. ער געהט צוריק צום עק גאַס, וואו עס שטעהען נאָך א סך טרעגער. זיין אונגליקליך געזיכט וואַרפט זיך זיי אין די אויגען.

„וואָס איז עס מיט דיר, משה אהרן?" פרעגט איהם איינער.

„דאָס ווייב געהט מסתמא דאָס צעהנטע מאָל צו קינד," ענט־פערט א צווייטער פאַר איהם.

„די דריי מאָל, וואָס זי האָט מפּיל געוועזען, רעכענסטו א פּנים גאָרנישט!" לאַכט א דריטער.

משה אהרן קוקט אויף די פאַרבייגעהער און מאַכט זיך נישט הערענדיג די חברים'ס רעד.

„אין דער'אמת'ן, וואָס איז עס מיט דיר, משה אהרן?" פרעגט איהם ווידער דער ערשטער.

„וואָס זאָל זיין?" רעדט ער ארויס מיט האַרץ און קערט אום דאָס געזיכט צו די חברים. „וואָס זאָל זיין, אז מען עסט דעם פיערטען טאָג נור טרוקען ברויט? וואָס זאָל זיין, א פיערטען טאָג, אז מען פערדיענט נישט?!"

ער קוקט א ווײַלע אויף די חברים מיט ביטערקייט און פער־אכטונג און קערט אָב פון זיי דאָס געזיכט.

די חברים בלייבען שטיל. קיינעם ווילט זיך שוין נישט גלייכ־ווערטלען, און מען קוקט אַריין אין גאַס מיט א שווערען געמיט. עס הערען זיך שווערע זיפצען.

„איך האָב שוין אויך דעם אַנדער טאָג א גראָשען נישט פער־דיענט," רייסט איינער איבער דאָס שווייגען.

קיינער ענטפערט נישט א וואָרט. מען זיפצט נור שווער אב

און מען צוגעהט זיך. משה אהרן העבט ווייטער אָן ארומצודרעהען זיך צווישען די קראָמען.

„מש׳ אהרן! מש׳ אהרן!" רופט איהם א ווײלע שפּעטער א טרעגער. „געה, ס׳אי׳דאָ א קאַסטען אָבצוטראָגען. געה, נעם... ביי זאַלבערגען. האָסט׳ע כח?"

„ס׳וועט זיך געפינען!" ענטפערט ער און אײלט אװעק.

א זעקס־פּודאָוװער קאַסטען. ער קאָן איהם קוים ריהרען פון אָרט. ער שטעהט א ווײלע און קלערט, צו זאָל ער איהם נעמען, צו נישט. אין קראָם מיינט מען, אז ער בעקלערט, ווי בעסער אויפצוהעבען די משא.

„שטעל איהם ארויף אויפ׳ן גרויסען זאַק," ראַט איהם דער משרת און ווייזט איהם אָן אויף א זאַק מיט שטריק, נישט ווייט פון קאַסטען.

ביי איהם בלייבט צו נעמען דעם קאַסטען: זאָל ער איהם נור האָבען אויפ׳ן רוקען, וועט ער שוין געהן.

„קום העלף ארויפשטעלען," ווענדט ער זיך צום משרת.

„און אליין?" זאָגט דער משרת און געהט פון דעסטוועגען העלפען.

ביי די ערשטע פּאָר טריט איז משה אהרן שיער נישט אומגעפאַלען.

„שיכור ביזטו, וואָס?" שרייט מען איהם פון קראָם.

„יא! שיכור!" ברומט ער אָב און געהט אַוועק.

דער טרעגער, וועלכער האָט איהם איבערגעגעבען דעם קאַסטען, בעגעגענט איהם און פרעגט מיט רחמנות:

„שווער?"

„און אז שווער, איז וואָס?" ענטפערט ער אָב בייז פון אונטער׳ן קאַסטען.

ער קאָן קוים א טריט מאַכען, נור ער שטאַרקט זיך. ער וועט בעקומען צוואַנציג קאָפּיקעס.

עס העבט איהם אָן צו שווינדלען פאַר די אויגען. דאָס בלוט האָט אָנגעשפּאַרט אין קאָפּף. דאָך ער געהט. ער זעהט שוין דאָס

הויז, וואוהין ער דארף צושטעלען דעם קאַסטען.

אָבער דער שווינדעל אין קאָפּף ווערט שטאַרקער. עס דוכט זיך איהם, אז עמיץ האָט איהם לייכט א שטויס געטאָן אין זייט, און ער פאַלט ערגיץ טיעף, טיעף... עס ווערט איהם אזוי גרינג אויפ'ן רוקען — ער פיהלט גאָר די משא נישט. עס איז איהם נור א ביסעל שוואכליך ביים הארצען, און דאָס פאַלען אין די טיעפקייט איז אויך עפּיס נישט שטאַרק אנגענעם. עס ציטערט אין איהם דאָס הארץ, ער זאָל זיך נישט צושלאָגען, אראָבפאַלענדיג. נור אָט דערגרייכט ער דעם גרונד פון דער טיעפענים — ער גיט א ציטער און גלאָצט אויס די אויגען...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

און ווייל דאָס איז געוועזען אין חלי־רע צייט, איז פאָרגעקומען אין גאַס אזא מין געשפּרעך:

„וואָס איז דאָס געוועזען פאַר א רעדעל?"

„א טרעגער איז אוועקגעפאַלען."

„געשטאָרבען?"

„וואָס דען?"

„וואָס? פון חלי־רע?!"

„ווער ווייס!"

„אז די קבצנים עסען זיך אָן מיט שדים ווייסען וואָס!"

.1894

———

.3

## אויסגעצייכענטע באַרנעס.

חנה דאָבע איז געגאַנגען אין מיטען גאַס מיט צוויי קאָשיקעס, איבערגעפּילטע מיט באַרנעס, אויףביידע הענד. זי איז געגאַנגען איינגעבויגען מעהר אויף דער לינקער זייט, ווייל דער קאָשיק פון דער רעכטער האַנד איז געוועזען גרעסער און שווערער.

א זיסער שמייכעל איז צוגאָסען געוועזען איבער איהר פּנים. זי איז געגאַנגען מיט גרויסע, פרעהליכע טריט, מיט'ן קאָפּ צו דער ערד, פערטיעפט אין זיסע געדאַנקען.

זי איז געוועזען צופריעדען מיט גאָט, מיט זיך אליין, מיט דער גאַנצער וועלט. און די זון לייכט טאַקי אַזוי העל און אַזוי שיין, ווייל איהר, חנה דאָבען, איז יעטצט מאָדנע פרעהליך אויפ'ן הארצען.

ניין, עס האָט זי געדריקט צום לאַכען. צייטענוויים האָט זי זיך אומגעקוקט. זי וואָלט וועלען דערזעהן א בעקאַנטע און דורכ־רעדען זיך, אויסדערצעהלען דאָס גרויסע גליק, וואָס איהר האָט גע־טראָפען.

א גליק, גאָר נישט קיין מענשענגליק. עפּיס ווי דאָס האַרץ האָט איהר געזאָגט, זי זאָל היינט געהן צו סווידערסקי דעם גערטנער.

עס דוכט זיך איהר, אַז עפּיס האָט זיך איהר גע'חלום'ט וועגען דעם. עפּיס האָט זיך איהר די גאַנצע נאַכט ארומגעדרעהט אין קאָפּ... ניין, בייליע די קרעמערין האָט זיך איהר גע'חלום'ט, ווי יענע האָט איהר צוגעשטעלט איין איבריג פונט זאַלץ, און זיי האָבען זיך צוקריעגט.

„טפו מיינע שונאים!" בייליע ליעגט שוין פון צוויי חדשים אין קבר. זי האָט געקאָנט ד י מ ל א כ ה, „זאָל זי מיר מוחל זיין."

אָבער טאַקי מאָדנע. ווי זי האָט אויפגעעפענט די אויגען, איז איהר גלייך ארויפגעקומען אויפ'ן זין, אַז מען דאַרף פּרובען א געה טון צו סווידערסקין.

און נעכטען איז זי ארומגעגאַנגען דעם גאַנצען טאָג און גע־קלערט: „געוואַלד, גאָטעניו, שטאַרקינקער פאָטער, רבונו של עולם, מאַך איך זאָל עפּיס פערדיענען, מאַך..."

זי האָט איהם נאָך גענומען אויסצורעכענען, אויף וואָס זי דאַרף און ווי נויטיג זי דאַרף. און ער האָט טאַקי געזעהן, אַז זי האָט רעכט.

אָה, אַז ע ר וויל, קאָן ע ר!

זי האָט זיך אומגעקוקט. אָט דאָס טאַקי אַלץ דאַרף מען דער־צעהלען די אַנדערע הענדלערקעס. זאָל מען זעהן, וואָס פאַר אַ גאָט מיר האָבען און וואָס פאַר אַ זכות זי האָט.

אהא, נעבען טראַטואַר שטעהט ריבה יענטע. זי איז אפילו אַ גרויסער „בעל מקנא“, פערגינט נישט, אז דער אַנדערער פער־דיענט אַ גראָשען. מיט איהר דאַרף מען קיין שטאַרקע מחזקות נישט מאַכען. נור חנה דאָבע קאָן זיך נישט איינהאַלטען. זי מוז איהר כאָטש בעווייזען די סחורה, זי וועט איהר קיין שום מעשות נישט דערצעהלען. זי האָט אָנגעהויבען צו שפּרייזען צו ריבה יענטען.

יענע האָט שוין פון חנה דאָבעס געזיכט פערשטאַנען, אז ביי איהר מוז „עפּיס“ זיין.

„וואָס טראָגסטו גוטס, חנה דאָבע?“ האָט זי געפרעגט און שטאַרק איינגעקוקט זיך אין חנה דאָבען.

חנה דאָבע איז צוגעגאַנגען, אָבגעשטעלט זיך און אויסגעגלייכט דעם רוקען.ביידע קאָשיקעס אָבער האָט זי געהאַלטען אויף די הענד, נישט אַראָבגעלאָזען אויף דער ערד. דאָס האָט זי געטאָן מיט אַ כיון: איהר קויף זאָל זיך עפּיס מעהר וואַרפען אין די אויגען. און גלאַט איז ער איהר געוועזען צו טייער, זי זאָל איהם אַראָב־שטעלען אויף דער ערד. און זי האָט אויסגעזעהען שטאָלץ און פער־גניגט. זי האָט נור געשמייכעלט. דאַרף זי דען עפּיס ענטפערן?

ריבה יענטע האָט גענומען בעטאַפּען די באַרנעס. חנה דאָבע האָט איבערגעטראָגען איהר בליק פון ריבה יענטען אויף די באַרנעס און פון די באַרנעס אויף ריבה יענטען, און געפיהלט זיך פאַר די גליקליכסטע אין דער וועלט.

„פיינע באַרנעס! וואו געקויפט?“

„פ י י נ ע באַרנעס!“ האָט חנה דאָבע איבערגע׳חזר׳ט מיט גאוה און עטוואָס פערדראָסיג: נור אזאַ „בעל מקנא“ ווי „ריבה יענטוך“ קאָן זיך אזוי אויסדריקען. „פשוט צוקער!“ האָט זי פער־בעסערט מיט התפעלות. „צוגעהען אין מויל!...“

„וואו געקויפט?“

מען האָט שוין טאַקי געקאָנט הערען אין ריבה יענטעס קול א ביסעל קנאה. און חנה דאָבע האָט קורץ אָבגעשניטען:

„וואו געקויפט? געקויפט!"

ריבה יענטע איז שוין געוואָרען ברגז. זי וואָלט מיט פערגני־גען אָבגעזאָגט א שטעכוואָרט, נור זי האָט זיך איינגעהאַלטען און רוהיג געפרעגט:

„האָסט געצאָלט..." און זי האָט אַליין אָנגערופען דעם פּרייז.

„האַ־האַ־האַ, אוהום!" איז געוועזען חנה דאָבעס ענטפער.

„אפשר עפּים טייערער?"

„האַ, האַ! א העלפט דערפון, זאָל איך אזוי לעבען מיט דיר, א העלפט דערפון!"

„אַך, נו, פּטור, נו!"

„איך זאָג דאָך דיר, זאָל איך אזוי לעבען מיט דיר... זאָל איך אזוי האָבען..."

„א מציאה, פּשוט פון א גנב," האָט ריבה יענטע געמורמעלט דורך די ציין.

„טאַקי א מציאה!"

חנה דאָבעס פּנים האָט געלויכטען פאר גליק און שטאָלץ. זי האָט שוין געמאַכט א בעוועגונג אוועקצוגעהן, אָבער עס איז זיך איהר נאָך נישט געגאַנגען. עס איז איהר געפעלען געוועזען ריבה יענטעס איבערראשונג, און עס האָט זי געצויגען פאר דער צונג צו דערצעהלען, ווי זי האָט זיך נעכטען דורכגערעדט מיט דעם טייערען גאָט, ווי עס האָט זיך איהר גע'חלום'ט ביילע די קרעמע־רין... זי איז געבליעבען שטעהן און געקוקט אויף ריבה יענטען מיט איהר גליקליכען שמייכעל אויף די ליפּען.

„וואו פּאָרט געקויפט?" האָט ריבה יענטע געפרעגט, קוקענ־דיג מיט קנאה אויף חנה דאָבעס „שמעלצענדיג" געזיכט.

„וואו געקויפט! נישט גע'גנב'עט. בעצאָלט גוט געלד, אזא שטיק גאָלד זאָל איך האָבען."

נאַ, יעטצט קאָן זי שוין אוועקגעהן. אין ריבה יענטעס אויגען האָט אויפגעבליצט אַ בייז פּייערל און אויף די ליפּען האָט זיך ב...

וויעזען א שטעכעדיגער שפּאָט־שמייכעל. נור אָן געהען דבורה רייזע מיט באַשע טעמען, ביידע מיט קאָשיקעס אויף די הענד. און חנה דאָבע איז געבליעבען שטעהן. זי האָט מעהר נישט אויסגע־דרעהט זיך מיט איהר „שמעלצענדיגען“ פּנים צו די אָנקומענדיגע הענדלערקעס און געמאַכט זיך, ווי זי האָט גאָר פערגעסען, אז ריבה יענטע איז פאַראַן אויף דער וועלט. נור ערגיץ ווייט אין זיך האָט זי גע'חזר'ט, אז ריבה יענטע איז א רשעת, א נישט פערגינערקע, א גרויסע „בעל מקנא“.

„גוטען טאָג!“

„גוטען טאָג, גוט יאָהר!“

„וואָס זאָגט איהר אויף איהרע באַרנעס?“ האָט ריבה יענטע גלייך געפרעגט, אָנווייזענדיג מיט'ן קאָפּ אויף חנה דאָבען.

קנאה האָט זיך געהערט אין קול און חנה דאָבע האָט עס שטאַרק געפיהלט. נור זי האָט זיך געמאַכט ווי זי הערט נישט און גע־קוקט מיט'ן גליקליכען שמייכעל אויף די אידענעס, וועלכע האָבען בעטראַכט און בעטאַפּט און בעוואונדערט איהרע באַרנעס.

„שיינע באַרנעס. ווי טייער בעצאָלט?“

ריבה יענטע האָט געענטפערט מיט דעמזעלבען קנאה־טאָן, און חנה דאָבע האָט נאָך שטאַרקער געשמייכעלט. ביידע ווייבער האָ־בען אויסגעשטעלט די אויגען פון פערוואונדערונג.

„אָט א מציאה! וואו געקויפט?“

זעקס פּאָר אויגען האָבען אויף איהר געקוקט. ריבה יענטע'ס אויגען האָבען „געשטאָכען“ — חנה דאָבע האָט איהר בליק נישט געזעהן און דאָך געפיהלט איהם. אָבער יעטצט האָט זי געוואוסט, אז דבורה רייזען מיט באַשע טעמען וואָלט זי אויך נישט דער־צעהלט, ווייל... זי ווייס אליין נישט, פאר וואָס. עס דוכט זיך איהר מעהר נישט, אז זי טאָר נישט דערצעהלען, ווייל דאָס קאָן איהר שאַדען.

און עס ווילט זיך איהר דערצעהלען, א גרויל! מיט וואָס פאַר א פערגניגען, וואָלט זי זיך צורעדט וועגען דעם, ווי סווידערסקי איז איהר ארויף אויפ'ן מח, באַלד ווי זי האָט אויפגעעפענט די אויגען,

ווי גוט סווידערסקי איז זיך מיט איהר בעגאנגגען, ווי ער האָט גע־זאָגט, אז דאָס איז נור איהר צוליעב, ביי איין אַנדערער וואָלט ער געגומען טייערער... זי וואָלט טאַקי אָנגעזאָגט א פּאָר ליגען און גע־שוואָרען אויף זיי מיט צעהנדליגע שבועות.

דבורה רייזע און באַשע טעמע, נישט דערוואַרטענדיג זיך אויף איהר ענטפער, האָבען אריבערגעטראָגען זייער בליק אויף ריבה יענטען: פּיעללייכט וויים זי?

„דאָס איז ביי איהר א סוד," האָט ריבה יענטע געזאָגט און נעקרימט מיט'ן מויל.

„א סוד!" האָט זיך באַשע טעמע אָנגעכאַפּט מיט איראָניע.

„א סוד? עס איז גאָר קיין סוד נישט," האָט חנה דאָבע גע־זאָגט מיט איהר שמייכעל. „וואָס איז דאָ פאר א סוד? וואָס זאָל איך מורא האָבען? עס איז גאָר קיין סוד נישט! וואו געקויפט? גע־קויפט! נישט גע'גנב'עט."

זי איז געווען צופריעדען מיט'ן ענטפער און געפיהלט, אז עס איז יעטצט גלייכער „אָבצוטראָגען זיך". נור דבורה רייזעס ווערטער האָבען זי אויפגעהאַלטען.

„זעה, ווי זי וויל נישט זאָגען," האָט דבורה רייזע געזאָגט מיט פעראַכטונג. „האָב קיין מורא נישט, מען וועט ביי דיר נישט אויס־כאַפּען!"

„וואָס זאָל איך מורא האָבען? איך האָב גאָר קיין מורא נישט! די וועלט איז דען קליין?" האָט חנה דאָבע געענטפערט און גע־מאַכט שוין א פּאָר מאָל די בעוועגונג אויף אוועקצוגעהן.

„א גוטע, א גוטע! אַזאַ יענע וועלט..." האָט זיך ריבה יענטע געשטאָכען. זי וואָלט מיט פערגניגען א שטופּ טון יעצט חנה דאָבען, אָדער אונטערשטעלען איהר א פוס, און אויסשיטען איהר די באָרנעס.

„האָב דו די יענע וועלט!" האָט חנה דאָבע אָבגעשאָלטען צוריק. „וואָס שילסטו זעך נאָך? איך האָב עפּים דיינע פער־נומען?"

„מעהר וואָלט דיר נישט געפעהלט!" האָט ריבה יענטע געזאָגט

מיט נצחון. „וואָס, וואָס, אקעגען דיר וואָלט איך שוין געקאָנט ביישטעהן! איך וואָלט דיר דאַכט זיך די אויגען אַרויסגענומען.“

און ריבה יענטע קומט אַלץ מעהר צום בעשלוס, אַז, אויב חנה דאַבע וועט נאָך שטעהן, וועט זי זי אַ שטויס טון פון זיך, אַז זי וועט קלייבען די באַרנעס מיט די ציין צוזאַמען.

עס איז געוואָרען אַ קריעגעריי. חנה דאָבען האָט זיך יעטצט געדאַכט, אַז זי האָט זעהר גוט געטאָן, וואָס זי האָט די אַרורות נישט דערצעהלט, און גענומען אין זיי נקמה, וואָס זיי ווייסען טאַקי נישט, וואו זי האָט געקויפט די באַרנעס. זי האָט שוין עטליכע מאָל אויסגעשפּייט און געמאַכט אַ פּאָר טריט אויף אַוועקצוגעהן און יעדער מאָל אומגעקעהרט זיך אַבצוענטפערן אויף אַ קללה אָדער אַבצולאָזען אַ שטעכוואָרט. לעדיגגעהער האָבען זיך אָבגעשטעלט: עס איז געוואָרען אַ קליין רעדעל. און ריבה יענטע האָט שוין אויפגעהויבען די הענד, אַ שטויס צו טון חנה דאָבען. נור פּלוצלונג האָט איינער פון רעדעל אַ ברום געטאָן, אַז עס געהט אַ גאָראָדאָוואָי. די ווייבער זיינען גלייך געקומען צו זיך און געלאָזען זיך ענטלויפען.

„אַ זשידאָווקי!“ האָט דער גאָראָדאָוואָי אויסגעשריען, דערזעהענדיג די ענטלויפענדיגע אידענעס. און עס האָט זיך איהם פערגלוסט אָבצוטון אַ העלדענטאַט: כאַפּען אַ „זשידאָווקע“ און צושטעלען זי אין צירקעל — דערביי נאַטירליך וועט מען האָבען אומזיסטע פרוכטען. ער האָט גלייך בעמערקט, אַז חנה דאָבע מיט איהרע אָנגעלאָדענע קאָשיקעס לויפט שווערער פאַר די אַנדערע, און געלאָזען זיך נאָך איהר.

„אַי, מאַמינקע, מאַמינקע!“ האָט זי געשטאַמעלט מיט שרעק, פיהלענדיג הינטער זיך דעם גאָראָדאָוואָי. „אָי, גאָטעניו, גאָטעניו, ראַטעווע...“

עס איז אַראָבגעפאַלען אַ באַר, און נאָך איינע, און נאָך איינע, און „אַ סך“ מיט אַ מאָל.

„גאָט אין הימעל! רבונו של עולם!“ עס ברעכען זיך איהר אונטער די פיס. זי וואָלט כאָטש וועלען אַ קוק טון מיט איין אויג, וואוהין זיי האָבען זיך פערקייקעלט, וואו זיי ליעגען, וואָס טוט זיך

מיט זיי. נור פון אלע זייטען רופט מען איהר צו, זי זאָל שנעלער לויפען.

„גיכער, גיכער, גיכער...“

עס פערכאַפּט דער אָטעם ביי די ארומיגע אידען. זיי ווילען נישט, אז דער גאַראָדאָװאָי זאָל זי כאַפּען. זיי ווייסען, אז עס וואָלט גוט געװעזען אונטערצושטעלען איהם א פוס, אויפצוהאַלטען איהם ווי עס איז, און קוקען צו מיט אַ פערכאַפּטען אָטעם, צו וועט ער זי דעריאָגען צו נישט, און שרייען:

„גיכער, גיכער, גיכער...“

זי איז פערלאָפען אין א הויף, אריינגעכאַפּט זיך אין א געשעפט און איז „נעלם“ געװאָרען. אז דער גאַראָדאָװאָי איז צו צום טויער, האָט ער זי שוין מעהר נישט געזעהן. ער האָט זיך אָבגעשטעלט, אראָבגענומען דאָס היטעל, אָבגעווישט זיך דעם שוויים און געקוקט אויף די אידען מיט זעהר בייזע אויגען. די אידען האָבען געקוואָלען, אָבער נישט געקוקט אויף איהם. זיי פערשטעהען אַ געשעפט: מען דאַרף איהם יעטצט נישט רייצען. נור ער זעהט זייער שטעבעדיגען שמייכעל, ער פיהלט זייער נקמה, און ער זידלט אלע אידען בכלל, און טרייבט פערנאַנדער די ארומיגע מיט קללות און קלעפּ, און בעשליעסט צו בלייבען שטעהן נעבען טויער און וואַרטען. אַ פּאָר אידען זיינען אריין אין הויף מתרה זיין חנה דאָבען.

און חנה דאָבע איז געזעסען אין איהר פערבאָרגענעם אָרט קוים אטמענדיג און געוויינט — געוויינט אויף די פערלאָרענע באַרנעס. דאָס איז איהר גאַנצע פרנסה! אבי זי האָט שוין געמיינט און געפרייט זיך... אפשר האָט עס זי גאָט געשטראָפט דערפאַר, וואָס זי האָט נישט געוואָלט דערצעהלען די הענדלערקעס, וואו זי האָט געקויפט? און... זי שילט זיי מיט טויט־ביטערע קללות, די נישט־פערגינערקעס, אז ווען נישט זיי, וואָלט זי צו קיין צרה נישט געקומען.

פון די באַרנעס אין גאַס איז געוואָרען א „תל עולם“. א סך זיינען צודריקט געוואָרען פון פוהרען און דראָשקען און דעם רעסט האָבען אויפגעהויבען אייניגע טרעגער. זיי האָבען זיי אויפגעגע־

הויבען, מיט א פערלעגענהייטס־שמייכעל ארומקוקענדיג ארום זיך, ווי זיי וואָלטען זיך געשעמט פאר דעם געדאנק, וועלכער האָט זיי געהייסען איינבויגען זיך און אויפהעבען די בארנעס. א רגע האָבען זיי בעטאפּט די פּרות מיט זייער פערלעגענהייטס־שמייכעל און גע־טראכט דערביי, אז מען דארף צושטעלען דער הענדלערקע איחר סחורה, איהר אייגענס. נור גלייך זיינען שוין איינעמ׳ס ציין גע־שטאנען אין א בארנע און די אנדערע האָבען איהם נאָכגעמאכט.

„אויסגעצייכענטע בארנעס, ווי?“

און איינער האָט אויפגעהויבען א פּאָר בארנעס, בעטראכט זיי און אריינגעלעגט אין קעשענע — פאר די קינדער. און גלייך איז ער אריין אין הויף, האָט אויפגעעפענט די טיר פון דער קראָם, וואו חנה דאָבע איז געזעסען, אריינגערוקט דעם קאָפּף און פריינדליך ארויס־גערעדט:

„זיצט נאָך, אידענע, דער הונט איז נאָך ביים טויער.“

.1898

---

.4

## דאָס מענשענרעדעל.

א פערד איז געפאלען.

„א באלעריע זאָל אויף דאָס קומען!“ האָט זיך אויסגעשאָלטען ־ער בעל עגלה, א קליין, מאָגער אידעל מיט א געלען שיטערען בער־דעל, און אָנגעהויבען אראָבצוקריכען פון וואָגען.

אייניגע פאָרבייגעהער האָבען זיך אָבגעשטעלט. עטליכע קינ־דער זיינען צוגעלאָפען, נאָכמאכענדיג אויפ׳ן וועג א לויפענדיגען פערד, אונטערבויגענדיג די פיס און ווארפענדיג מיט׳ן קאָפּף.

דער פּאסאזשיר איז אראָבגעשפּרונגען פון דראָזשקע, ארויפ־געכאפּט זיך אויף איין אנדערע און געהייסען שנעל פאָרען. ער האָט געאיילט, און אלע האָבען געזעהן, אז ער איילט, ווייל ער האָט אָנגעקנויטשט די שטערן און געמאכט א זעהר אונצופריעדענע מינע.

דער בעל עגלה האָט איהם נאָכגעשיקט א בייזען, שטעכעדיגען קוק, פול פערא‎כטונג.

„האלב וועג שוין אָבגעפאָרען, פּסיא קרעוו!"

דאָס מענשענרעדעל האָט געפיהלט די עולה, וועלכע יעדער איינציגער פון איהם וואָלט אויך געטאָן.

„א טייערער פּריץ!" האָט דאָס מענשענרעדעל געזידעלט.

דער בעל עגלה האָט אויסגעלאָזען זיין גאנצען כעס צום פערד. ער האָט איהם א זעץ געטאָן אין בויך מיט'ן גרויסען ברייטען שטי־פעל און מיט'ן גאנצען כח. איהם האָט זיך געדאכט, אז דאָס טוט נאָך נישט שטארק וועה. ער האָט א זעץ געטאָן מיט'ן שפּיץ פון דעם גרויסען שטיפעל.

„א כאליערע אויף דיר!"

דאָס רעדעל האָט געוואָרט אויף א דריטען קלאפּ און שוין געפיהלט איהם.

דאָס פערד האָט א ציטער געטאָן מיט'ן גאנצען קערפּער און געבליבען ליגען, פלעגמאטיש און פויל קוקענדיג פאר זיך אין די ווייטענים, גאנץ קאלטבלוטיג און גלייכגילטיג. עס האָט געוואָלט ליגען און זאָל זיין וואָס עס וויל. עס האָט זיך ניט אויסגעמאכט פון דעם מענשענרעדעל און עס האָט געשיינט, אז עס זעהט גאָר נישט די מענשען.

דער בעל עגלה האָט אָנגענומען דאָס פערד פאר'ן צוים, גע־שלאָגען מיט'ן בייטש, וואוהין ער האָט געטראָפען, און געשאָלטען.

„נאָ, נאָ, נאָ־נאָ! פּגר'ן זאָלסטו! א מגפה אויף דיר!"

פון רעדעל איז אַרויס א יונגער מאן איז א קאפּעלוש. איהם האָט זיך געדאכט, אז ער האָט א גוטען געדאנק, ווי אויפצוהעבען דאָס פערד. איהם האָט זיך געוואָלט בעוויייזען א בריה'שאפט. ער האָט גענומען דעם עק און אָנגעהויבען צו דרעהען.

דאָס מענשענרעדעל האָט געקוקט אויפ'ן עק און אָנגעהויבען צו בעקומען גוטע געדאנקען. עס האָבען זיך אָנגעהויבען שיטען עצות. נאָך עטליכע פאָר הענד האָבען זיך צוגעלעגט צום פערד. א אינגעל מיט א שטעקעל האָט אָנגעהויבען צו שלאָגען דאָס

פערד אין דעם הינטערסטען טייל און געשריען: „נאָ־נאָ, נאָ־נאָ!“ ער האָט געהאַט דאָס אַנגענעמע געפיהל, ווי דאָס פערד וואָלט גע־לאָפען און ער וואָלט עס אונטערגעטריעבען און געפאָרען — „גע־קאַטאַיעט“ זיך.

דאָס פערד איז רוהיג געלעגען. איהם איז נור אַ ביסעל אונ־אַנגענעם געוועזען, וואָס עמיץ דרעהט איהם דעם עק, גלייך ער וואָלט איהם ווען ארויסרייסען, און וואָס נאָך עמיץ האָט איהם געעגבוירט מיט'ן קולאַק אין בויך, גלייך ער וואָלט וועלען אויס־בויערען דאָרטין אַ לאָך.

דער בעל עגלה האָט עס גענומען אויסשפאַנען. דאָס מענ־שענרעדעל האָט פלוצלינג בעגריפען, אז דאָס איז דאָס בעסטע מיטעל.

„מען דאַרף עס אויסשפאַנען,“ האָבען זיך דערהערט קולות.

מען האָט געוואַרט, אז דאָס פערדעל וועט יעטצט אויפשפרינ־גען און אפשר נאָך לאָזען זיך לויפען און מען איז אָבגעטראָטען. דער יונגער מאַן אין קאַפּעלוש האָט אָבגעלאָזען דעם עק אָהן חשק.

דאָס אויסגעשפאַנטע פערדעל האָט דערפיהלט אַ לייכטיגקייט אין קערפּער און איז געבליעבען ליעגען מיט דער זעלבער פוילער מינע. — — —

אויף דאָס ניי דאָס שלעפען, שטופען, עק־דרעהען, שרייען, שלאָגען.

דאָס מענשענרעדעל איז געוועזען שטאַרק פעראינטערעסירט.

דער בעל־עגלה איז שוין געוועזען פערצווייפעלט, ער האָט אָנ־געהויבען שלאָגען דאָס פערד מיט'ן פּוס, וואוהין ער האָט נור גע־טראָפען.

„אַ כאָליערע זאָל אויף דיר קומען!“

דאָס מענשענרעדעל האָט געפיהלט די קלעפּ, דעם וועהטאָג.

„סאַר'אַ מין גזלן,“ האָט עס געמורמעלט.

דער בעל עגלה איז געבליעבען אַ ווײַלע שטעהן, געקוקט אויף דאָס פערד און געטראַכט וואָס צו טון. דאָס הארץ האָט איהם גע־קלעמט. ער וואָלט וויינען און רייסען אויף זיך דאָס האָר.

און וואָלט קוסען דאָס פערד און בעטען עס רחמים, עס זאָל אויפשטעהן און אוועקגעהן.

און וואָלט עס שלאָגען מכות רצח.

און וואָס ווילען די לעדיגגעהער? אַ כאָליערע זאָל קומען אויף זיי, אויף דאָס פערד, אויף איהם אליין און אויף די גאַנצע וועלט!

ער האָט געגעבען דעם פערד אַ זעץ מיט'ן פוס אין בויך און גענומען דאָס זעקעל מיט'ן האָבער. ער האָט אויסגעשאָטען אונטער'ן מויל אַ פאָר הויפען האָבער.

דאָס מענשענרעדעל האָט ווידער פּלוצלינג בעקומען גוטע געדאנקען.

„אַ פערהונגערט פערד, אַ צער בעלי חיים, דאָ וועט מען מיט קלעפּ גאָר נישט מאַכען. עסען דארף מען איהם געבען, עס זאָל כח האָבען צו געהן."

דאָס פערד האָט אפילו נישט אַ קוק געטאָן אויפ'ן האָבער.

דער בעל עגלה האָט געדריקט דעם פערד'ס קאָפּ צום האָבער. דאָס פערד האָט זיך נישט צוגעריהרט.

„עס פגר'ט אוועק," האָט דאָס מענשענרעדעל בעשלאָסען. מען האָט אויפגעהערט צו שלעפּען, שמייסען און שטויסען. דער יונגער מאַן אין קאַפּעלוש האָט זיך אָבגעווישט דעם שוויים. דאָס אינגעל מיט דעם שטעקעל איז געבליעבען שטעהן מיט איין אָפענעם מויל, דאָס שטעקעל אויפגעהויבען אין דער לופטען. אלע האָבען אויפמערקזאם געקוקט אויף די גסיסה.

דער בעל עגלה האָט ארומגענומען דעם פערד'ס קאָפּ. ער האָט עס געוואָלט גלעטען, בעטען, וויינען פאר איהם —— מיט אלע כחות האָט ער אראָבגעלאָזען דעם פערד אַ זעץ מיט'ן פוס אין קאָפּ.

„פגר שוין!"

דאָס איז געווען אַ שרעקליכער וועה־געשריי.

און איהם ווילט זיך שלאָגען, שלאָגען, גיכער מאַכען אַ סוף.

„אַ גזלן!" האָט געמורמעלט דאָס מענשענרעדעל.

ער וואָלט זיך ארויפגעוואָרפען אויף דאָס רעדעל און שלאָגען, שטויסען מיט'ן פוס... שלאָגען און שטויסען. ער האָט בייז אַ

קוק געטאָן אויף דאָס רעדעל און מיט האסט אָנגעהויבען צו קראַצען זיך דעם קאָפּ און געקוקט אויף דאָס גוסס׳ע פערד.

עס איז צוגעגאַנגען א פּאָליציי־מאַן און אויסגעקאָמאַנדעוועט צוצונעמען די נבלה. דאָס אינגעל מיט דעם שטעקעל איז אוועקגע־לאָפען נאָך א לאַנגען וואָגען.

און דער בעל עגלה האָט אָנגעהויבען צו דערצעהלען איין אומע־טיגע מעשה.

ער האָט נישט א גראָשען ביי לייב און זעעל. מיט וואָס וועט ער בעצאָלען פאַר די פור, וואָס מען וועט ברייננגען? דעם גאַנצען טאָג איז ער אָבגעזעסען אין דער היים, ווייל ער האָט געדאַרפט פער־ריכטען א ראָד — דאָס מענשענרעדעל האָט א קוק געטאָן אויף די רעדער — און יעטצט, אז ער איז שוין מיט מזל ארויסגעפאָרען, איז דאָס פערד גאָר אוועקגעפאַלען.

דער יונגער מאַן אין קאַפּעלוש האָט ארויסגענומען דעם געלד־בייטעל. פערקאַסערנדיג די פּאָלע, האָט ער א הוסט געטאָן. נאָך א פּאָר פּאָלעס האָבען זיך אויפגעהויבען.

פון מענשענרעדעל איז ארויס א הויכער צילינדער און אוועק־געגאַנגען מיט לאַנגזאַמע טריט מיט א גאַנץ צופריעדענער מינע אויפ׳ן געזיכט. נאָך איהם איז ארויס א צווייטער צילינדער און אויך אוועק מיט לאַנגזאַמע טריט, האַלטענדיג זיין שטאָק אויף הינ־טען מיטביידע הענד און אונטערזינגענדיג. און דאַן זיינען ארויס א פּאָר לאַנגע קאַפּאָטעס און אוועק מיט שנעלע טריט און אָנגע־קנויטשטע שטערן — זעהר בעשעפטיגטע מענשען.

דער יונגער מאַן האָט אריינגעשפּארט דעם בעל עגלה א מטבע און א קוק געטאָן אויף דאָס רעדעל און אָנגעשטעלט זיין בליק אין דער זייט, פון וועלכער דער וואָגען דארף אָנקומען, און דאַן אויף דאָס גוסס׳ע פערד.

נאָך אייניגע הענד האָבען זיך צוגערוקט צו דעם בעל עגלה׳ס האנד.

ער האָט צוגענומען די נדבות אָהן א דאנק, גלייך ער וואָלט נישט געהערט, ווי מען שפּארט איהם עפּיס אין האנד. ער האָט

געקוקט אין דער זייט, פון וועלכער עס דאַרף קומען די פור, געקוקט אויף דאָס נוסס'ע פערד און דערצעהלט זיין אומעטיגע מעשה.

פאר צוויי חדשים איז שוין איהם איין פערד געפאלען. האָט ער ענטליהען א פופציגער אויף וואָכער און געקויפט דאָס פערד, און יעצט....

ער וועט זיך צושלאָגען דעם קאָפּף אָן א וואנד, קיין אנדער ברירה האָט ער נישט.

עס האָט זיך בעוויעזען א לאנגער וואָגען. דאָס אינגעל איז געשטאנען אויפ'ן וואָגען מיט א פרעהליכען געזיכט און לוסטיג גע־מאכט מיט'ן שטעקעל ווי א קאפעלמייסטער.

דער בעל עגלה איז בלייך געוואָרען. ער האָט אראָבגעלאָזען די האנד מיט די נדבות — ער האָט זיי נאָך אלץ געהאלטען, גלייך ער וואָלט פון זיי נישט געוואוסט — און בעטראַכט דאָס פערד.

א היים אָדער צום שינדער?

ער האָט בעשלאָסען פיהרען עס א היים מיט דער האָפנונג, דאָס פערד זאָל נאָך געזונד ווערען.

„דאָס צווייטע פערד צום שינדער אין צוויי חדשים צייט," האָט ער געזאָגט צום מענשענרעדעל מיט א ביטערען שמייכעל....

דעם פערד האָט דערעסען דאָס ליעגען, עס איז איהם געוואָרען קאַלט. און זייט מען האָט עס אויפגעהערט צו שלאָגען און צו שמייסען, האָט עס דערפיהלט דעם וועהטאָג. עס האָט זיך בעשלאָ־סען אויפשטעהן און אוועקגעהן.

דאָס פערד האָט זיך אויפגעשטעלט אויף די פאָרדערסטע פיס. דאָס מענשענרעדעל האָט זיך דערשראָקען און איז אָבגעטראָטען א ביסעל. דאָס פערד איז שוין געשטאנען אויף אלע פיער.

דער בעל עגלה האָט געמאכט גרויסע אויגען פון פערוואונדע־רונג און אויף גיך, ווי אונגערן, גלייך ער וואָלט נישט בעמערקט, וואָס ער טוט, אראָבגעלאָזען די נדבות אין קעשענע און גענומען איינשפאנען דאָס פערד. ער האָט איהם געגעבען א זעץ מיט'ן קולאַק אין די ציין און מיט'ן שטיפעל אין א פאָרדערסטען פוס.

„אה, א פגירה אויף דיר! שפיעלענקען האט זיך דיר פעריוואלט.“

דאס מענשענרעדעל איז געשטאנען ווי פאר א גרויסער רעטענים.

„וואס זאגסט'ע דערצו?

מען האט געלאכט. — —

דער בעל עגלה איז שנעל אוועקגעפארען, שטארק שמייסענדיג דאס פערד. אין דער היים וועט ער זיך ערשט רעכט אברעכנען מיט „דער פגירה“.

„דו וועסט נאך ביי מיר בעקומען, א כאלעריע אויף דיר!“

די קינדער האבען זיך געלאזט לויפען נאך דעם וואגען און דאס אינגעל מיט'ן שטעקעל האט געמאכט מיט'ן שטעקעל און געשריען: „נא, נא, נ־נא!“

דאס מענשענרעדעל האט זיך אנגעהויבען פערנאנדערצוגעהן, גאנץ צופריעדען מיט'ן „ספעקטאקעל“.

„מיך האט דאס דערוויילע געקאסט 50 קאפיקעס,“ האט געזאגט דער יונגער מאן אין קאפעלוש.

„און מיך?...“ האט געזאגט אן אנדער יונגער מאן אין א קאפעלוש. ער האט נישט געזאגט וויפיעל. — —

יי האבעןביידע א ליגען געזאגט....

.1898

# באשע לאה.

ווער קאָן נאָך ווי באשע לאה אויסרופען אַלע סחורות, וועלכע ליעגען אין איהר קיישעל? אז באשע לאה העבט אָן אויסצושרייען מיט איהר הילכיגען, געזונדען סאָפּראַן: „פרישע אייער, ציבעלעס מאַרמעלאדנע, פעטרושקע, עפּעל הוילע צוקער, באַרנעס זיסע האָב איך" א. ז. וו. — אז זי העבט עס אָן אויסצושרייען, הערט מען זי אויף דער צעהנטער גאַס. אזוי זאָגען עדות אַלע אַנדערע מאַרק־ווייבער.

און זי שרייט נישט גלאַט אזוי, אָהן סדר, אָהן טעם, אבי גע־שריען. זי מאַכט עס מעשה חזן, זי זינגט. „זי טאָקט אָב," זאָגען אַלע. ביי איהר קומט עס אַרויס מיט אַלערליי טענער, אין פער־שיעדענע וואַריאַציעס, אז די דיענסטמיידלעך דערמאָנען זיך די קאדריל, וועלכע זיי האָבען שבת געטאַנצט ביי באשע לאה'ן אין שטוב.

„אַ סחורה א ביסעל!" מאַכען אויף איהר די איבריגע ווייבער מיט די קעפּ, ווען זי זינגט אָב. „אַ שטוקע, פערשטומט זאָל זי ווערען!"

נור די קללה איז נישט ערנסט. פערקערט. אַלע ווייבער ליעבען זי און גרויסען זיך מיט איהר שטימע און מיט איהר קאָנען „אָבטאָ־קען מעשה חזן". בפרט נאָך זייט דער אַלטער פריץ גרינקעוויטש, וועלכער ליעגט שוין א פּאָר יאָהר מיט די פיס אונטער זיך, האָט, ליעגענדיג א זומער־טאָג ביים אָפענעם פענסטער, אויסגעשריען: „אַ, יאקי זשידאָווקא מאַ גלאָס!" און געשטאַרקט זיך אויפצוהעבען זיך א ביסעל און אַרויסגעקוקט דורך דאָס פענסטער אויף באשע לאה'ן. דערביי האָט ער צוגעשמייכעלט, ווי אַ מאָל אין די גוטע יאָהרען, ווען די פיס האָבען איהם נאָך געטראָגען. —

באשע לאה איז א יונג ווייבעל פון א יאָהר צוויי און דרייסיג און פון מיטעלען וואוקס. זי טראָגט א פּארוק, נור ער ליעגט אויף איהר קאָפּף אזוי קונציג, אז עס איז איהם נישט צו דערקענען — גלייך אייגען האָר. זי געהט אין א פערלאַטעטע קליידעל און יאקעל, נור ריין ארום זיך, און דער קאָליר געהט איהר צום געזיכט. א מאָל איז זי גאָר א שיינהייט געוועזען. היינט איז די הויט אויפ'ן גע־זיכט א ביסעל צו דיק; פון די חן־גריבעלעך אויף די באקען זיינען קנויטשען געוואָרען. נור איהרע אויגען פינקלען נאָך און אויף די ליפּען שפּיעלט נאָך דער אַלטער לוסטיגער שמייכעל. בלינצעלט, שצורעט זי א מאָל מיט די אויגען, בעקומט איהר געזיכט אזא פרעה־ליכען אויסדרוק, אז איהרע חבר'טעס דערמאָנען זיך די מיידעלשע יאָהרען און באשע לאה'ס אמאָליגע „קונצען".

„אָ, יאָ! דאָס איז א פייער געוועזען, א פייער..." זאָגט מען און מען מאַכט אויף איהר מיט די קעפּף.

„און וואָס איז זי יעטצט?" רופט זיך אָב איין טרעגעריז.

„באשע לאה'קע!" ענטפערט א צווייטע, און אַלעמען ווערט קלאָר, אז באשע לאה איז נאָך די אַלטע וואָס א מאָל. —

באשע לאה האָט א סך מינים סחורה. ווי נור פון דאָסוועגען, כדי זי זאָל האָבען א סך אויסצווזינגען. שטענדיג זעהט מען זי מיט א קיישעל אייער אויף דער רעכטער און א קיישעל עפּעל מיט באַר־נעס אויף דער לינקער האנד. די עלטערע טאָכטער, א מיידעלע פון א יאָהר צעהן, טראָגט איהר נאָך א קיישעל פלוימען מיט א קיי־שעל פּעטרושקע, מערען, רעטיך; דערנאָך געהט די אינגערע זיעבענ־יעהריגע טאָכטער מיט א קיישעל קרויט, טראָגענדיג עס פון פאָרנט מיט ביידע הענד. און צולעטצט געהט נאָך א אינגעלע פון א יאָהר פיער־פינף מיט א קראַנץ גרויסע „ציבעלעס מארמעלאדנע" אויפ'ן האלז.

פאר באשע לאה'ן איז אַלץ א סחורה. קוים ווייזט זיך עפּיס א נייער מין אויפ'ן מארק, וועט מען שוין אין גיכען הערען, ווי באשע לאָה זינגט איהם אוים.

און שטענדיג קומט אוים איהר ניגון; שטענדיג געהט עס צוי איהר ארוים „אבגעטאקט" דורך די שמייכלענדיגע ליפען. —

באשע לאה'ן האלט מען פאר א בריה נפלאה. מען זעהט זי קיינמאל נישט רוהיג זיטצען. שטענדיג איז זי אין גאנג, שטענדיג זוכט זי עפים, איהרע אויגען ווארפט זי אויף אלע זייטען.

„דאס איז א בראנד!" זאגט אויף איהר דער גאנצער מארק. — —

נור זעהען דארף מען זי ערשט א שבת, א יום־טוב.

באלד נאך מיטטאג רוימט זי אויף דאס צימער, וואשט און פוטצט אוים די קינדערלעך, טוט זיך אליין איבער און זעטצט זיך ווארטען אויף געסט. איהרע געסט זיינען איהרע קונים פון א גאנץ וואך: די דיענסטמיידלעך פון נאהנטע און ווייטע גאסען. עס קומען אויך עטליכע „קאוואליערען" — און עס ווערט געטאנצט. אין דעם קליינעם און ניעדריגען שטיבעל ווערט צו ענג, אבער דאס מאכט נישט אוים. מען צוזעטצט זיך אין בעט, אויפ'ן טיש, אויפ'ן פענסטער און וואו נור מען קאן, אבי מאכען גרוימער אין מיטען.

באשע לאה איז די פיהרערקע און זינגערקע אין די טענץ. זי איז שטענדיג א „הערר" און פיהרט איהר דאמע „ווי א וואהרער קאוואליער". איהר דרעה, איהר קער, איהר קלאפ מיט'ן פוס איז „אויף די קעפ צו שטעלען זיך!"

איהר מאן, דער פארבער, וועלכער האלט נישט, ווי ער זאגט, פון טאנצען, ציעהט זיך אוים אויפ'ן אויווען, האלט נעבען זיך דעם קליינעם זוהן און, אונטערשפארענדיג מיט איין האנד דעם קאפ, לאזט ער קיין אויג נישט אראב פון זיין „אלטימשקער". ער קוועלט פון איהר, ער קלייבט נחת.

און באשע לאה ווערט אלץ פרעהליכער, לוסטיגער, אויפגערעג־טער. זי קאן שוין עפים נישט איינזיטצען אויף איין ארט, זי שפרינגט ארום, מאכט מיט די הענד, בלינצעלט מיט די פינקעלדיגע אויגען, שלאגט און ראנגעלט זיך מיט א יעד'עם — — דאמאלס שטעהען צו איהר צו די געסט, זי זאל טאנצען דעם „ציגיינער".

און באַשע לאה לאָזט זיך נישט לאַנג בעטען.

„שאַ, מאַכט אַ וואַרע!“ שרייט זי אויס.

די געסט מאַכען איהר אָרט, און זי שטעלט זיך אַוועק אין עק צימער, העבט אויף אַ ביסעל מיט דער לינקער האַנד דאָס קלייד און מיט דער רעכטער אַ טיכעל איבער׳ן קאָפּף, גיט אַ היטציגען וואָרף מיט די אַקסלען, אַ דרעה מיט׳ן טיכעל איבער׳ן קאָפּף און העבט אָן צו טאַנצען, צוזינגענדיג זיך אַליין דעם ניגון.

ווילד איז דער ציגיינער ניגון. אין איהם גיעסט זיך אויס דאָס גאַנצע ציגיינערישע לעבען. אָט יאָגט ער ווי אַ ווינד אין דער ברייטער, פרייער סטעפּ, אָט שעפּציעט ער ווי ביים וואַראזשען, ביים קאָרטענלעגען, אָט שטאַרקט ער זיך און ברילט ווי אַ בער, אָט פּאַלט טיעפער דער טאָן, גלייך מען סוד׳עט זיך אַרויסצוגנב׳ענען אַ פערד פון שטאַל, און אָט העבט ער זיך ווייטער אויף, און דונערט און הילכט, גלייך ווי אונצעהליגע מענשען יאָגען זיך נאָך דעם פערד־גנב, און ער, דער פערד־גנב, טראָגט זיך אויף דעם געגנב׳עטען פערד פייל פון בויגען.

נור נאָך ווילדער, נאָך שטורמדיגער איז דער ציגיינער־טאַנץ. דאָס דרעהט זיך אַ שטורם־ווינד, וועלכער טראָגט מיט זיך גאַנצע בערג זאַמד, נישט געפינענדיג אין דער גרענצלאָזער סטעפּ קיין שום פערהאַלטונג, נישט אין דער לייַנג און נישט אין דער ברייט.

און וואונדערליך קונציג טאַנצט איהם באַשע לאה. די געסט קאָנען נישט אַוועקרייסען די אויגען פון איהרע פיס, און קאָנען קוים בעמערקען ווי זיי בייטען זיך, און דריקען פערוואונדערט מיט די אַקסלען.

„אַ, אַ! שדים זיטצען אין איהרע פיס!“ שרייט ווער אויס.

און אַלע זיינען מודה: „אַ! אַ!“ און שאָקלען מיט די קעפּף.

נור אָט האָט זי געענדיגט. זי וואַרפט זיך אויף אַ שטול, און עס ווערט אַ פּאַטשעריי: בראַוואָ! בראַוואָ!

„וואָס זאָגט איהר צו מיין אַלטישקער?“ רופט באַשע לאה׳ס מאַן פון אויוועץ, אַראָבקוקענדיג אויף איהר מיט אַ גליקליכען שמייכעל. — —

פּאַר נאַכט, ווען עס העבט שוין אָן צו ווערען פינסטער, הערען אויף די טענץ. עס ווערט שטיל. די געסט פערנעמען ערטער — מען גרייט זיך צו צו עפּיס. באַשע לאה וועט געבען קאָנצערט.

אַלע אויגען קוקען אויף איהר; פון אַלע זייטען שיטען זיך בקשות, זי זאָל דאָס אָדער דאָס זינגען. באַשע לאה'ס אויגען הע־בען אָן אויף דאָס ניי צו ברענען; דאָס געזיכט פלאַמט. נור זי זעהט יעטצט אויס ערנסט, פערקלערט און אפילו טרויעריג. זי שטעהט אין מיטען צימער מיט א חנעוודיגען שמייכעל אויף די לי־פּען און קוקט אויף די געסט. אָבער זי טראַכט נישט וועגען זיי און זעהט זיי ווי דורך א נעבעל.

„נו, שטיל זאָל זיין, הולטייקעס!" זאָגט זי ענדליך ארויס, ווייך און הארציג, זייענדיג מיט איהר נשמה ערגיץ וואו אנדערש. און פון איהרע האַלבאָפענע ליפּען רייסט זיך אַרויס אַ שטאַרקער ברוסט־טאָן — און עס העבט זיך אָן דאָס קאָנצערט.

זי זינגט געוועהנליך טרויעריגע זאכען. „אַ פרעהליכעס," זאָגט זי, „געהט עפּיס נישט ביי מיר." איהר געזיכט ווערט אַלץ ערנסטער, טרויעריגער, טיעפזיניגער; דער שמייכעל פערשווינדט פון די ליפּען, די באַקען פייערן, און די אויגען לייכטען אזוי מילד, אזוי ווייך...

זי פערגעסט אין אַלץ און אַלעמען. זי קאָן שוין נישט איינ־שטעהן אויף איין אָרט און העבט אָן אומצוגעהן איבער'ן צימער ווי פער'חלום'ט. און דער געזאַנג ווערט אַלץ שטאַרקער און שטאַר־קער, און שטאַרקער העבט זיך און פאַלט איהר ברוסט, געשווינדער קלאַפּט דאָס הארץ. עפּיס איז איהר אזוי שווער, און עס ווילט זיך איהר וואָס העכער און שטאַרקער זינגען, און עס דוכט זיך איהר, אז עפּיס וועט זי אויסזינגען, אז עפּיס וועט איהר דערנאָך ווערען אזוי גרינג, אזוי מחיה'דיג...

אַלע ארום זיינען ווי פערכישופט, ווי פערשטיינערט. מען גיט זיך נישט קיין ריהר, מען לאָזט נישט קיין פּאַרע פון מויל.

דאָס זיעבעניעהריגע טעכטערל שפּאַרט זיך אָן אָן א שוים פון אַ מיידעל, מיט ביידע הענטלעך אונטערהאַלטענדיג דאָס קליינע

קעפעל, און לאזט פון דער מאמען קיין אויג נישט אראב. דאס קליינע פנים'ל פלאמט, די אויגעלעך ברענען, דאס הערצעלע קלאפט שטארקער... — — זומער, ווען דאס פענסטער איז אפען, קלינגט באשע לאה'ס שטימע ווייט איבער'ן ארמען געסעל.

ביי די טירען און טויערען פון די איינגעבויגענע הייזלעך זיטצען די ארמע איינוואהנערינען, אונטערגעשפארטערהייט די קעפף, און זינגען זיך צו שטילערהייט באשע לאה'ן, און עס ווערט זיי אזוי אומעטיג און אזוי גוט צוזאמען, און זיי האבען נישט קיין חשק און נישט קיין כח אויפצוהעבען זיך פון ארט, אבצורייסען זיך פון באשע לאה'ס געזאנג.

און געגענאיבער אין דער שניידערשער שול שטעהט דער עולם די מעריב'דיגע שמונה עשרה. אין שולכעל איז נאך פינסטער, און דער עולם דאוועגט מיט הארץ און חשק. נור אט פליהט אריין דורך די אלטע צופוילטע פענסטער באשע לאה'ס געזאנג — און דער עולם ווערט צורודערט, די מחשבות ווערען צושטערט, און עס ווערט שוואכער דאס שאקלען זיך און שעפציען. בלויז זייער רבי, דער פרוש, „שטארקט זיך", רייבט די שטערן און שרייט אויס: „נו א!" און העבט אן שטארקער צו שאקלען זיך, פעסטער צו ברומען די שמונה עשרה. דער עולם כאפט זיך אויף ווי פון שלאף און העבט ווידער אן צו שאקלען זיך און צו שעפציען, אבער דאס הארץ דריקט דאך אזוי מאדנע. — —

נור אט צוגיעסט זיך איבער דאס געסעל א לאנגער, הויכער טאן — באשע לאה האט געענדיגט.

די געסט אטמען אב. עס ווערט א גערודעריי, א שרייעריי: מען לויבט די זינגערין.

„פערברענט זאל זי ווערען, ס'אר'א זינגערין!"

„אי, שטום זאל זי ווערען! א מין קול'כעל!"

„א האלז פון א גוטען זולל וסובא!"

„א געמבעלע א ביסעל!"

נור דאָס קליינע טאָכטער'ל לויפט צו צו באַשע לאה'ן, כאַפּט זי ארום אַרום האַלז און דריקט זי צו זיך שטאַרק, שטאַרק.

„אוי, מאַמעניו, האָב איך דיך ליעב!" זאָגט זי ארוים מיט היטץ.

און דער פארבער קריעכט אַראָב פון אויוועז און פרעגט גע־ריהרט:

„נו, וואָס זאָגט איהר צו מיין אַלטיטשקער, הא?"
באַשע לאה שמייכעלט שוין ווידער.

.1894



# דאָך אמאל געוויינט.

א לוסטיגער קבצן איז בערל דער טרעגער.

זיין דירה איז אין אַ קעלער. די צוויי קליינע פענסטער ליע־גען אונטער'ן ברוק פון הויף, די שויבען זיינען גרוי און קויטיג און לאָזען קוים דורך דעם שיין פון די זונענשטראַלען, וועלכע פער־גנב'ען זיך אַ מאָל ביז זיינע פענסטער, פון די וואנד רינט און אין די ווינקעלעך בלישציעט, פינקעלט דער שימעל.

ביי דער וואנד, צווישען די פענסטער, שטעהט א טיש. צוויי פיס האָט ער אייגענע, די אַנדערע פערטרעטען צוויי שייטלעך האָלץ, וועלכע פערשווינדען גאַנץ אָפט, ווען עס איז ניטאָ מיט וואָס צו הייצען. דאמאָלס רוקט מען צו דעם טיש הארט צו דער וואנד, און ער שטעהט, ווי בערל זאָגט, „מיט גאָטס הילף"...

דריי ווייסע שטולען זיינען דאָ אין שטוב, נור אָלע אָהן ווענט־לעך. קוים איז א ווענטעל אָבגעפאַלען, האָט בערל געוואָלט עס צושלאָגען צוריק. נור ער האָט זיך אַזוי לאַנג געקליעבען, ביז די ביידע שייט האָלץ, וואָס שפּאַרען אונטער דעם טיש, זיינען פער־ברענט געוואָרען און קיין האָלץ צום הייצען איז נאָך אַלץ נישט געוועזען. דאמאָלס האָט בערל אָנגעצויגען א זעהר ערנסטע מיענע און ארויסגעבראַכט אַזאַ מין פילאָזאָפישען שלום: זיטצען קאָן מען אויף א שטול אָהן א ווענטעל און קארטאָפּליעס מוז מען קאָכען. און ער האָט אָבגעזאָגט מיט איין ערב־פּסח'דיגען טאָן „כל חמירא", און דאָס ווענטעל איז אריין אין אויוועז צוזאמען מיט אַנדערע ברעטלעך און שפּענער, וועלכע בערל מיט זיינע „ילדים" האָבען אָנגעקליעבען אין גאַס.

אין צימער זיינען דאָ נאָך צוויי בעטען. אויף זיי ליעגען שמאַטעס, וועלכע בערל רופט „קיסען און קאָלדרעס", און אונטער

זיי און נעבען זיי שטעהען קעסטלעך מיט אנדערע שמאטעס, און בערל זאָגט מיט שטאָלץ, אז דאָס זיינען העמדער, טישטיכער און נאָך אזעלכע וויכטיגע בעל־הביתישקייטען.

נור בערל זאָרגט נישט. ער לאַכט גאָר.

„וואָס דאַרף איך, וואָס? איך דאַרף גאָר נישט! אבי גע־לעבט!"

פיער קינדערלעך האָט ער: צוויי שלאָפען אין איין בעט מיט איהם און צוויי מיט דער מוטער צוזאמען. אָבער ער שרעקט זיך נישט פאר מעהר.

„קינדער," זאָגט ער, „זיינען א נחת. זיי דארפען א סך, אמת... נור פאר דאָס, אז איך קום א היים, איז דאָ מיט וועמען א שפּיעל צו טון, צו נאריש מאכען זיך א ביסעל. א פערגני־גען — א חברה!"

פון זיין בת־שבע'ן איז ער ג'ראָד נישט צופריעדען. ער קאָן נישט ליידען, וואָס זי וואָלט אלץ געקלאָגט און געיאָמערט.

„עט!" מאכט ער, „מיין ווייבעל טויג שוין צו גאָרנישט.... א קלאָגמוטער געוואָרען! זי וואָלט וועלען איך וויים וואָס.... א קאָנ־טראקט האָט זי פון גאָט! ער איז איהר מחויב צו געבען! מאָלע וואָס! וויל זיין ווי ראָטשילד!"

קוים ווייזען זיך טרערען אין איהרע אויגען, שטעלט ער זיך געגען איהר, האַלטענדיג די רעכטע האנד אויף דער באַק און אונ־טערהאַלטענדיג די רעכטע מיט דער לינקער, מאַכט א וויינענדיג פּנים און שאָקעלט צו מיט'ן קאָפּף.

„דיר לאכט זיך אלץ!" בייזערט זיך בת־שבע.

„איך וויין דאָך גאָר," ענטפערט ער מיט א וויינענדיגען קול.

„זאָל מען שוין וויינען נאָך דיר, שטאַרקער פּאָטער!" זאָגט זי אָב איהר פּסוק און דרעהט זיך אוועק פון איהם מיט האַרץ.

נור בערל בעליידיגט זיך נישט. וואָס אַרט איהם א קללה? עס דאכט זיך איהם, אז אָהן „דעם" וואָלט זיך גאָר נישט אזוי פרעהליך געלעבט.

בייז ווערט ער בלויז, ווען זי העבט אָן זיך אליין צו שעלטען.

„רבונו של עולם!" שרייט זי א מאָל אויס, ווען עס איז נישטאָ וואָס צו עסען און דאָ איז נאָך אַ קינד קראַנק — און דאָס קומט נישט זעלטען פאָר — „רבונו של עולם, נעם מיך צו פון דער וועלט! לויז מיך שוין אויס פון מיין ביטערען און פינסטערען לעבען!"

איהר קול ציטערט. זי ווינשט זיך עס מיט הארץ, אין ערנסט. זי וואָלט זיך יעצט נישט דערשראָקען פאַר'ן טויט. בערל פיהלט עס און עס כאַפּט איהם אָן „פאר דער זיעבעטער ריפּ". ער ווערט אָנגעצונדען, „מלא־רציחה" און העבט זי אָן צו שעלטען.

„אוי, אָבדאַרען זאָל דיר די צונג!" ער שפּייט נאָך אויס מיט הארץ.

זי ווערט שטיל און גיעסט מיט טרערען, און ער וואַרפט אויף איהר בייזע בליקען.

„און וואָס האָסטו פון וויינען, וואָלט איך וועלען וויסען? פערד!"

איהם דאַכט זיך, אז א מענש דאַרף קיינמאָל נישט וויינען — סיידען עס מאַכט זיך, זאָל גאָט אויסהיטען, אז עמיצער שטאַרבט. נור איינמאָל...

איינמאָל אין איין אבענד האָט זיך בערל אזוי צושפּיעלט מיט די קינדער, אזוי גערעאַנגעלט זיך און איבערגעקערט א וועלט, אז ער איז ארויפגעפאַלען אויף זיין בעט, און זיין בעט איז צושאָטען גע־וואָרען אויף שטיקלעך.

ער האָט זיך אויפגעהויבען פון דעם חורבן מיט אַ געלעכטער.

„ברוך דיין אמת! וואַרט, קינדער, מיר וועלען מאַכען א הספד."

ער בויגט זיך איין ווי דער הייקערדיגער שטאָדט־מגיד און וויל אָנהעבען עפּיס צו זאָגען. אָבער בת־שבע איז שוין געקומען צו זיך פון דער שרעקליכער איבעררַאשונג, האָט זיך געכאַפּט פאַר'ן קאָפּף און צולאָזען זיך מיט א געוויין.

„אָי, איך קאָן שוין דאָס נישט אריבערטראָגען, איך וועל מיר א מעשה אָנטון!"

„שא, לאָז רעדען!“ ווײל זי בערל בערוהיגען, נור זי יאָמערט איהרס.

„ווי ווער איך שוין פּטור פון מײן פינסטערען לעבען, רבונו של עולם! טאָמער איז געוועזען די פּאָר בעטלעך אין שטוב, איז שוין דאָס אויך נישטאָ!“

בערל ווערט שוין אין כעס.

„בהמה! פערד! וואָס טו איך מיט דיר?!... הערסט, א קלאָג א ביסעל? דאָס בעטעל איז צובראָכען געוואָרען! בהמה! באָלד — בעעע! האָט זיך צוראָוועט?“

„ראָווען זאָל מען שוין נאָך דײן קאָפּ!“ וואַרפט זי זיך אויף איהם ארויף. „איך וואָלט פון דיר פּטור ווערען, וואָלט מיר שוין ווערען א ליכט אין די אויגען, אז וואו דו גיסט זיך א קער, איז מײן אומגליק, מלאך המות מײנער!“

„כע, כע, כע!“ לאַכט ער שוין צוריק מיט גוטען. „ניין, זאָג ד'ר'אמת'ן: מה רעש? וואָס קערסטו אזוי די וועלט? דאָס בעט צובראָכען! אי, וואי, א שרעק! דער הימעל לעגט זיך גאָר אויף ד'ר'ערד... און איך זאָג, אז וואָס עס האָט געזאָלט אויסגעהן צו אײ־נעם פון אונז, האָט זיך גאָר אויסגעלאָזען צום בעט. אָי, אָי, בהמה! אוי, אוי, פערד!“

ער רעדט, און זי ווישט זיך די טרערען מיט'ן פאַרטוך און בע־קלערט, וואָס עס שטעהט זײ יעצט פּאָר. קײן שיך וועט מען די קינדער שוין נישט מאַכען. פאַר דאָס ערשטע געלד וועט מען קוי־פען אָדער אפשר נאָך פערריכטען דאָס בעט. דערווײלע וועט זי מיט די צווײ מײדלעך שלאָפען אויף דער ערד און ער — דאָס שטיק אומגליק! — וועט שלאָפען מיט די אינגלעך אין דעם אײ־בערגעבליבענעם בעט. און אז ער ענדיגט זײנע רעד, זאָגט זי איהם מיט ביטערקײט און טרערען:

„האָסט דאָך בעטלעך זעהר א פולע! געה, אָ, וואַלגער זיך אויף דער פּאָדלאָגע אין קויט און אין נאַסקײט, וועסטו וויסען ווי צו לאַ־כען — לאַכען זאָלסטו שוין צום לעצטען מאָל!“

זי וואַרפט אויף איהם א שרעקליך בײזען קוק. ער לאַכט.

„כאַ, כאַ, כאַ, אַ קלייניגקייט! בערל דער טרעגער וועט שלאָ־פען אויף דער פּאָדלאָגע! קענסט נישט דעם גרויסען פּריז? — היידא, קינדער, שלעפּט דעם סעניק!" קאָמאַנדירט ער צו די אינגלעך.

„נישט דערהאַרען וועסטו, איך זאָל דיך לאָזען שלאָפען אויף דער פּאָדלאָגע!" שפּרינגט זי פּלוצלינג אויף און פערשטעלט מיט זיך דעם סעניק.

בערל קוקט זי אָן פערוואונדערט.

„וואָס ביזטו משגע צו חסר דעה?"

„אַז דו וועסט שטאַרבען, וועסטו ליעגען אויף ד׳ר׳ערד, נישט איצטער," ענטפערט זי און בערל ווערט שוין שטרענג.

„מאַך נישט קיין קונצען, בת שבע, און לאָז שלאָפען!" ער שטרעקט אויס די האַנד נאָכ׳ן סעניק.

זי שטופּט אָב זיין האַנד און ווייזט מיט׳ן פינגער אויף דאָס בעט.

„אין בעט לעג זיך און שטעה נישט אויף!"

„איך שלאָף נישט אין קיין ווייבערשען בעט," וויצעלט ער.

„געה שוין, געה, לאָז מיך שלאָפען!"

ער נעמט אָן דעם סעניק.

„איך האָב געזאָגט, ניין — איז ניין!" שרייט אויס בת־שבע און כאַפּט אַרום דעם סעניק מיטביידע הענד.

„לעג איך מיך אָהן דעם סעניק," לאַכט ער און ציעהט אַראָב פון זיך דעם פּעלץ.

„איך וועל דיר געבען אַ „לעגען זיך", אַז דו וועסט נישט ווי־סען, פון וואַנען דיר איז געקומען!" צושרייט זיך בת־שבע און שפּרינגט צו איהם צו מיט נעגעל.

אַ רויטקייט איז איהר אַרויס אויף די באַקען, די אויגען ברע־נען. בערל קריגט התפּעלות. גאָר די יונגע בת־שבע! אין האַר־צען ווערט איהם אַזוי וואַרם און אַ זיסער שמייכעל צוגיעסט זיך איבער זיין געזיכט.

„אָ, מיין שיין ווייבעל!" רופט ער אויס און וויל זי ארומנע־מען, נור זי שטופּט איהם אָב מיט כעס.

„טרעט אָב פון מיר בעסער מיט גוטען, אז נישט וועל איך דיר געבען אין קאָפּ מיט וואָס איך וועל טרעפען!"

זי האָט זיך אָבגעקערט פון איהם און גענומען אויסבעטען איהם דאָס בעט. ער בענוצט די מינוט, כאַפּט דעם סעניק, שלייַדערט איהם אויף ד'ר'ערד ביים אויווען און וואַרפט זיך אויף איהם ארויף.

„היא, קינדער," קאָמאַנדירט ער, „שלאָפען קומט!"

בייז שרייט אויף בת־שבע מיט א ביטערען געשריי.

„אין בעט זאָלסטו מיר געהן!"

„מאָרגען!"

„הער מיך אויף צו פּוילען, צופּוילט זאָלסטו ווערען!" שרייט זי נאָך ביטערער.

ער לאַכט.

„געה אין בעט, הערסט, וואָס איך זאָג דיר!"

„אר־הום!"

עס כאַפּט זי אָן א ווילדער כעס, דאָס בלוט קאָכט אין איהר, און פּלוצלינג העבט זי אָן צו זעצען מיט די פיס אין דאָס איבער־געבליעבענע בעט.

„נא! נא! נא!"

דאָס בעט צופאַלט און צושיט זיך.

בערל מיט די קינדער שפּרינגען אויף דערשראָקען, און זי, גאַנץ אויסער זיך, הערט נישט אויף צו זעצען מיט אַלע כחות אין די שטיקלעך פון בעט.

„נא! נא! נא!"

בערל וויל זי איינהאַלטען, בערוהיגען און כאַפּט זי ארום פעסט.

„זעה, ביזט משוגע געוואָרען?!"

זי רייסט זיך פון איהם. עס דריקט איהר דאָס האַרץ, אין

קאַפּ ברענט איהר און עס ווילט זיך איהר ברעכען, ברעכען, ברע־
כען... נור ער האַלט זי שטאַרק, וויל זי איהם בייסען.

„בת־שבע, זעה, בת־שבע!“ שטאַמעלט ער מיט שרעק, אָב־
ווערענדיג זיך פון איהרע ציין.

עס געלינגט איהם אוועקצוזעצען זי אויף א שטול. בת־שבע
העבט אָן צו קומען צו זיך און צואווויינט זיך. די קינדער העלפען
איהר וויינען פאַר שרעק.

בערל האָט זיך פערלאָרען. טרויריג שטעהט ער געגען בת־
שבע'ן און לאָזט פון איהר קיין אויג נישט אראָב.

„בת־שבע'נקע! בת־שבע'נקע, הער אויף, איך בעט דיך, צו
וויינען.“

זיין קול ציטערט.

„בת־שבע'נקע!“ בעט ער נאָך ווייכער. עס ווערט איהם
וואונדערליך ווייך ביים האַרצען, אין האַלז העבט איהם אָן צו שטי־
קען און —

דאמאָלס האָט בערל אויך געוויינט.

.1894



# טראם, טראם...

אבענד. אין דרויסען איז פריש און לופטיג; עס בלאָזט א קאַלטער ווינד.

איבער די גאַסען אין דער הויף־שטאָדט, וועלכע איז געשטאַ־נען אויף א וואַל, איז לאַנגזאַם אומגעגאַנגען א יונגער מאַן פון א יאָהר דריי־פיער און צוואַנציג, לייכט אָנגעטאָן, אָהן איין איבער־ציהער. די קעלט נעמט איהם דורך יעדען אבר, דאָך העבט ער נישט אָן שנעלער צו געהן.

זיין געזיכט איז פערוואָלקענט, און די אויגען זיינען אראָבגע־לאָזען צו דער ערד. ער געהט שוין אזוי ארום א צייט. ער געהט נישט א היים און וויל אפילו וועגען דער היים נישט טראַכטען, נור ער קאָן דאָס בשום אופן נישט אויספיהרען. עס טראַכט זיך איהם געגען זיין ווילען, עס דריקט איהם דעם מח.

אין דער פריה האָט ער איבערגעלאָזען די מוטער מיט די צוויי קלענערע ברידער אומגעגעסען, אָהן א קאָפּיקע געלד. א גאַנצען טאָג איז ער ארומגעגאַנגען זוכען שטונדען און געהט צוריק מיט גאָרנישט.

נאָך וואָס זאָל ער יעצט געהן א היים? ער וואָלט וועלען בע־סער געהן און געהן אָהן איין אויפהער. נור ער האָט א שלעכטע בעגלייטונג. א גאַנצען טאָג דוכט זיך איהם, אז נאָך איהם געהט נאָך זיין הויז מיט נאָך אזעלכע הייזער פון דער ארמער אונטער־גאַס, וואו די מאַמעס, ברידער און שוועסטער קרימען זיך פאַר הונ־גער, דריקען די פערברענטע, פערשמאַכטע ליפּען און כליפּען, כליפּען און כליפּען...

ער פּרובט זיך צו צושטרויען. ער שטעלט זיך אָב נעבען די גרויסע, העל בעלויכטענע פענסטער פון די קראָמען, קוקט יעדען

פארבייגעהער אין פנים אריין, בעטראכט די רייך אויסגעפוצטע פריילינס — ער וויל זיך פערגעמען מיט קריטיקירען. נור עס העלפט נישט. ער האט אליץ די הייזער הינטער זיך.

עס דריקט איהם שרעקליך דאס הארץ. ער וואלט וועלען בלייבען אליין, פטור ווערען, כאטש אויף איין מינוט בעפרייען זיך פון דער שווערער בעגלייטונג פון די הייזער. און ער שטעלט זיך אלע מאל אב און קערט אום דעם קאפף מיט א ליידענדיגער מיענע, גלייך ער וואלט זיך בעטען, מען זאל איהם לאזען צו רוה. די „הייזער", דאכט זיך איהם, טרעטען אב אויף א ווײלע, נור קוים דרעהט ער זיך איבער, זיינען זיי ווייטער דא.

ער קערט זיך אום האסטיג און לאזט זיך אראב צו דער אונ־טערגאס, צו יענע הייזער...

---

אויף די גרויסע טרעפ, וועלכע פיהרען פון די אויבערסטע גאַ־סען צו די אונטערסטע, איז ער שטעהן געבליעבען.

אונטען אין טיעפען טאל ליעגען זיי צוזאמענגעדריקט איינס אויף דאס אנדערע, די קליינע הילצערנע הייזלעך, צווישען וועלכע מען האט קוים געקאנט בעמערקען די שמאלע, לאנגע דורכגיינג, די טרויעריגע, נישט־ברוקירטע געסלעך. אויף איינעם פון די הייז־לעך, נישט ווייט פון די טרעפ, שטעלט ער אב זיין בליק.

די לאדען זיינען שוין פערמאכט. קיין קלאנג און קיין שטראל דערמאנט נישט, אז דא וואהנט ווער. ביים שוואכען שיין פון א גאס־לאנטערנע זעהט עס אוים ווי א גרויע, מיט שימעל בעוואק־סענע חורבה, אין וועלכער עס קאנען וואהנען נור נישט־גוטע.

עס רייסט זיך איהם ארוים א שווערער קרעכץ פון הארצען.

ווי האבען זיי, נעבעך, איבערגעלעבט דעם היינטיגען טאג?

ער טראגט איבער זיין בליק אויף די ארומיגע הייזלעך, און עס ווערט איהם נאך אומעטיגער, נאך קעלטער פון זייער שווארצען אויסזעהן.

און עס דאכט זיך איהם, אז פון די אלע הייזלעך קוקט מען

אויף איהם מיט גלעזערנע אויגען. מען בעטעלט ברויט, מען שטרעקט אויס די הענד. אפילו די שטראלען דורך די לאדען און האלב־אָפענע טירען זעהען אויס אזוי טרויעריג, אזוי פינסטער.

אין גאס איז דאָך לעבעדיג. עס שפּאצירען בחורים מיט מייד־לעך; עס טרייבען זיך ארום קליינע קינדער, חדרים־אינגלעך, אר־בייט־יונגען. אלע זיינען אין גאס. מען ווײלט זיך; מען זינגט, מען לאכט, מען יאָגט זיך.

איהם ווערט נאָך אומעטיגער. איהם דוכט זיך, אז היסטע־ריקער אָדער מתים לאכען עס. ער וויים דעם טעם פון אזא פרעה־ליכקייט.

און עס האָט זיך איהם אויסגעדוכט, אז ער זעהט פאר זיך די גאנצע איינוואָהנערשאפט פון דער אונטערגאס. זיי האָבען זיך אלע פערזאמעלט אין טאָל אונטער'ן בארג, און ער מושטערט זיי. דער־שלאָגענע, עלענדע, אויסגעמאטערטע, אָהן א בערוהטע מינוט, אָהן יעדע האָפנונג אויף רוה און געגוס. ער האָט געוואָלט ארויס־רופען אין זיין מח קאמפף. ער האָט געוואָלט אויסמאָלען זיך, ווי עס שטעהט אויף אָט די דאָזיגע דערשלאָגענע מאסע און געהט ארויס אין קאמפף פאר א בעסערע צוקונפט. אָבער ער האָט עס ניט געקאָנט. ער האָט פילאָזאָפירט: הונגריגע קאָנען נישט ארויסטרעטען גע־גען זאטע; הונגריגע קאָנען נור אויפעסען איינער דעם אנדערן, קאָ־נען זיך אליין בלויז פערניכטען. און זיי אלע דאַרטין אונטען זיי־נען אזוי הונגריג ווי ער.

עס ווערט איהם אלץ שווערער און שווערער... פלוצלינג דער־הערט ער הינטער זיך א געזאנג פון א גאנצען כאָר געזונדע, פרישע שטימען מיט בעגלייטונג פון מוזיק. דאָס האָט מען געזונגען אין א רייכען הויז אין דער אויבערסטער גאס.

ער גיט א ציטער. אויף „די פליגעל פון געזאנג“ טראָגט זיך א נישט געמאכטע, אמת'ע פרעהליכקייט; די שטימען קומען ארויס פון ברייטע, פולע הערצער.

איהם ווערט אונאנגענעם פון דער פרעהליכקייט, א קעלט נעהט איהם דורך, און ער לויפט אראָב פון די טרעפּ.

אונטען איז געשטאַנען זיין צוועלפיעהריגער ברודער מנש׳קע.

„גוטמאַן ?"

ער האָט נישט געענטפערט און אָבגעשטעלט זיך קוקען אויפ׳ן ברודער, אָנרוקענדיג די ברעמען. מנש׳קע האָט אָבגעקערט די אויגען און געקוקט אָן א זייט. דער אינגעל האָט געוואָלט עפּיס זאָגען און דאָך מורא געהאַט, מען זאָל איהם נישט פרעגען וועגען דעם.

„געפאַסט ?" האָט גוטמאַן א פרעג געטאָן מיט א שניידענדיגער בויך־שטימע.

דער אינגעל איז נאָך חשך׳דיגער געוואָרען.

„ווי געהט עס דער תענית ?" האָט גוטמאַן געפרעגט

מנש׳קע האָט זיך פּלוצלינג צואוויינט.

„דער בעל הבית האָט מיך ארויסגעטריעבען"...

גוטמאַן האָט נאָך מעהר אָנגערוקט די ברעמען.

„הם !... פאַר וואָס ?"

„איך האָב געוואָלט עסען, האָב איך א שטיקעל חלה ביי דער בעל־הבית׳טע..."

„גע׳גנב׳עט," האָט גוטמאַן אונטערגעזאָגט מיט א פערשטיקטען קול.

ער האָט געמאַכט עטליכע טריט ; דער ברודער נאָך איהם מיט א געוויין.

„איך האָב געוואָלט עסען, איך בין קוים איינגעשטאַנען, נישט געקאָנט ארבייטען."

גוטמאַן האָט נישט געענטפערט. איהם איז נאָך שווערער געוואָרען אויפ׳ן הארצען, עס דריקט איהם ביז צו טרערען. ער בייסט די ליפּען און געהט ווייטער.

נעבען שטוב קומט איהם ענטגעגען דער קלענערער אכטיעהריגער ברודער הירשקע.

„נו ?" פרעגט ער איהם אויך מיט זיין בויך־שטימע.

הירשקע שווייגט און קערט אָב די אויגען.

„ווי געהט עס דיר דער תענית ?" פרעגט ער איהם ווייטעה אָהן רחמנות.

דאָס קינד דרעהט זיך פּלוצלינג אום צו איהם און רעדט פרעהליך ארוים:

„מיר ווילט זיך גאָר נישט עסען, ווי איך בין א איד, מיר ווילט זיך גאָר נישט עסען!"

„גע'גנב'עט ברויט," האָט גוטמאַן ארויסגערעדט האלב פרעגענדיג, האלב זיכער.

„אָ, ניין, גאָר א נייס!" האָט זיך דאָס קינד געהיצט, „איך האָב גאָר היינט נאָך גאָרנישט כמעט געגעסען!"

„און זאט?" האָט גוטמאַן נאָך גרעבער געמאַכט די שטימע.

„איך וויל נישט עסען! ווי איך בין א איד, איך וויל נישט עסען!" ענטפערט דאָס קינד מיט איין ערנסט, וואָס שניידט גוטמאַנ'ען אין הארצען.

„איך בין טאַקי געוועזען אין וואלד!" זאָגט ווייטער דער איינגעל מיט א מין פרייד. „איך און נאָך חברים!... אָ, האָבען מיר דאָרטין אָנגעכאַפּט א סך זומערפויגעלעך... זעהסט, אָ!" — ער האָט אריינגעשפּאַרט די האנד אין בוזים — „אָ, זעהסט"...

ער האָט געהאַלטען א פולע האנד מיט זומערפויגעלעך.

„און אין חדר?" האָט איהם גוטמאַן געפרעגט.

דאָס קינד ווערט פּלוצלינג וויינענדיג.

„איך האָב געוואָלט עסען, האָב איך נישט געקאָנט לערנען!"

גוטמאַן וואַרפט אויף די ברידער א לאַנגען פינסטערן בליק און געהט ווייטער, פאַרביי זיין הויז.

„וואוהין געהסטו? קום אריין אין שטוב..." וויל איהם מנשה אָבשטעלען.

נור דאָס וואָרט „שטוב" שניידט איהם ווי מיט מעסער. ער וואָלט יעצט ענטלאָפען, וואוהין די אויגען טראָגען.

„קום אין שטוב!" האָט הירשקע אונטערגעהאַלטען די בקשה מיט א ריהרענדיגען טאָן, נאָכגעהענדיג נאָך גוטמאַנען.

„געהט אליין! וואָס דאַרפט איהר מיך?" האָט גוטמאַן געענטפערט און איז געגאַנגען ווייטער.

„די מאַמע איז אין כעס,“ האָט מנש׳קע אַרויסגערעדט דורך טרערען.

„די מאַמע וויל שלאָגען,“ האָט איהם הירשקע אונטערגעהאַל־טען מיט געוויין.

גוטמאַן מאַכט נאָך עטליכע טריט, שטעלט זיך אָב און קוקט אויף די ברידער מיט אַ פינסטער־אַנגעקנויטשטער שטערן.

„קום, זעה!“ האָט הירשקע נאָך ריהרענדער געבעטען.

ער האָט אַלץ געקוקט אויף די קינדער, וועלכע זיינען געשטאַ־נען פאַר איהם מיט געבעט־פּנים׳לעך, און ריהרענדיג געקוקט אויף איהם. אַ וואַרמע ליעבע און רחמנות האָבען ערוואַכט און אויפ־געהויבען זיך אין זיין האַרצען, עס האָט זיך איהם עפּיס פערוואָלט אָנהעבען צו גלעטען, קוסען און האַלזען זיי. אויף זיין פּנים האָט זיך בעוויזען אַ שמייכעל.

„קומט!“ האָט ער אַרויסגערעדט פרעהליכער. ער נעמט זיי אָן פאַר די הענד און פיהרט זיי צום הויז. די קינדער האָבען זיך אָנגעשפּאַרט אָן איהם. ער האָט זיי צוגעדריקט צו זיך, און זיין האַרץ האָט איהם אָנגעהויבען שטאַרקער צו קלאַפּען.

„קומט, די מאַמע וועט אייך נישט שלאָגען!“ האָט ער פרעה־ליך און פעסט אַרויסגערעדט. און ער האָט געפיהלט, אז עס ווערט איהם וואַרמער אין אַלע גליעדער.

דער אומעט האָט זיך פעררוקט ערגיץ אָן אַ זייט, אין אַ בע־האַלטענעם ווינקעל אין האַרץ, און בייסט און שטעכט נאָך אונטער אַ ביסעל. נור גוטמאַן וויל עס נישט הערען.

פון דער אויבערסטער גאַס דערהערט זיך אַ מאַרש, איין אויפ־רוף צום טאַנץ.

אין דער אונטערסטער נעבען די שוואַרצע, קליינע הייזלעך האָט מען איהם אונטערגעכאַפּט מיט צעהנדליגער שטימען.

„נו, קינדער, זינגט דעם מאַרש!“ הייסט גוטמאַן. „מיר וועט־לען אַריין מיט געזאַנג און פרעהליך מאַכען די מאַמען...“

ער העבט אָן. די קינדער זינגען איהם נאָך, ווי נישט ווי־לענדיג און נישט גלויבענדיג אין דער סגולה פון דעם געזאַנג. זייערע שטימען ציטערן. אָבער זיין קול ווערט אַלץ פולער און קלינגענדיגער. ער ווערט פלוצלינג פערכאַפּט פון א מין אַלץ פערגעסענדיגער פרעהליכקייט, אָנגעפילט מיט מונטערקייט און שטאַרקייט...

„טראַם, טראַם! טראַם, טראַם, טראַם..."
און זיי זיינגען אריין אין שטוב. —

.1894



# מען הוליעט.

עס האָבען געהוליעט גרשון דער מאָסקוועד זייגערמאַכער, זרח דער פאַרבער, פּנחס דער שלעסער און לייזער דער משרת — אַלע צוזאַמען ביי ברוך דעם באַקאַליי־קרעמער אין זיין קליינער דירה אויפ'ן פיערטען שטאָק. זיי האָבען שטאַרק געהוליעט — געטאַנצט, געשפּרונגען, געזונגען, געלאַכט.

דערהויפּט האָט זיך אויסגעצייכענט גרשון דער מאָסקוועד זייגערמאַכער. ער האָט אַ שטאַרקען הילכיגען קול, נור דער עיקר איז דאָס, וואָס ער האָט אין זיך אַלערליי „שטיק", דאָס הייסט, ער וויים אַ סך נגונים, זינגט אַלערליי קידושים, פון וועלכע „מען דאַרף בלייבען אָהן אַ בויך לאַכענדיג", אַלערליי אַלף־בית'ן און נאָך אַזעלכע אַרטיקלען. — ער איז אַ יונגער מאַן פון אַ יאָהר עטליכע און דרייסיג, נור שוין אין גאַנצען שיוו, וואו נישט וואו האָט זיך נאָך דערהאַלטען אַ שוואַרץ האָר אויף זיין געדיכט בעוואַקסענעם פּנים. די שטערן איז דורכגעשניטען מיט טיעפע קנויטשען און אַרום די אויגען ליעגען בלויע רעדער. אָנגעטאָן איז ער אין איין אַלטען, פערפלעקטען שוואַרצען סיורטוק, פון וועלכען עס הייגען אָב שטיקער אונטערשלאַג. דער רעכטער שטיפעל האָט ביי איהם צו הקפות געפּלאַצט, אָבער אַזוי, אַז דער גאַנצער פוס איז אַרויסגע־קראָכען. ער האָט איהם גלייך אַראָבגעשלעפּט פון פוס, איז מיט איהם געגאַנגען הקפות און געזונגען „עוזר דלים הושיעה נא!". דאָס איז שטאַרק געפעלען געוואָרען, און דער שטיפעל איז שוין פון די הענד נישט אַראָב. אַז מען איז געגאַנגען פון שול, האָט מען דעם שטיפעל אַרויסגעטראָגען פאָראויס מיט אַ מאַרש. דאָס איז געווע־זען דאָס לעצטע מאָל, וואָס גרשון האָט געזעהן זיין שטיפעל — ער איז פערשוואונדען געוואָרען פון אונטער די הענד. גרשון האָט

אראָבגעריסען ביי א בעקאַנטען בעל־הבית פון שול א קאַלאַש און אָנגעטאָן אויפ׳ן באָרפיסען פוס. און אזוי הוליעט ער שוין דעם גאַנצען שמחת־תורה אין איין שטיפעל און אין איין קאַלאַש. דערצו ציהט ער יעדע ווײַלע די פּאָלע פון סיורטוק, ווײַל די הויזען האָבען געפּלאַצט נישט אויף א גוטען אָרט.

פון איהם שטעהט נישט אָב זרח דער פארבער. ער וואָלט נאָך מאַכען בעסער פאר׳ן זייגערמאַכער, ווען ער וואָלט קאָנען נע־מען די הויכע טענער. נור איהם טוט וועה די ברוסט, און ווי ער קומט צו די הויכע טענער, לאָזט ער אָב גרשונ׳ען אַליין. דאמאָלס גיט ער א פיהר מיט די הענד, גלייך ער וואָלט זיך אונטערגעבען און מודה זיין, אז גרשון שטעהט העכער פון איהם אין נגינה. — זיין געזיכט איז געל ווי וואַקס, די באַקען איינגעדאַרט און איינגע־צויגען. דאָס בלאָנדע בערדעל איז שיטער, אויסגעקראָכען. עס בעווייזען זיך שוין גרויע האָר, כאָטש איהם איז ערשט ארום דריי־סיג. זיינע „מלבושים“, ווי אויך די „מלבושים“ פון די איבריגע הוליערס, זיינען נישט בעסער פאר דעם זייגערמייסטערס. ער האָט מעהר נישט א ניי היטעל; דערפאַר אָבער איז זיין ראָק צוריסען אין ארבעל.

פּנחס, לייזער און ברוך, אידען אין די מיטעלע יאָהרען מיט צוקנויטשטע, פער׳דאגה׳טע פּנים׳ער, נעמען נישט אראָב די אוי־גען פון גרשונ׳ען מיט זרח׳ן, קוקען זיי אין מויל אריין און העלפען אונטער. —

אויפ׳ן טיש שטעהט ארמער כיבוד: הערינג, אוגערקעס, קיכלעך...

„קיין סך מאכלים וועט איהר ביי מיר נישט האָבען,“ האָט זיי ברוך א פריער אָנגעזאָגט.

„בראַנפען איז פראַן?“ האָט גרשון געפרעגט.

„ווי דען!“ האָט ברוך געענטפערט.

„און ברויט?“

„נישט צו פערזינדיגען.“

„און הערינג מיט אוגערקעס וועט אויך זיין?“

„כיד המלך!“

„איז נישטאָ וואָס צו רעדען. שאַגאַם מאַרש! דער ווייסער האָרן, דער קרומער משה, אוצו פוצו קוקאַרעקו!“ האָט גרשון אויס־געזונגען מיט׳ן נגון פון „אתה הראית“ און געלאָזען זיך געהן.

אי גרשון, אי זרח, אי פנחס, אי לייזער, זיינען עלענדע אין דער גרויסער שטאָדט, אָהן זייערע געזינדען. זיי האָבען שוין טאַקי געטראַכט, וואו איז מען זיך א ביסעל משמח. יעצט איז א נייע נשמה אין זיי אריין, די שמחת־תורה׳דיגע נשמה.

נאָך אויף די טרעפ ביי ברוך׳ן האָבען זיי שוין אָנגעהויבען א נגון. עס האָבען זיך אויפגעעפענט עטליכע טירען און נייגיעריגע אויגען האָבען בעקוקט די פרעהליכע אידען. זיי האָבען אַלעמען געשריען „גוט יום טוב!“

„שכור׳ע אידען,“ האָט ערקלערט פאַן וואַיצעקס דיענסט איהר פאַני.

„דאָס געהט מען דאכט זיך צו מיר,“ האָט מיט שרעק א טראַכט געטאָן דבורה, ברוך׳ס ווייב, ווען די קולות זיינען צוגעקור־מען נעהנטער צו איהר טיר. זי האָט א וואָרף געטאָן א פערזאָרג־טען בליק אויף דאָס אַלמערל, וואו עס שטעהט ביי איהר דאָס עסענוואַרג; פון אַלמערל האָט זי אריבערגעטראָגען דעם בליק אויפ׳ן אויווען, וואו עס קאָכט זיך איהר וואַרמעס... נור זי האָט נאָך קיין צייט נישט געהאַט עפּיס איבערצולעגען, און די טיר האָט זיך שוין אויפגעעפענט מיט א רעש, און עס האָבען אריינגעשאָטען די געסט מיט ברוך׳ן פאָראויס.

„גוט יום טוב, בעל־הבית׳טע!“ האָבען זיי אויסגעשאָסען.

„גוט יאָהר!“ האָט זי געענטפערט מיט א זיסען שמייכעל.

די געסט האָבען גלייך אָנגעהויבען צו זינגען און צו טאַנצען.

דבורה איז אַרויס אין קיך, ברוך גלייך נאָך איהר.

„וואָס זאָל איך זיי אָנהעבען צו געבען, ווייס איך נישט,“ האָט דבורה ביטער ארויסגעשעפּציעט.

„בראַנפען איז פראַן? ברויט און חלה איז פראַן? אוגערקעס

איז פראַן? איז גוט! זיי וועלען אויף אונז קיין פּאַראיבעל נישט האָבען," האָט ברוך שטיל געענטפערט.

„וואָס איז פראַן בראַנפען, וואָס? וואָס וועט עס קלעקען?" האָט דבורה מיט פערדרוס דערווידערט.

„אז עס וועט אויסגעהן, וועט מען שיקען דעם סטרוזש נאָך בראַנפען."

„שיקען! דו האָסט עפּיס א סך געלד?"

ברוך האָט זיך אזש דערשראָקען.

„ביי דיר איז גאָר גאָרנישט געבליעבען?"

„בלייבען!? פון וואָס האָט דיר געזאָלט בלייבען?" האָט דבורה ביטער געשמייכעלט.

ברוך איז געבליעבען אבהענדיג און האָט טרויעריג אראָבגע־לאָזען דעם קאָפּף.

„נו, מילא!" האָט ער ענדליך ארויסגעזאָגט און איז אריין אין דאָס צווייטע צימער.

אין א ווײַלע ארום איז דבורה אריין מיט די הערינג, אוגער־קעס, חלה, קיכלעך... און דער עולם האָט געהוליעט — עס האָט זיך געלעגט די שטוב. זרח איז ארויפגעקראָכען אויפ'ן טיש, געשפּרונ־גען, העבענדיג די פּיס ביז דער נאָז, און געזונגען:

„הוליע, הוליע, הוליע, קבצן!
הוליע, הוליע, הול־ל־ליע!..."

און די איבריגע האָבען זיך גענומען פּאַר די הענד, געדרעהט זיך ארום טיש, געלאַכט, געזונגען, געשפּרונגען, מאָדנע ווארפענדיג מיט די אַקסלען, שאָקלענדיג מיט די קעפּף און קלאַפּענדיג מיט די פּיס.

נור עס ווערט ווייניגער בראַנפען. ברוך מיט דבורה'ן קוקען זיך איבער מיט טרויעריגע בליקען. אין גיכען מאַכט זיך ברוך ארוים אין קיך; דבורה נאָך איהם.

„דו האָסט גאָר גאָרנישט?" פרעגט ער זי.

„פון וואַנען זאָל איך האָבען?" ענטפערט זי מיט א ביטערען טאָן.

„כאַטש פּופּצעהן קאָפּיקעס ?“

„פון וואַנען ?“ רעדט זי שוין אַרוים מיט פאַרדרוס. „דו האָסט מיר געגעבען ערב יום־טוב...“

נור ברוך וויל נישט אויסהערען איהר חשבון.

„אַ מאוס'ע מעשה !“ זאָגט ער טרויעריג און לאָזט אַראָב דעם קאָפּ.

„עי, וואו זיינען זיי ?“ האָט לייזער אויסגעשריען אין דעם צווייטען צימער און געלאָזען זיך אין קיך.

ברוך איז איהם געגאַנגען ענטגעגען, און דבורה האָט געמאַכט אַ מיענע, ווי זי זוכט עפּיס אין אַלמערל.

„איהר זעהט צו נישט ?“ האָט לייזער געשריען, בעווייזענדיג זיי די לעדיגע פלאַש.

„איך זעה, איך זעה,“ האָט ברוך געשמייכעלט.

„נו ?“

„נ־נ־נו ?“

„מען דאַרף דאָך אָנפילען ?“

„איך ווייס, וואָס מען דאַרף, נאַר...“ ער האָט צושפּרייט די הענד און געדריקט מיט די אַקסלען.

„רבותי, פון די קעשענעס !“ האָט אויסגעשריען גרשון. „איך האָב מיין אייגענם דרייסיג קאָפּיקעס — איך בין דאָך איין אַלטער אפּקורוס.“

„און איך בין אַ כשר'ער איד מיט יום טוב'דיגע קעשענעס,“ האָט זיך זרח געבריעט, פערגלאָצט די אויגען און אויסגעקערט די קעשענעס.

ביי פּנחס'ן האָט זיך געפונען אַ „גילדען“. לייזער האָט אויך געהאַט „יום טוב'דיגע קעשענעס“.

מען האָט אַריינגערופען דעם סטרוזש פון הויף און געשיקט איהם נאָך בראַנפען. די שמחה איז שוין ווייטער געוועזען פאַר־פול...

נור דבורה איז געזעסען טרויעריג. עס האָט זיך איהר עפּיס געגלוסט צו וויינען. אין מח האָבען זיך איהר נישט דייטליך פאַר־

געשטעלט די יענע שמחת־תורה׳ס, ווען מען האָט זיך ביי איהר אין שטוב געגאָסען מיט בראַנפּען. דאָס איז געווען אין יענע גוטע צייטען, ווען זי איז געווען די איינציגע קרעמערין אין גאַס און האָט געהאַט איבער הונדערט בעל־הבית׳טעס, נישט ווי איצטער — איך וויים וואָס פאַר א פּאָר צעהנדליג קליינע בעל־הבית׳טעס, וועל־כע נעמען אָהן געלד און צאָלען נישט אָב.

„וואָס זיצט איהר אזוי ?" האָט זרח איבערגעריסען איהרע גע־דאַנקען. „וואָס ? קיין געלד נישטאָ ?... און ווער האָט געלד ? ועמען לעבט זיך יא גוט ? אלא וואָס ?... מען איז א מענש און מען דאַרף נישט זאָרגען. מיר זיינען דאָך עפּים אידען אויף דער וועלט, הא ?"

ער האָט אָנגעשטעלט די אויגען אויף די חברים מיט אזא קוק, גלייך אין זיין פראַגע וואָלט געלעגען דער גאַנצער שכל, די גאַנצע פילאָזאָפיע פון זייער לעבען.

„טאָ לאָ׳מיר טאַקי נעמען „לחיים" !" האָט איהם לייזער געגע־בען א קלאָרע תשובה.

„און נור טאַקי „לחיים" !" האָט זרח אונטערגעכאַפּט און גענו־מען אָנגיעסען די קעלישיקעס.

נור זיין פילאָזאָפיע האָט ווייניג געווירקט אויף דבורה׳ן. זי איז נאָך טרויעריגער געוואָרען און אויף איהר קוקענדיג האָט ברוך אליין אָנגעוואָרען דעם פריערדיגען מוט.

„אז איהר זאָרגט, דאַרף איך שוין וואָס, הא ?..." האָט זיך דער זייגערמייסטער ארויפגעוואָרפען אויף ברוך׳ן מיט דבורה׳ן. „איהר זייט כאָטש „דיעד דאַ באַבאַ", איהר וואָהנט כאָטש צוזאַ־מען... און איך ? הא ?... מיין ווייב מיט פינף נפל׳עך וואָהנט אין בּף הקלע... איך האָב זיי א קאָפּיקע נישט געשיקט אויף יום טוב... איך האָב נישט געהאַט פון וואַנען... איך אליין האָב מיך דורכגע־שלאָגען דעם יום־טוב : דאָ, דאָרטין, אהין, אהער, אזוי, ווי עס איז — דורכגעקומען ! וואָס האָט זי אָבער געטאָן מיט די פינף נפל׳עך... — זיין קול האָט א ציטער געטאָן און זיין געזיכט האָט אָנגעהויבען

צו קרימען זיך. — „איהר זאָרגט נאָך!" האָט ער דערהעכערט דעם קול און איראָניש ארויסגערעדט. „איהר זעהט, ווי איך געה? אין איין שטיפעל און אין איין קאלאש, און דאָס איז נאָך א פרעמדע קאלאש... נור גאָרנישט... היינט איז שמחת־תורה, מען טאָר נישט זאָרגען... עט! טארא־רא־ראָם, טאַ־רא־רא־ראם, טאַ־רא־רא־ראם!" האָט ער אָנגעהויבען צו זינגען אויף די הויכע טענער, כאָטש די אויבערסטע ליפּ האָט זיך נערוויש בעוועגט.

דער עולם האָט איהם שוואך אונטערגעכאפּט. אַלעמען האָט עפּיס מאָדנע דאָס הארץ געדריקט און עס האָט זיך זיי געוואָלט רע־דען וועגען זייער ארם לעבען, וועגען זייער עלענד און נויט...

„ער זאָגט, ער מיינט, אז ער איז שוין גאָר דער גרעסטער קבצן!" האָט לייזער מפסיק געוועזען אין זינגען. „איך וואָלט אייך דערצעהלען, וואָלט איהר ערשט וויסען... איך האָב נאָך אויף זיך א גוטען בעל הבית, פון וועלכען איך קרעפּיר צעהן מאָל א טאָג. איך וואָלט אייך דערצעהלען..."

„נו, גענוג, נו!... וואָס איז דאָס פאר א רעד אום יום טוב!" האָט זרח איבערגעריסען. „העלפּט!... טאררא, טאררא, טאררא... מיר זיינען אַלע גוטע קבצנים!... טירא־דירא, טריראראם... מיר האָבען אַלע גוטע פּעקלעך... טאראַרא..."

„נאָך וואָסערע!" האָט זיך פּנחס אָבגערופען. „טאם־באם־באם... אַלץ הייסט פּעקלעך!... טאם־באם־באם..."

„איז נישטאָ וואָס צו רעדען!" האָט אויסגעשריען זרח. „איז לעבעדינער! פרעהליכער! טאררא־רא! טאררא־רא!..."

ער האָט אָנגעהויבען צו זינגען מיט אַלע כחות און איז ארויפ־געשפּרונגען אויפ'ן טיש. דער עולם איז טאַקי לעבעדיגער געוואָרען. זיי זיינען אַלע אויפגעשפּרונגען פון די ערטער, האָבען געמאכט א ראָד ארום טיש, ארייננעמענדיג אין קאָמפּאניע דבורה'ן אויך, און אָנגעהויבען צו טאנצען. זיי האָבען זיך אַלע צושריען גאָר אויף די הויכע טענער און געטאָפּעט מיט די פיס, אז אַלץ אין שטוב איז

אונטערגעשפרונגען. דאָס האָבען זיי געוואָלט אריבערשרייען דעם אומעט, וועלכער האָט זיי שטארק געדריקט דאָס הארץ, די שרעקליכע זאָרגען, וועלכע האָבען שטילערהייט גענאָגט און גענאָגט. — אין דער לופט האָבען זיך טרערען געפיהלט.

און אַלץ שטארקער האָבען זיי געשריען, און זרח האָט געמאַכט נאָך גרעסערע קונצען, גאַנץ פערגעסען זיין וועהטאָגדיגע ברוסט און נאָך העכער געזונגען:

„הוליע, הוליע, הוליע, קבצן!...“

.1895



# חיים משרת.

עס איז געוועזען איינע פון יענע ווינטער־נעכט, ווען דער אָרמ־מאַן ווערט ביי זיך שטאַרקער און העבט אָן מיט מעהר עזות צו רע־דען מיט'ן „סומך דלים" און מאָנען ביי איהם התחייבות.

דער פראָסט קנאַקט, ברענט. א שטאַרקער ווינד בלאָזט און העבט אויף פון דער ערד א שנעענעם שטויב, טראָגט און דרעהט איהם אין דער לופט און שמייסט די דורכגעהער אין פנים אריין. עס פערכאַפּט ביי זיי דער אָטעם; דער שנעע־שטויב שניידט שרעק־ליך אין געזיכט.

אין דער לופט טראָגען זיך ארום טויזענדער קללות דעם ווינד און דעם וועטער, און דער ווינד ענטפערט אויף זיי מיט נאָך א העכערען פייפען און וואָיען, מיט נאָך א גרעסערען שטויב.

די גאַסען ווערען לערער; אלע איילען צו בעהאַלטען זיך פאר דעם שרעקליכען וועטער. „אשרי יושבי ביתך!" וויצלען די בעלי־בתים פון וואַרימע און ליכטיגע שטיבער און שמייכלען אונטער, ווי זיי וואָלטען געזאָגט א גרויסע חכמה.

„דער ווינד וועט גלאַט ניט אראָב," זאָגען אָרם און רייך: די רייכע — מיט א מינע פון געלעהרטע לוח־מאַכער, און די איינ־וואָהנער פון פינסטערע, קאַלטע און נאַסע דירות — מיט שרעק. דער אָרממאַן וואַרפט איין אונרוהיגען בליק אויף די ציטערנדיגע שויבען און ראַמען און דערנאָך אויף דאָס קופּקעלע קליינע נפשות, וואָס האָבען זיך צונויפגעדריקט אין א ווינקעל און פערקרימען די פּנימלעך פאר קעלט און אנגסט ביי יעדען פייף פון ווינד.

---

איינגעוויקעלט אין א צוריסענעם טוך מיט דער מאַמעס גרויסע שיך אויף די פיס, איז געלאָפען א מיידעלע פון א יאָהן צעהן—עלף

איבער דער גאַס. דער ווינד פלעגט זי אַלע ווײַלע אָבשטעלען. דאָ האָט ער זיך אַריינגעכאַפּט אונטער דאָס טוך, אָנגעבלאָזען עס ווי אַ זעגעל און געריסען ביי איהר פון קאָפּ; דאָ האָט ער איהר פאַר־שיט די אויגען מיט שניידיגען טרוקענעם שנעע; דאָ האָט ער זיך אַריינגעיאָגט צו איהר אין מויל אַריין, און עס פערפעהלט איהר אָטעם. זי האָט געמוזט אַלע ווײַלע אָבשטעלען זיך, מאַכען צו רעכט דאָס טוך, אויסרייבען די אויגען אָדער איבערקערען זיך און כאַפּען דעם אָטעם מיט אַ קרעכץ. אין וועלכען עס האָט זיך גע־הערט: „געוואַלד, וואָס וויל ער פון מיר?!...“

דאָך הערט זי נישט שטאַרק די קעלט. איהר קעפּעל איז זעהר פערנומען מיט איהר שליחות: זי לויפט רופען איהר טאַטען אַ היים, ווייל דער מאַמען איז עפּיס נישט גוט.

כמעט אַ דערפראָרענע איז זי אַריינגעלאָפען אין גרינפעלד׳ס אייזען־קראָם, וואו איהר טאַטע חיים איז געוועזען אַ משרת.

„זעה, אין אַזאַ וועטער!“ האָט חיים דערשראָקען אויס־געשריען.

איהר האָט אָנגעכאַפּט ביים האַרצען: זי האָט זיך צוּאַוויינט.

„קום אַ היים, דער מאַמען איז ניט גוט!“

חיים איז בלייך געוואָרען.

„איך געה שוין, איך געה!“ האָט ער געזאָגט. „לויף אַ היים, רבקה׳לע!“

„זאָלסט שוין קומען, הערסט!“ האָט איהם רבקה׳לע אָנגע־זאָגט און איז נישט ווילענדיג אוועקגעגאַנגען.

„איך קום שוין, איך קום שוין,“ האָט ער געשטאַמעלט, בע־גלייטענדיג זי ביז דער טיר.

---

ער האָט זי נישט פערהאַלטען, זי זאָל זיך אָנוואַרמען, ווייל ער ווייס, אַז מען דאַרף זי נויטיג אין דער היים. ער ווייס, וואָס דאָר־טען טוט זיך. נאָך אין דער פריה האָט איהם דאָס ווייב אָנגע־זאָגט, אַז היינט פיהלט זי זיך זעהר שלעכט, און ער זאָל זעהן קו־מען וואָס פריער אַ היים, ווארום מאַלע וואָס מען דאַרף. די

באָבע לאה, וואָס איז די לעצטע טעג כמעט פון זיין שטוב נישט ארויס, האָט איהם אויך דאָס זעלבע אָנגעזאָגט. דעם גאנצען טאָג איז ער געשטאַנען, ווי אויף הייסע קוילען; אין אבענד איז ער נאָך אונרוהיגער געוואָרען. מעשה־שטן איז דער אונטער־משרת אוועקגעגאַנגען און זויםט זיך שוין עטליכע שעה, און דער בעל־הבית איז שטארק פערנומען מיט דעם באַלאַנס, ווי פאַר א באַנק־ראָט. ער האָט זיך פערמאַכט פון אין דער פריה אין צווייטען צי־מער, אין קאַנטאָרקע, און מען קאָן מיט איהם א וואָרט נישט רעדען.

יעצט איז ער דאָך צוגעגאַנגען צו דער קאַנטאָרקע, האָט צוגע־לעגט איין אויער צו דער טיר, נור ער האָט גאָר נישט געהערט. ער איז געבליעבען א ווייל שטעהן, ניט דערוועגענדיג זיך אויפצו־עפענען די טיר; זיין פנים האָט זיך פערקרימט פאַר צער. ענדליך האָט ער זיך איינגעשטעלט און אויפגעעפענט א קליינע שפּאַרע. דער בעל הבית, א הויכער, דיקער פינף־און־פופציגער, איז געזעסען אָנגעשפּאַרט אָן ווענטעל פון שטול און געדרויכערט א ציגאַר.

חיים האָט אריינגעשפּארט דעם קאָפּף אין טיר און געמאַכט א רחמנות־פּנים.

„בעל הבית... הערר גרינפעלד...“ שטאַמעלט ער מיט געבעט. „מיין טאָכטער...“

הערר גרינפעלד האָט פערשטאַנען פון חיים׳ס טאָן, אז עס געהט נישט וועגען געשעפט, און איז געבליעבען זיצען אין דער איי־גענער פּאָזע, נישט א קער טוענדיג אפילו מיט׳ן קאָפּף אין חיים׳ס זייט. ער האָט נור א טראַכט געטאָן: „וואָס וויל שוין די פּלאָגע?“ א „צופּ“ געטאָן דעם ציגאַר און אין בייגעל ארויסגעלאָזען דעם רויך.

חיים האָט ווייטער אָנגעהויבען צו שטאַמלען זיין בקשה, נור נאָך מיט א ציטערדיגערן קול.

„הערר... הערר גרינפעלד... מיין טאָכטער... מיין ווייב....“

גרינפעלד האָט זיך צוגערוקט צום טיש, אריינגערוקט דעם קאָפּף אין דאָס גרויסע בוכהאַלטערישע בוך, וואָס איז פאַר איהר געלעגען, און אָנגעקנויטשט די שטערן מיט א פערטראַגענער מיענע.

חיים האָט נאָך א מאָל א מאך געטאָן מיט די ליפּען און אָנ־געהויבען צו צומאכען די טיר, און גלייך ווידער פערנאנדערגע־עפענט, א קוק געטאָן מיט געבעט אויפ׳ן בעל הבית, געוואָלט זאָגען עפּיס און... איז אוועקגעגאנגען פון טיר, לאָזענדיג זי האלב־אָפען. די לינקע באק האָט איהם עפּיס געפלאמט, גלייך עמיץ וואָלט איהם געפּאטשט; אין די אויערען האָבען איהם געקלונגען אלערליי זיד־לעריי, כאָטש קיינער האָט איהם יעצט א וואָרט נישט געזאָגט....

ער האָט פערבראַכען די הענד, אז די פינגער האָבען גע־קנאקט, די האָר האָבען זיך איהם אויפגעהויבען, און מיט גרויס שרעק האָט ער געקוקט אויף די גאסטיר, אז אָט־אָט וועט זיך ווייטער בעווייזען די האלב נאקעטע רבקה׳לע. ער איז עטליכע מאָל צוגעגאנגען צו דער טיר פון קאנטאָרקע, ביז דער בעל הבית האָט זיך אויפגעהויבען פון אָרט און צוגעמאכט די טיר; חיים האָט זיך גאָר פערלאָרען. דאָס פּנים האָט זיך איהם פון הארץ־וועהטאָג, פון יסורים, נאָך מעהר פערקרימט און איז געל געוואָרען.

א לאנגע, שרעקליכע שעה איז פאָרביי. די גאס־טיר האָט זיך געעפענט, און רבקה׳לע איז אריין. ער איז אָבגעשטאָרבען, דערזעהענדיג זי. עס האָט זיך איהם עפּיס ווי אָבגעריסען אין הארצען.

„איך געה שוין... איך געה שוין...“ האָט ער ארויסגערעדט מיט שרעק, נישט ווארטענדיג ביז זי וועט איהם עפּיס זאָגען.

„איך געה שוין!“ האָט זי איהם איבערגעקרימט דורך טרע־רען — „איך געה שוין“ — און קומט נישט! די מאמע שרייט מיט בענומענע קולות, און מיך טרייבט מען ארום!... איך האָב שוין אָבגעפראָרען די פיס, האָב איך אָבגעפראָרען!... קום א היים, קום!“ האָט זי נאָך בייזער אויסגעשריען. „וואָס קאָנסטו זיך נישט אָב־רייסען, וואָס ? !... קום א היים, קום!...“

דאָס הארץ איז איהם פערגאָסען געוואָרען מיט בלוט.

„איך געה גלייך, איך געה...“ האָט ער געשטאמעלט און א לאָז געטאָן זיך צו דער קאנטאָרקע; ער האָט אויפגעעפענט שוין פעס־טער די טיר און גאנץ הויך ארויסגערעדט:

**„בעל הבית, מיין ווייב געהט צו קינד... איך מוז...“**

דער בעל הבית האָט געבלעטערט דאָס גרויסע בוך. ער האָט א ווײַלע געשוויגען און דערנאָך שטיל און קאַלטבלוטיג געענטפערט:

„זי וועט גאַנץ זיין.“

ער האָט אָנגעקנויטשט די שטערן, אָבגעשטעלט זיך אויף א חשבון און דערביי געטראַכט: „ער דאַרף אויך קינדלען... דער שלימזל! אזא מין צרה...“ — ער האָט איבערגעקערט א בלאַט — „אזא מין שלאַק!... א גרויסע זאַך — דאָס ווייב געהט צו קינד! ווי דאָס איז א ביסעל טייער ביי זיך!... ער זעהט, דאַכט זיך...“

„מיין טאַכטער איז שוין דאָ דאָס צווייטע מאָל,“ האָט איהם חיים שוין מיט א ניעדריגערן טאָן איבערגעריסען די מחשבות.

„הער, דול מיר ניט דעם קאָפּ!“ האָט גרינפעלד בייז אויס־געשריען, א קער טוענדיג צו איהם דעם קאָפּ.

„ער זעהט, דאַכט זיך, ווי איך בין פערנומען!“ האָט ער מיט כעס געטראַכט, דרעהענדיג צוריק דעם קאָפּ, און מיט בייזקייט א פיהר געטאָן די אויגען אויף דער געגען־וואַנד, ווי איינער וואָלט דאָרט געזעסען און ער וואָלט איהם געפרעגט: „וואָס זאָגט איהר צו מיין משרת׳עם קאָפּ?“...

„זעהט, בעל הבית...“ האָט חיים אָנגעהויבען נאָך ניעדריגער, מיט מעהר בקשה.

„מאַך צו די טיר, זאָג איך דיר!“ האָט יענער אויסגע־שריען, איבערדרעהענדיג זיך אויפ׳ן שטול און אָנשטעלענדיג אויף חיים׳ען די בייזע אויגען. חיים האָט לאַנגזאם צוריק צוגעמאַכט די טיר.

„נו, וועסט שוין געהן א מאָל?“ האָט איהם געפרעגט רבקה׳לע, וואָס איז געשטאַנען די גאַנצע צייט און געקוקט אויף איהם בייז און קרום.

„איך געה, איך געה...“ האָט ער געשטאַמעלט, רויט ווערענ־דיג פאר בושה פאר דער קליינער טאָכטער.

„זעהסט דאָך!“ האָט ער צוגעגעבען, ווייזענדיג מיט׳ן קאָפּ און מיט דער האַנד אויף דער פערמאַכטער קאַנטאָרקע.

„וואָס זאָל איך זעהען, וואָס?“ האָט די קליינע בייז געשריען, „קום א היים, קום!“

„איך געה שוין... איך געה שוין...“ האָט ער קוים געזאָגט.

„טאַק קום!“ האָט רבקה׳לע אויסגעשריען מיט האַרץ.

„שאַ, שריי ניט אזוי!“ איז ער שוין בייז געוואָרען דערמאָ־נענדיג זיך, אז ער איז א טאַטע, און האָט זיך מיט שרעק אומגע־קוקט אויף דער טיר פון קאָנטאָרקע. „געה אהיים, געה! געה!... שריי דאָ נישט!...“

„יאָ, איך האָב זעהר מורא פאַר דיין בעל הבית!“ האָט זיך די קליינע צושריען. „קום אהיים! איך וועל אָהן דיר ניט געהן!...“

חיים איז צוגעגאַנגען צו דער קאָנטאָרקע.

„ער דאַרף נאָך פרעגען ביי דעם בעל הבית!“ קרימט זיך רבקה׳לע. „מען נעמט און מען געהט!...“

ער האָט געמאַכט מיט׳ן פינגער, זי זאָל שווייגען.

„פש, טייערע זאַכען?“ האָט זי זיך ווייטער געקרימט. „איך האָב טאַקי א סך מורא פאַר איהם...“

„ששש!...“ האָט דער „טאַטע“ שטרענג א מאַך געטאָן אויף איהר מיט דער האַנד.

„יאָ, א ודאי!“ — האָט זי זיך נישט אויפגעהערט צו קרימען. „קום אהיים, קום!...“

חיים האָט ווייטער אויפגעעפענט די טיר.

„איך וועל געהן אהיים, בעל הבית.“

דער בעל הבית האָט נישט געענטפערט, מאַכענדיג א חשבון און אונטערזינגענדיג.

„איך מוז... דאָס ווייב איז...“

„מאַך צו די טיר!“ האָט דער בעל הבית שטרענג געענטפערט פון בוך.

„איך מוז געהן א היים!“ האָט חיים שוין אָנגעהויבען מיט א ברוגז׳דיגען טאָן. „דאָס ווייב איז א פאַרבייאיגע... איך מוז...“

„מאַך צו די טיר, זאָגט מען דאָך דיר!“ האָט גרינפעלד אויס־געשריען און אָנגעשטעלט אויף איהם די אויגען.

„איך מוז אהיים... מיין ווייב...“ איז חיים געשטאנען אויף זיינס.

„א, פּאָדליעץ דו! הונד איינער!...“ האָט זיך גרינגעפלד צו־שריען, אויפשפּרינגענדיג פון אָרט. „ארויס אין אל די רוחות!... דיין פוס זאָל דאָ מעהר נישט זיין!... זאָלסט מעהר ניט וואגען צו קומען אין קראָם!... פּאָדליעץ דו!...“

חיים איז פאר שרעק אָבגעשפּרונגען. ער האָט זיך א ביסעל פערלאָרען, נור גלייך האָט ער זיך א לאָז געטאָן צו דער גאס־טיר און איז ארויסגעלאָפען פון קראָם.

רבקה'לע איז נאָך א ווייל איבערגעבליעבען און, האלטענדיג זיך פאר דער טיר, האָט זי אויסגעשריען גרינגפעלדען, וואָס איז גע־שטאנען אין טיר פון קאנטארקע מיט אויסגעגלאָצטע אויגען פאר כעס: „איהר זייט אליין א פּאָדליעץ! אליין א הונד! א ב ר א נ ד א י י ך א י ן א ל ע א י י ע ר ע ב י י נע ר!“

זי האָט אויף איהם געוואָרפען א פייערדיגען בליק און איז מיט נצחון ארויס פון קראָם.

---

חיים איז שוין געוועזען ווייט. רבקה'לע האָט געדארפט לוי־פען מיט אלע כוחות צו דעריאָגען איהם און, לויפענדיג, האָט זי נישט אויפגעהערט צו שעלטען מיט ביטערע קללות דעם בעל־הבית. חיים'ען האָט עס שטארק הנאה געטאָן; יעדע קללה האָט איהם אנגענעם געקלונגען, ווי א פיינע מוזיק. ער האָט געפיהלט, אז זי טוט א גוטע זאך, אז זי טוט, וואָס מען דארף טון און וואָס ער האָט געדארפט טון, ווען ער זאָל נישט זיין קיין ד ע ר ש ל אָ־ ג ע נ ע ר...

ביי דעם לעצטען געדאנק האָט ער זיך איינגעבויגען, צונויפ־געדרעהט, אראָבגעלאָזען דעם קאָפּ, מאכענדיג א זויערע מינע.

„א דערשלאָגענער, א דערשלאָגענער...“ האָבען קוים געמאכט זיינע ליפּען, און ער האָט דערפיהלט דעם פראָסט מיט דעם ווינד. עס האָט איהם אָנגעהויבען צו שווינדלען; ער האָט זיך געשעמט פאר זיך אליין.

„א דערשלאָגענער, א דערשלאָגענער...“ נור פּלוצלינג איז ער בייז געוואָרען און האָט אָנגעהויבען איבערצוחזרן אין הארצען יעדע קללה איהרע.

ער איז ביי זיך שטארקער געוואָרען און האָט זיך געלאָזט לויפען אין איין אָטעם. ער האָט שוין ווייטער נישט געפיהלט נישט דעם פראָסט, נישט דעם ווינד, וועלכער האָט געפייפט און געוואָיעט, צונויפגיסענדיג זיך מיט רבקה׳לעס קול און פערנאַנדערטראָגענדיג איהרע קללות אין דער לופט. עס האָט זיך איהם געדאכט, אז דאָס פייפט נישט דער ווינד, נור פון איהם אליין, פון זיין הארצען טראָגען זיך די שניידענדיגע קולות. ער האָט אפילו נישט בעמערקט, ווען ער איז ארויפגעקומען אויפ׳ן דריטען שטאָק און צוגעקומען צו זיין וואָהנונג, צו זיין שאַלקע. ערשט ביי דער טיר האָבען איהם פערנאַנדערגעשלאָגען משונה־ווילדע קולות. ער האָט א ציטער געטאָן — ער האָט דערהערט דעם ווייב׳ס קללות.

„זאָל ער נישט דערלעבען קומען א היים, אָי!“ האָט זי ביטערליך געשריען. „פּטור זאָל איך פון איהם ווערען, אָי, אָי! ער קאָן זיך גאָר פון קראָם נישט אָברייסען, אָי, אָי!... א בראַנ...“

א שרעקליך וועה־געשריי האָט איבערגעריסען די קללות און אָנגעפילט דאָס גאנצע הויז.

---

ווי א שווערער פערבּרעכער, מיט א געבויגענעם קאָפּ, אראָבגעלאָזטע אויגען און א האַרץ־קלאַפּענים, איז ער אריין אין זיין וואָהנונג.

זי איז בעשטאַנען פון צוויי קליינע חדרים. אין דעם ערשטען, וואָס האָט געדיענט אַלס קיך און קינדער־צימער צוזאמען, איז כמעט פינסטער געוועזען, נור א קליינער שיין איז אריינגעפאַלען פון דער האַלב־אָפענער טיר פון צווייטען צימער. אין איין ווינקעל האָט זיך געריסען א קליין קינד פון א יאָהר אָנדערטהאַלבען, מיט וועלכען עס האָט זיך געניאַנטשעט איין אונבעקאַנטע שכנה. אין דעם אַנדער ווינקעל האָבען געשלוכצעט אין א קופּקעלע פּיעה

קליינע קינדער און האָבען זיך צולאָזט אויף א קול, דערזעהענדיג דעם פאָטער.

די שכנה האָט איבערגעגעבען רבקה'לען דאָס קינד און ארויפגעוואָרפען זיך מיט זידלעריי אויף חיים'ען. זי האָט געשוואָרען, אז מען טאָר איהם נישט ארייגלאָזען אין א אידיש הויז, אז ער איז נישט ווערט, וואָס די ערד טראָגט איהם, אז אזא מאַן האָט זי נאָך נישט געזעהען, זינד זי איז א שטיקעל מענש.

„איידער אזא מאַן צו האָבען," האָט זי אויסגעפיהרט איהרע טענות, „איז בעסער גאָר נישט געבאָרען ווערען, טפוי!...."

זי האָט אויסגעשפּיגען מיט האַרץ און געוואָרפען א גיפטיגען בליק אויף חיים'ען, פערריכטענדיג דאָס טיכעל אויפ'ן קאָפּף.

ער האָט גאָר נישט געענטפערט. ער האָט מקבל באהבה געווען אלע זידלעריי, פיהלענדיג זיך העכסט שולדיג. דאָך האָט ער מיט די אויגען געבעטען הילף ביי רבקה'לען — זי זאָל זיין מליץ יושר, זי זאָל זאָגען, צו איז ער שולדיג צו נישט. נור רבקה'לעס שווארצע, ברענענדיגע אויגען האָבען אויף איהם געקוקט מיט שנאה און נקמה.

„זעהר רעכט אויף דיר!" האָט זי זיך בייז צושיפעט. „האָסט געדארפט נויטיג פרעגען ביים בעל הבית, נויטיג געדארפט!... דאָ טוט זיך, און ער דארף פרעגען!... איך וואָלט איהם אָנגעשפּיגען אין צורה און אוועקגעגאַנגען!..."

חיים האָט א שווערען, שטילען קרעכץ געטאָן, א פיהר טוענדיג מיט די פּלייצעס, ווי אונטער א שווערען אייזערנעם יאָך, און אראָבגעלאָזען די אויגען.

אין צווייטען צימער, וואָס איז געווען אי א זאַל אי א שלאָף־צימער, האָבען זיך די קולות פערגרעסערט. חיים האָט זיך שטיל פערנאַנדערגעוויינט. איהם האָט זיך פערוואָלט א קוק טון אויפ'ן ווייב — ער וואָלט זי געטרייסט, מיט א וואָרט געהאָלפען; ער וואָלט אויף איהר געקוקט און געהאָלפען ליידען, נור ער קאָן זיך נישט דערוועגען דאָס צו טון: דערזעהענדיג איהם, וועט זי נאָך מעהר אין כעס ווערען און נאָך גרעסערע יסורים האָבען.

עס האָט זיך איהם געוויינט איינמאָל פאר אלעמאָל, איינמאָל פאר אלע זיינע צרות פון זיין ארמען, קנעבטישען לעבען.

„געוואלד, רבונו של עולם!“ האָט זיך איהם ארויסגעריסען פון דעם פערבלוטיגטען הארץ.

דאָס איז געוועזען די בעסטע און שטארקסטע תפלה ביי דעם קנעכט אין מויל...

קוקענדיג אויפ'ן טאטען, האָבען זיך די קינדער נאָך העכער צואוויינט; רבקה'לע איז אויך צוגעשטאנען. „מאמינקע!“ האָבען אלע קינדער געקלאָגט מיט הערץ־רייסענדע קולות.

פון צווייטען צימער איז ארוים די באָבע מיט א געשריי, מען זאָל אויפהערען צו וויינען. נעבען דער קינדבעטאָרין זיינען גע־בליעבען א פּאָר שכנות, וועלכע האָבען געוואָרפען אויף חיים'ען קרומע בליקען און געמאכט מיט די הענד, אז ער זאָל אויפהערען צו וויינען און איינגעמען די קינדער.

עס איז געוואָרען שטילער. חיים האָט אָנגעהויבען צו בערוהי־גען זיך, און די באָבע האָט זיך אויף איהם ארויפגעוואָרפען מיט מוסר.

„ווי האָט איהר דאָס ניט גאָט אין הארצען?“ האָט זי בייז גע־זאָגט. „דאָס דארף דאָך טון עפּעס א גזלן... ווי אזוי קומט מען דאָס ניט אהיים, אין קראָם זאָל אפילו ברענען?!... מען דארף דאָס עפּעס צעהן מאָל שיקען נאָך אייך?!... טפוי!... מיינע שונאים, וואָס ווינשען מיר בייז, זאָלען האָבען אזעלכע מענער! האָט איהר כאָטש געבראכט עפּים געלד?“ האָט זי אויסגעלאָזען מיט פעראכטונג.

„געלד?“ האָט ער ארויסגערעדט ערשטוינט און ערשראָקען.

„וויפיעל געלד?!...“

„וואָס איז דאָס פאר א קשיות!“ האָט זיך די באָבע צושריען.

„פון וואָסער תליה האָט איהר זיך דאָס אָבגעריסען?!... „וויפיעל געלד?!“ האָט זי איהם נאָכגעקרימט. „טפוי!...“

„איך האָב ביי זיך דריי און פיערציג קאָפּיקעס,“ האָט ער שוואך ארויסגערעדט, פיהלענדיג, אז דאָס איז גאָר קיין געלד נישט.

„ווערגט זיך מיט די דריי און פיערציג קאָפּיקעס!“ האָט די אַלטע העכסט אין כעס אויסגעשריען. „אויף מיין לעבען האָב איך דאָך עפּעס אַזאַ מענשען ניט געזעהן!... וואָס וועט מען פריער טון מיט די דריי און פיערציג קאָפּיקעס?!...“ האָט זי איראָניש גע־שריען, ציהענדיג די לעצטע ווערטער. „דאָ דאַרף מען האָבען אַ בוטעל וויין, צימבריק־טראָפּען!... זי האָט דאָך שוין קיין קרעפטען נישט!... מען וועט אפשר דארפען האָבען אַ וואַנע... מען דאַרף און מען דאַרף... און ער האָט דריי און פיערציג קאָפּיקעס!...“ האָט זי זיך ווידער פעו־קרימט. „טפוי! נישט געדאכט זאָל ווערען אַזאַ מענש!...“

ער האָט זיך שטאַרק פערלאָרען.

„וועל איך אַ לויף טון צוריק אין קראָם,“ האָט ער קוים ארויסגערעדט. נור אַ קאַלטער שוויים האָט בעדעקט זיין שטערן, און די האָר האָבען זיך איהם אויפגעשטעלט; ער האָט זיך דער־מאָנט אויף דער סצענע צווישען איהם און דעם בעל־הבית. אַ בליק פול מיט יאוש האָט ער אַ וואָרף געטאָן אויף רבקה׳לען, וואָס האָט זיך געניאַנטשעט מיט דעם קליינעם קינד און צוגעהערט און צוגעקוקט זיך צו אַלץ, וואָס איז פאָרגעקומען אין שטוב.

„קום מיט מיר, רבקה׳ניו!“ האָט זיך ביי איהם ארויסגעריסען געגען זיין ווילען.

די באָבע מיט דער שכנה זיינען אויסער זיך געוואָרען און אָנגעפאַלען אויף איהם.

„ווי שעמט איהר זיך דאָס נישט אַ נפל׳ע צו שלעפּען אין אַזאַ וועטער! אליין האָט איהר מורא צו געהן, וואָס? מען דאַרף דאָך עפּיס האָבען אַ האַרץ פון אַ גזלן, פון אַ רוצח היער?!..“

„און ווער איז אייך דאָ מחויב צו ניאַנטשען זיך מיט די קינ־דער?!...“ האָט די שכנה צוגעלעגט.

ער האָט אַ קוק געטאָן אין פענסטער און זיין געזיכט האָט זיך פערקרימט פאַר האַרץ־וועהטאָג. נור ער האָט גאָר נישט געזאָגט און געקוקט ווייטער אויף רבקה׳לען, וואַרטענדיג, וואָס וועט זי זאָגען.

רבקה'לע האָט געוואָלט צושטעהן צו דער באָבען מיט דער שכנה, דער כעס האָט שוין אין איהר געברענט, נור דעם טאַטענס קוקען מיט געבעטע האָט אויף איהר געווירקט. זי האָט זיך פּלוצ־לינג א העב געטאָן פון אָרט און אויסגעשריען: „איך געה!“ זי האָט אריינגעשפּארט דאָס קינד דער שכנה און אויף גיך איינגע־וויקעלט זיך אין דער צוריסענער שאַל.

די באָבע מיט דער שכנה האָבען געקוועטשט מיט די פּלייצעס.

„א שטוב מיט משוגעים!“ האָבען זיי געמורמעלט.

נור חיים האָט שוין געשמייכעלט. ער איז פרעהליכער געוואָ־רען, האָט מיט זיכערהייט, פרעהליך, פערשפּראָכען אלץ, אלץ ברייננגען און געלאָזען זיך מונטער געהן. ער האָט זיך געפיהלט עפּיס שטארקער מיט דער קליינער טאָכטער — און איהם האָט זיך געגלויבט, אז מיט איהר וועט ער ביי א י ה ם געווים אויסרייסען עטוואָס געלד.

---

אויפ'ן וועג איז ער דאָך צוריק אריינגעפאַלען אין ספקות.

און טאָמער וועט ער פאָרט נישט געבען? ער איז אָבהענדיג און אומעטיג געוואָרען.

„ער וועט נישט געבען, רבקה'לע!“ האָט ער זיך געווענדט צו איהר און אריינגעקוקט איהר אין די אויגען, ווילענדיג וויסען, וואָס טראַכט זי. „וועסט זעהען, אז ער וועט ניט געבען! איך קען איהם שוין זעהר גוט!... ער וועט ווייטער אָנפאַלען מיט קולות און וועט טרייבען פון קראָם!...“

„יאָ, א ודאי!...“ האָט זיך רבקה'לע געקרימט. „א קראנקער וועט ער שוין געבען! איך וועל מאכען אזעלכע קולות, אזעלכע קולות וועל איך מאכען, אז איהם וועט ניט ניחא זיין דאָס לעבען... פינסטער און ביטער וועל איך איהם מאכען!... זאָל ער נור פּרובען ניט געבען!...“ האָט זי אויסגעשריען, קוים כאַפּענדיג דעם אָטעם, און איהרע שווארצע אויגען האָבען געפינקעלט, ווי ביי א טיגער.

חיים'ען זיינען די ווערטער געוועזען א באַלזאַם צום געבראָ־כענעם הארץ. **עס איז איהם ווייטער גרינגער געוואָרען אויפ'ן**

הארצען און ער האָט שוין צוגערעדט גלאַט אַזוי, אום אויסצוקיהלען זיך דאָס הארץ:

„אַ רשע מרושע איז ער, רבקה׳לע!... איך קען איהם שוין.... אַ צורר היהודים!... אַ המן, אַ וואהרער המן, ימח שמו וזכרו!... איין אַרעסטאַנט, רבקה׳לע!...“

„עס מאַכט ניט אויס!“ האָט רבקה׳לע מיט זיכערהייט פעסט געענטפערט. „ער וועט שוין מיר מוזען געבען!... דאָס שווארצע יאָהר וועט איהם שוין נעמען!...“

חיים האָט געקוואָלען; ער איז געוואָרען פרעהליכער.

„אַ מייער קינד!“ האָט ער געטראַכט. „זאָל איהר נור גאָט מאריך ימים זיין! אַ פערגניגען אַזאַ קינד!“

זיינע מיט שנעע פערשאָטענע אויגען האָבען ארויסגעדריקט אַ ווארמע ליעבע צום קינד, וואָס איז געלאָפען נעבען איהם צונויפ־געקאָרטשעט, איינגעבויגען פאר קעלט, און האָט זיך געראַנגעלט מיט דעם ווינד, נישט אויסרעדענדיג קיין אונצופריעדען וואָרט. רבקה׳לע האָט דערפיהלט דעם טאַטענס בליק. זי האָט זיך צוגע־רוקט מיט ליעבע צום פאָטער, אויסגעגלייכט די דארינקע פלייצעס און אָנגעהויבען נאָך שטאַרקער צו געהן.

דער פאָטער מיט דער טאָכטער האָבען זיך געפיהלט שטאַרק און דרייסט און האָבען זיך אפילו פון דעם וועטער גאָר נישט אויס־געמאַכט.

---

נישט ווייט פון קראָם האָבען זיי דערזעהען, אַז דער בעל־הבית מיט׳ן קלענערען משרת פערשליסען זי שוין. חיים האָט פלוצלונג פערלאָרען זיין מוט און מורא געקראָגען צו בעוויזען זיך פאר דעם בעל־הבית.

„געה צו, רבקה׳ניו,“ האָט ער ארויסגערעדט רויט ווערענדיג, שעמענדיג זיך פאר זיך אליין, פאר זיין נישט־מענשליכקייט, פאר זיין ד ע ר ש ל אָ ג ע נ ה י י ט. „געה צו, רבקה׳ניו, און בעט ביי איהם עטוואָס געלד... צוויי־דריי רובעל, רבקה׳לע...“

רבקה׳לע האָט אַ וואָרף געטאָן אויף איהם איהר בייזען קוק.

„אוי, אוי, א מענש!“ האָט זיך ביי איהר ארויסגעריסען מיט שנאה.

חיים האָט געשוויגען. דאָס בלוט האָט איהם ווייטער אריינגעשלאָגען אין פּנים אריין, און ער... איז אָבגעטראָטען ווייטער א ביסעל, אז דער בעל־הבית זאָל איהם געוויס נישט בעמערקען... און רבקה׳לע איז שוין געשטאַנען נעבען גרינפעלד׳ן.

„דער טאַטע האָט געבעטען עפּיס געלד... א דריי רובעלדיגע...“ האָט זי געזאָגט מיט א ברוגזדיגען טאָן.

„זאָג דיין טאַטען, אז איך האָב איהם ניט וואָס צו געבען!“ האָט גרינפעלד געענטפערט, נאָכמאַכענדיג איהר טאָן.

„די מאַמע געהט צו קינד,“ האָט רבקה׳לע דערהעכערט דעם קול. „מען דאַרף האָ...“

דער ווינד איז איהר אריין אין מויל און האָט זי אויף א ווײַלע פערשטיקט. זי איז קוים געקומען צו זיך. פאַר כעס האָט זי צונויפגעדריקט די ציין און א בייזער „אי!“ האָט זיך ארויסגעריסען ביי איהר.

„מען דאַרף האָבען געלד!“ האָט זי זיך צושריען.

„וועט דיין מאַמע האָבען...“ האָט ער קאַלטבלוטיג געוויצעלט. ער האָט אריינגעלעגט די שליסעלעך אין קעשענע, אויפגעשטעלט דעם קאָלנער פון זיין פּעלץ און גענומען אוועקגעהן.

„גיט מיר געלד, גיט מיר!“ האָט רבקה׳לע נאָך העכער אויסגעשריען, פערשטעלענדיג דעם וועג.

חיים האָט דערהערט און איז פערציטערט געוואָרען.

„זי רעדט שוין צו העזה׳דיג,“ האָט ער געטראַכט, און עס האָט איהם שוין פערדראָסען, וואָס ער האָט זי, די העזה׳ניצע, געשיקט.

„נו, מאַרש! אוועק!“ האָט דערוויילע גרינפעלד געקאָמאַנדעוועט. „ניטאָ קיין געלד! געה!... אז דו ווילסט, וועסט דו בעקומען פאַר די פריהערדיגע קללות, פּאַסקודניצע, דו!...“

„פּש! איך האָב זיך א ודאי פאַר אייך דערשראָקען!“ האָט זי זיך געקרימט געגען איהם. „גיט מיר געלד, גיט מיר!... איך וועל פון אייך ניט אָבטרעטען!...“

ער האָט גאָר נישט געענטפערט און איז אוועקגעגאַנגען זיין וועג.

„אזא קליינע פּאַסקודע!" האָט ער געטראַכט, „זי וועט, דאכט זיך, ביי מיר ניט אויספיהרען..."

רבקה'לע איז פון איהם נישט אָבגעשטאַנען. זי איז נאָכגע־לאָפען און גע'טענה'ט אין איין קול: געלד! דער ווינד האָט זי עט־ליכע מאָל פערשטיקט, און רבקה'לע איז אלץ בייזער און בייזער גע־וואָרען און האָט זיך לסוף פערנאַנדערגעוויינט אויפ'ן קול. איהר געוויין איז געווען שרעקליך, הארצרייסענד — אין איהם האָבען זיך געהערט א טיעף אונגליק, גרויסע צרות, יאוש און בייזקייט. ביי חיים'ען, וועלכער איז זיי נאָכגעגאַנגען, האָבען זיך אָנגעשטעלט טרערען; פאַרבייגעהער האָבען זיך אָבגעשטעלט, קוקענדיג מיט פערוואונדערונג אויף דעם גוטען פעלץ מיט דעם אָבגעריסענעם, וויינענדיגען קינד, וואָס לויפט איהם נאָך.

גרינפעלד האָט זיך דערשראָקען פאַר'ן געוויין. עס האָט איהם א שניט געטאָן אין הארצען און פערדראָסען, וואָס ער האָט גאָר אָנ־געהויבען מיט דער „קליינער פּאַסקודע", און ער האָט זיך מיט שרעק ארומגעקוקט. בעגעגענדיג זיך מיט אייניגע בליקען פון די פאַר־בייגעהער, האָט ער זיך נאָך מעהר פערלאָרען און אריינגעלאָזען די האנד אין טאַש.

„מען האָט אפילו ניט געדאַרפט געבען," האָט ער געטראַכט, שלעפּענדיג פון טאַש צוויי פּאַפּיערלעך. „אזא שטיקעל חזיר זאָל אויספיהרען!..."

ער האָט איהר אריינגעשפּאַרט מיט כעס דאָס געלד.

„נאַ, נאַ, פּאַסקודניצע!" האָט ער צוגעשריען, „און מאַרש, אוועק!"

ער האָט זי אָבגעשטויסען פון זיך און איז אוועקגעגאַנגען מיט גרויס פערדרוס, וואָס דאָס „קליין שטיקעל חזיר" האָט ביי איהם אויסגעפיהרט. און דאָך האָט ער זיך ארומגעקוקט מיט גאוה אויף

די פֿאַרבייגעהער, ווי ער וואָלט וועלען, אז זיי זאָלען איהם מודה זיין, אז ער איז א גוטער מענש...

---

רבקה׳לע, דערפֿיהלענדיג אין האנד דאָס געלד, האָט אויפֿגע־הערט צו וויינען און נור שטיל געשלוכצעט. זיא האָט זיי קוים געהאלטען אין איהרע פֿערפֿראָרענע הענטלעך און מיט די פֿער־לאָפֿענע אויגען קוים בעמערקט, אז דאָס זיינען נור צוויי פּאַפּיער־לעך. זי האָט שוין געהאַט בדעה לאָזען זיך לויפֿען נאָך איהם און בעטען נאָך א רובעל. נור חיים איז אונטערגעגאַנגען.

„האָסט!“ האָט ער אויסגעשריען מיט פֿרייד, דערזעהענדיג ביי איהר די פּאַפּיערלעך.

„אָבער נור צוויי רובעל!“ האָט זי בייז און וויינענדיג אויס־געשריען.

„נו, מילא! וואָס קאָן מען מאַכען,“ האָט ער געזיפֿצט. „עס וועט מוזען זיין גענוג צוויי רובעל...“

ער האָט נאָך א זיפֿץ געטאָן און צוגענומען ביי איהר דאָס געלד.

„ער האָט פֿאָרט געגעבען, היי!...“ האָט ער געזאָגט מיט א ברייטען שמייכעל נאָך א קליינעם שווייגען, אויסגלעטענדיג און צונויפֿלעגענדיג די צוויי רובעל.

„נו, אצינד, רבקה׳לע,“ האָט ער אָנגעהויבען מיט זעהר א ליעבליכען טאָן, „לויף א היים, ביזט שוין א דערפֿראָרענע, און איך וועל לויפֿען נאָך וואָס מען דאַרף.“

„געה, רבקה׳ניו! געה, מיין טאָכטערקע!“ האָט ער ארויסגע־רעדט נאָך ווייכער, פֿערריכטענדיג אויף איהר די שאַל.

„ניין, איך וועל שוין געהן מיט דיר,“ האָט זי געענטפֿערט.

חיים׳ען איז דאָס זעהר אנגענעם געוועזען — ער האָט דאָס געוואָלט; דאָך פֿיהלט ער, אז ער טאָר זי נישט ארומשלעפּען מיט זיך.

„געה, געה א היים!“ האָט ער געזאָגט מיט רחמנות. „עס איז דאָך קאַלט...“

„עס מאַכט ניט אויס,“ האָט זי איהם איבערגעריסען. „איך וועל ניט דערפראָרען ווערען.“

זיי זיינען ביידע שווייגענדיג אוועקגעגאַנגען אין אפטייק.

„ער האָט פּאָרט געגעבען!“ האָט חיים ארויסגערעדט פער־טראַכטערהייט, אָבגעהענדיג א ביסעל. אויף זיינע ליפּען איז גע־לעגען א שמייכעל, ווי ער וואָלט בעוואונדערן א זאך, וואָס האָט גאָר קיינמאָל נישט געקאָנט טרעפען.

„יאָ, ער האָט שוין געמאָגט נישט געבען!...“ האָט רבקה׳לע אונ־טערגעכאַפּט, מיינענדיג, אז דער פאָטער רעדט עס מיט איהר. „ער וואָלט שוין ביי מיר שיין אויסגעזעהן! איך וואָלט איהם...“

און רבקה׳לע האָט זיך פערנאַנדערגעקאָכט, צוהיצט, צושריען.

חיים איז געוועזען שטאַרק פערטיעפט אין רעיונות און האָט זי גאָר נישט געהערט. ער האָט אפילו די אפטייק נישט בעמערקט, און רבקה׳לע האָט איהם געדאַרפט אָבשטעלען.

---

„הא, מיין טאָכטער, גוט צו זיין א משרת, הא?“ האָט ער זיך פלוצלינג געווענדט צו איהר, ארויסגעהענדיג פון אפטייק. „א לע־בען, הא? א חיות, וואָס, טאָכטערקע?...“

ער האָט אָנגעהויבען שנעל צו געהן, ווי ער וואָלט ענטלאָפען פון ענטפער. ער האָט נערוויש אָנגעטאַפּט די רפואות אין קעשע־נע, אין קאָפּ איז דורכגעפלויגען א געדאַנק וועגען דעם ווייב און ער האָט נאָך שנעלער אָנגעהויבען צו געהן.

„פאר קיין געלד וואָלט איך קיין משרת ניט געוועזען!“ האָט רבקה׳לע געענטפערט, נאָכלויפענדיג נאָך דעם פאָטער.

חיים האָט זיך אָבגעשטעלט און אויסגעגלייכט מיט רבקה׳לען.

„מיינע שונאים,“ האָט ער געזאָגט און געלאָזען זיך ווייטער געהן מיט איין אראָבגעלאָזענעם קאָפּ, „זאָלען זיין משרתים! אלע שונאי ישראל!... קאַטאָרגע איז דאָס... ערגער פאר קאַטאָרגע!... דעם גרעסטען שונא דארף מען דאָס ווינשען, טאָכטער מיינע... ער־גער ווי א פערקויפטער, איז א משרת... א פגירה האָט געמאָגט איינעמען מיין בעל־הבית, איידער איך האָב איהם דערקענט!...

פופּצעהן יאָהר," האָט ער אויפגעהויבען און איבערגעדרעהט דעם קאָפּף צו רבקה'לען, וואָס איז איהם נאָכגעלאָפען מיט אַלע כוחות, און דערהעכערט דעם קול, „פופצעהן יאָהר, אז איך דיען שוין ביי איהם ערגער ווי ביי פּרעה'ן אין מצרים... ערגער, רבקה'לע, א סך ערגער!..."

ער האָט געציטערט ווי אין א קדחת. אין די אויערן האָבען איהם געקלונגען אַלערליי קללות און זידלעריי; אויפ'ן באַק האָט ער געשפּירט פינגער, דיקע, געזונדע פינגער, און ער האָט זיך צונויפגעקאָרטשעט, ווי ער וואָלט וועלען ראטעווען זיין רוקען פון פעסטע פויסטען... נור גלייך האָט ער זיך ווידער דערמאָנט אויפ'ן ווייב און אָנגעהויבען נאָך האסטיגער צו געהן...

„פאר קיין געלד וואָלט איך, דאכט זיך, ביי איהם ניט געוועזען," האָט רבקה'לע גע'טענ'עט. „איך וואָלט איהם שוין לאנג א פולע צורה אָנגעשפּייט..."

„זאָג דאָס ניט, טאָכטערקע," האָט חיים זי איבערגעריסען שוואך און אומעטיג, „די נויט ברעכט אייזען!... אז מען קאָן ניט אריבער, מוז מען ארונטער, קינד מיינס!..."

ער האָט שווער א זיפץ געטאָן.

„א ודאי, זעה אקאָרסט, ווי גלויבסטו," האָט זיך רבקה'לע צוהיצט, און איהרע אויגען האָבען אויסגעדריקט שנאה צום פערקנעכטעטען, דערשלאָגענעם פאָטער, „איך וועל אפשר אויך דיענען?!... אויך זיין א משרת?!... ניט דערלעבען וועט דאָס קיינער!..."

„דיך זאָל שוין גאָט אויסהיטען דערפון!" האָט חיים געענטפערט אזוי ריהרענד, אז רבקה'לע האָט אין הארץ באַלד מיט איהם שלום געמאכט.

---

אין דער היים, ווען אַלע זיינען אָנגעפאַלען אויף איהם, וואָס ער האָט זיך אזוי פערזאמט מיט די רפואות, איז שוין רבקה'לע זיין מליץ יושר געוועזען און האָט זיך מיט אַלעמען אם בעסטען אָבגעטענ'עט.

„געהט איהר פּרובען בעטען געלד ביי זיין בעל הבית, זאָל איהם אראָב די נאָז!“ האָט זי געגראַמט.

חיים האָט פון איהר געקוואָלען, נחת געקליעבען.

„זי וועט שוין, דאַכט זיך, געווים קיין משרת ניט זיין“ — און זיין האַרץ איז געוואָרען לאַנג און ברייט.

די מחשבות זיינען איהם פון קאָפּף נישט ארויס די גאַנצע נאַכט. זאָגענדיג תהלים, פערגלאָטצענדיג די אויגען צום הימעל און בעטענדיג הילף פאר זיין ווייב, האָט ער פאר איינוועגס געבעטען, א גאָט זאָל איהם אויסלייזען פון משרת'ים און זיינע קינדער גאָר נישט ברייגגען דערצו.

חיים האָט פּראָטעסטירט! ער האָט פּראָטעסטירט געגען פונפצעהניעהריגע צרות, קלעפּ, שלעג, זידלעריי, געגען פונפצעהניעהריגע אונטערטעניגקייט, אונטערדריקטהייט, דערשלאָגענהייט, געגען פונפצעהניעהריגעם זיין „יענעם'ס א מענש“...

ביסלעכווייז האָט ער זיך אָנגעהויבען צו פיהלען שטארקער, פרייער; עס האָט זיך איהם שוין אויסגעדאַכט, אז ער האָט אראָבגעוואָרפען פון זיך די קייטען, אז ער איז פּטור געוואָרען פון דעם פריערדיגען לעבען.

עס האָט זיך איהם געדאַכט, אז זיין תפלה איז דערגאַנגען און צוגענומען געוואָרען.

„מזל טוב!“ האָבען איהם איבערגעריסען די מחשבות די שכנות און דער באָבעס פרעהליכע שטימען.

„מזל טוב!“ האָט די באָבע איבערגעחזר'ט, „א צווילינג, אוןביידע אינגלעך!... אָבער איז עס צוגעגאַנגען!...“

נור ער האָט זי נישט געהערט. מיט איין שפּרונג איז ער שוין געוועזען נעבען דער קינדבעטאָרין. פון זיינע אויגען האָבען זיך געגאָסען טייכען טרערען, נור דאָס זיינען געוועזען טרערען פאר שמחה, פאר גליק, אויף וואָס ער האָט געהאָפט.

ער האָט אָנגעווינשט זיך — זיך אליין מיט דעם ווייב — און די נייגעבאָרענע קינדער אלעס גוטס מיט לאַנגע יאָהר.

„נור קיין משרתים זאָלען זיי נישט זיין, רבונו של עולם!" האָט ער ארויסגערעדט זעהר ריהרענד, מיט געבעט.

דאָס ווייב האָט יעצט אַלעס פערשטאַנען און אויפגעהערט ברוגז צו זיין אויף איהם פאַר היינטיגע נאַכט.

„אמן הלואי!" האָט זי געענטפערט מיט טרערען. „דער אויבערסטער זאָל שוין אונז אויך אויסלייזען און צושיקען א בע־סערע פרנסה."

חיים איז עפּיס אינגער געוואָרען. זיין אכט־און־צוואַנציג־יעהריג פּנים, וואָס האָט בעקומען קנויטשען פאַר דער צייט, האָט זיך א ביסעל אויסגעגלעט. דאָס ווייב האָט זיך אויך אָנגעהויבען צו פיהלען שטאַרקער, און זייערע בליקען האָבען זיך צונויפגעגאָסען מיט ליעבע און טרייהייט.

און רבקה'לעס אויגען האָבען געקוקט אויף טאַטע־מאַמע מיט גרויסער רחמנות און וואַרמער ליעבע...

---

אויף מאָרגען אין דער פריה, ווען עס איז געקומען די צייט צו געהן אין קראָם, איז איהם געוואָרען זעהר ביטער. ער איז וויע־דער חושכ'דיג און איינגעקנויטשט געוואָרען. ער האָט זיך דאָך אָנגעטאָן און געלאָזען זיך געהן: דאָס ווייב האָט אויך געהייסען געהן — ער וועט דאָך יעצט, ווען זי ליעגט אין קינדבעט, נישט בלייבען אָהן א שטעלע.

„וואוהין געהסטו?" האָט איהם אָבגעשטעלט די קליינע רבקה'לע.

„אין קראָם. וואָס איז?" האָט ער זי געפרעגט, פערשטע־הענדיג איהר פראגע, נור ווילענדיג וויסען, וואָס וועט זי זאָגען.

„איך וואָלט איהם א סך אָנגעזאָגט," האָט די קליינע בייז געזאָגט. „ער וואָלט שוין לאַנג וואַרטען!... נאָך געהן בעטען זיך ביי איהם..."

ער האָט גאָר נישט געענטפערט און איז אוועק. רבקה'לע האָט איהם נאָכגעשיקט זעהר א בייזען קוק, וועלכען ער האָט גוט געפיהלט, כאָטש ער האָט איהם נישט געזעהען.

מיט איין אראבגעלאָזענעם קאָפּף איז ער אריין אין קראָם. אויף זיינע ליפּען איז געלעגען א נארישער שמייכעל; די רעכטע האנד האָט ער געהאלטען הינטער'ן אויער.

„מיין ווייב האָט געהאט א צווילינג, צוויי אינגלעך," האָט ער חניפה'דיג געזאָגט דעם בעל־הבית אָנשטאָט א „גוט מאָרגען".

„מזל טוב דיר!" האָט דער בעל־הבית איראָניש געענטפערט, קרום און מיט פעראכטונג א קוק טוענדיג אויף איהם. „אין דעם ביזטו געראָד געראָטען... שוין גלייך א מנין?..."

„ניין, ערשט א צווייענדיגע קאדריל!" האָט חיים געוויצעלט מיט'ן נארישען שמייכעל.

„פּארך איינער!" האָט דער בעל־הבית בייז ארויסגערעדט, דערמאָנענדיג זיך אויף דאָס נעכטיגע.

חיים האָט גאָר נישט געענטפערט. מיט'ן שמייכעל פון א ד ע ר ש ל אָ ג ע נ ע ם האָט ער זיך געשטעלט אויף זיין אָרט הינ־טער'ן פערקויף־טיש.

אינוועניג, אין זיך, האָט ער נור א שטילען און לאנגען זיפץ געטאָן...

.1894



# אויסגעפיהרט.

משה לייב דער שלעסער איז געבאָרען געוואָרען צו זיין איין ארטיסט — א „מאקאציאָר", ווי עס זאָגט די גאנצע שטאָדט, פער־דרעהענדיג דאָס וואָרט „אקטיאָר". ער האָט אין זיך אזעלכע שטיק, זאָגט מען, אז מען קאָן בלייבען אָהן א בויך לאַכענדיג. וואָו משה לייב איז, דאָרטין איז פרעהליך, און כאָטש זיין געזיכט איז, דאַכט זיך, שטענדיג ווי מיט א וואָלקען בעצויגען. שטעלט ער זיך ערגיץ צו, וועט שוין ארום איהם ווערען א רעדעל, אלע מיט אָנגע־שטעלטע אויגען און אויערן, אָנגעגרייט צום לאַכען. דער עיקר געראָט איהם נאָכצומאַכען איין אלטער פרוי. דאַרף ער נור פער־לעגען די אונטערסטע ליפּ אויף דער אויבערסטער, ארויפלעגען די רעכטע האַנד אויף דער באַק און ארויסלאָזען א זויערן, קוויטשיגען טאָן אָהן ציינער, צולעגט זיך שוין דער עולם פאַר געלעכטער.

דערפאַר איז קיין וואונדער נישט, וואָס זיין בעל הבית, אָבלאָ־זענדיג די ארבייטער פּורים ביי טאָג, האָט געבעטען איהם צו זיך צו דער סעודה משמח צו זיין א ביסעל.

משה לייב איז נישט זעהר צופריעדען געוועזען פון דער איינ־לאַדונג און האָט געענטפערט מיט א האַלבען מויל.

דער בעל הבית האָט א וואָרף געטאָן אויף איהם א בליק פון אונטער דער שטערן.

„זאָלסט קומען, הערסט!" האָט ער איבערגעחזרט און געקוקט אויף זיין „מענש", וואָס פאַר א מיענע יענער וועט מאַכען.

„גוט," האָט משה לייב שוואַך ארויסגערעדט, נעמענדיג זיך פאַר דאָס הענטעל פון דער טיר.

„מען זאָל נאָך דיר נישט דאַרפען שיקען!" האָט איהם נאָכגע־שריען דער פאַבריקאַנט.

משה לייב איז ארויס, און דער פאַבּהיקאַנט האָט א מאך גע־טאָן מיט׳ן קאָפּ אין זיין זייט, ווי ער וואָלט וועלען זאָגען: „וואָס זאָגט מען צו היינטיגע מענשען, ווי זיי מאַכען דאָס א ביסעל קור־ראזש!...“

אויף דער גאַס זיינען צוגעגאַנגען צו משה לייב׳ען דריי אַר־בייטער פון זיין פאַבריק: זלמן לאַמינע, מענדעל קאָסאָי און חיים דער גרינער.

„הער איהם נישט,“ האָבען זיי אָנגעהויבען, איבערשלאָגענדיג איינער דעם אַנדערן, „זיי בעסער אין דער היים. מיר וועלען קומען צו דיר, מיר וועלען פערברייינגען. מאַלע ער וויל! הער איהם נישט!“

„און וואָס אַרט מיך, אז איך וועל גערן?“ האָט משה לייב געענטפערט.

„וואָס אַרט דיך?! פּרא־אדם!“ האָט זיך זלמן לאַמינע צו־בייזערט. „וואָס, ביי דיר איז קיין געזינד נישטאָ? ביי דיר דאַרף מען צו דער סעודה נישט זיצען?“

משה לייב האָט געשוויגען. ער האָט דאָס אַליין געקלערט, דערפאַר האָט ער דאָך דעם בעל־הבית געענטפערט מיט א האַלבען מויל.

„זיי נישט קיין פערד און זיץ אין דער היים,“ האָט צוגעגע־בען מענדעל קאָסאָי. „מיר וועלען קומען צו דיר און פערברייינגען א ביסעל די נאַכט. איהם וועט זיין פרעהליך אָהן דיר, נישט קשה!“

„גלאַט, ע ר וויל זיך פרעהליך מאַכען, דאַרף דיין געזינד האָ־בען א פערשטערטען פּורים?“ האָט אונטערגעכאַפּט חיים דער גרינער.

„מיר וועלען זעהן,“ האָט משה לייב געענטפערט מיט איין אור־מעטיגער מיענע.

„ניין,“ האָבען אויסגעשריען די ארבייטער, „מיר האָבען נישט וואָס צו זעהן! דו זאָלסט טאַקי זיין אין דער היים!“

„שטויב, דרויב, משה לייב,“ האָט משה לייב גלאַט אַזוי זיך אַרויסגערעדט מיט אַ טיעפען זיפץ, אויף קיינעם נישט קוקענדיג.

די חברים אָבער האָבען דאָס אָנגענומען פאַר אַ גוטען סמן.

„זאָלען מיר, הייסט עס, קומען צו דיר ביי דער נאַכט?“ האָט זלמן געפרעגט און אַריינגעקוקט איהם אין די אויגען.

„קומט... מילא... מיר וועלען זעהן....“ האָט משה לייב אָבגעשטאַמעלט.

„ווי איך בין אַ איד, אַז דו ביזט אַ גרויסער נאַר, אַ פערד און אַ שוטה דערצו!“ האָט זיך זלמן צוהיטצט און איז אָבגעשפּרונגען פון משה לייב'ען, פערנאַנדערשפּרייטענדיג די הענד.

„פע, טאַקי אַ מאָדנער נאַר!“ האָט געזאָגט מענדעל.

„אַ פערד, אַ בהמה!“ האָט צוגעגעבען חיים.

„וואָס, דו האָסט קיין חיים נישט?“ האָט זלמן גע'טענ'עט.

„ווי לאָזט מען דאָס גלאַט אַ געזינד אַליין?“ האָט מענדעל געזאָגט.

„איך זאָל אפילו וויסען, אַז ער וועט מיך מאָרגען אָבזאָגען, וואָלט איך נישט געגאַנגען. ביי מיר איז אויף יום־טוב!“ האָט חיים אונטערגעכאַפּט.

„ווי דען? אַזוי דאַרף זיין!“ האָט פערשטאַרקט זלמן.

„אַ ודאי!“ האָט זיך מענדעל געחתמעט.

און... מען איז זיך צוגאַנגען מיט דעם, אַז משה לייב „וועט זעהן“...

---

„דער בעל־הבית האָט געבעטען, איך זאָל קומען צו איהם צו דער סעודה,“ האָט ער געזאָגט חנה'ן זיין ווייב, קומענדיג אַ היים. ער האָט גערעדט מיט אַ מיענע, גלייך איהם וואָלט שווער געוועזען מודה צו זיין זיך אין עפּיס אַ זינד.

„נו, און דו וואָס קלערסט?“ האָט זי איהם געפרעגט און אַ וואָרף געטאָן אויף איהם אַ שטעכעדיגען בליק.

„וויים איך?“

„ווי הייסט „ווייס איך“ ? וואָס טייטש „ווייס איך“ ?“ האָט זי דערהעכערט דעם קול.

„מע דאַרף געהן, רעכען איך,“ האָט ער שוואַך אַרויסגערעדט.

„ווי הייסט, „מע דאַרף געהן“ ? און איך מיט די קינדער זאָלען זיצען און חשך׳ן ?“ האָט זי געזאָגט מיט איין איינגעהאַלטענעם טאָן און אָנגעהויבען בלייך צו ווערען.

ער האָט געשוויגען און געקלאַפּט מיט׳ן פינגער אויפ׳ן טיש.

„ווי לעגט זיך דיר דאָס גאָר אויפ׳ן זינען ?“ האָט זי שוין אָנגעהויבען הויך. „ווי איז גאָר דאָס רעכט ביי דיר ? וואָס ביזטו ביי איהם א פערקויפטער, וואָס ?“

„ער נויט דאָך מיך נישט פון קהל, ער האָט מיך געבעטען !“ האָט משה לייב געפּרובט פעררעדען זיין בעל־הבית.

„ווי בעט ער דאָס גאָר ?“ האָט זיך דאָס ווייב צושריען. „פאַר וואָס זאָל ער גאָר בעטען ? וואָס איז, ער ווייס נישט, אז דו האָסט אַליין א געזינד ? נור דיך אַרט דאָך זעהר שטאַרק דיין געזינד ! פון דיינעט וועגען מאָגען מיר אַלע אויף דער וועלט נישט זיין ! דו ביזט דען אויך א מענש ?“

אין איהר קול האָבען זיך שוין געפיהלט טרערען.

„שאַ, איך געה דאָך נאָך נישט !“ האָט משה לייב בייז אויסגעשריען.

„ניין, פאַר וואָס זאָלסטו גאָר איבעררעדען,“ האָט זי געשריען מיט טרערען אויף די אויגען. „דער בעל־הבית בעט דיך, דאַנק איהם אָב און זאָג איהם, אז דו קאָנסט נישט קומען, דו האָסט אַליין א געזינד, און גענוג — אויס מאַרק ! וואָס איז נאָך דאָ דער ישוב הדעת ?“

משה לייב האָט אַראָבגעלאָזען דעם קאָפּ.

„דו האָסט נאָך מסתמא צוגעזאָגט צו קומען ? “ האָט חנה גע־פאָרשט, איינדרינגענדיג אין איהם איהר בייזען בליק.

משה לייב האָט זיך געשמעלט ביים פענסטער, געשריעבען מיט׳ן פינגער אויף דער שויב און געשוויגען.

„האַ ? צוגעזאָגט ? צוגעזאָגט ?“ האָט חנה גיפטיג געשיפּעט.

„װעלען מיר זעהן, צו װעסטו געהן, צו נישט! װעלען מיר זעהן! סײדען דו װילסט אָנמאכען ליטיש געלעכטער, סײדען!"

זי האָט זיך שױן געװאָרפען, געשיקט פײערדיגע בליקען דעם מאַן און געקלאַפּט אַן טיש מיט דער קװאָרט, װעלכע זי האָט גע־האַלטען.

„װי איז דאָס א מענש מיט א דעת..." האָט זי אָנגעהױבען צו ארבײטען מיט די הענד.

„װיפיעל בראָנפען זאָל איך קױפען?" האָט ער זי איבער־געריסען.

זי האָט זיך אָבגעהאַקט, געהאַלטען א װײלע די הענד אין דער לופטען און אראָבלאָזענדיג זײ, געזאָגט מיט פעראַכטונג:

„קױף, װיפיעל דו װילסט! װאָס פרעגסטו בײ מיר? נײע נײסען!"

און דאַן האָט זי װײטער אָנגעהױבען איהרס, נור שװאַכער:

„איך זאָג טאַקי, װי איז דאָס א מענש מיט א דעת"...

משה לײב איז ארױס פון שטוב.

„אױ, אױ, אױ, אױ!" האָט זי איהם נאָכגעשיקט. „אַלע מענשען, װאָס װינשען מיר בײז, זאָלען זײן אַזעלכע מענשען װי ער איז!"

---

פון דעסטװעגען איז זי פרעהליכער געװאָרען און האָט א גאַנ־צען טאָג געבאַקט און געקאָכט „מיט לײטען צו גלײך". ער האָט אױך געבראַכט פון גאַס „כל טוב": בראָנפען, הערינג, דרײ אַפּעל־סינען, א צעהנדליג עפּעל.

„ען," האָט זי גערעדט בעפריעדיגט, אײנשטעלענדיג דאָס אַלץ אין אַלמערל, „גלאַט װעלען אװעקגעהן צום בעל הבית! מיך אַרט נישט, אז מען װעט בײ אונז אױך פערברײנגען. שלח מנות האָט מען, דאַנק גאָט, פערשפּיעלט... בּאָרכ־אָ־שעם, אױף דאָס כאַפּט נישט די ביטערע פּרנסה... זאָל נאָך דאָס שטיקעל סעודה אױך נישט זײן!... דעם פּעמפּיק װילט זיך! נישט קשה, ער װעט זיך אָנזױפען אָהן דיר..."

די אייגענע ווערטער האָט זי איבערגעחזרט, זעצענדיג זיך צו דער סעודה. זי איז געוועזען צופריעדען, וואָס ער האָט זי גע־פאָלגט, נור זי האָט איהם נישט געקאָנט מוחל זיין, וואָס ביי איהם איז גאָר רעכט געוועזען אוועקצוגעהן צום בעל הבית.

משה לייב האָט אויסגעהערט איהרע טענות שווייגענדיגער־הייט. ער האָט נור געטראַכט, וואָס וועט איהם מאָרגען זאָגען דער בעל הבית.

„מילא, אָבשמייסען וועט ער מיך דאָך נישט," בעשליעסט ער ביי זיך און קוקט זיך אַרום אויף ווייב און קינדער מיט א שטיע־פערישען בליק — גלייך וועט ער זיי שוין לוסטיג מאַכען.

אין שטוב איז געוועזען ריין און ליכטיג. חנה האָט זיך אָנגע־טאָן יום־טוב'דיג און איהר פנים איז איינגער געוואָרען. זי האָט אויך די פיער קינדערלעך אויסגעוואשען און צוגעקליעבען, ווי זי האָט נור געקאָנט, פערנעהענדיג פאר נאַכט די לעכער און ריסען אין זייערע בגדים'לעך. זי האָט זיך גע'בריה'ט, געוואָלט בעצאָלען דעם מאַן פאר איהר נצחון, און בעוויייזען איהם, אז עס האָט זיך איהם געלוינט צו בלייבען אין דער היים.

נור זיי האָבען נאָך קיין צייט נישט געהאַט אָראָבצושלינגען די ערשטע „המוציא", איז געקומען דעם בעל־הבית' קלענערער זוהן, א אינגעל פון א יאָהר פיערצעהן.

„זעה, ער האָט זיך גאָר אַוועקגעזעצט עסען!" האָט ער אויס־געשריען. „דער טאַטע האָט געהייסען שוין קומען!"

ער איז צוגעגאַנגען און האָט אָנגענומען משה לייבען פאר'ן ארבעל. משה לייב האָט געשמייכעלט און געקוקט אויף דאָס ווייב. חנה האָט געוואָרפען ברגז'דיגע בליקען אויפ'ן אינגעל.

„קום, נו, קום!" האָט יענער געשלעפּט משה לייבען.

„וואָס, „קום, נו, קום"?" האָט חנה בייז אויסגעשריען. „איהר־ט־צעך בעגעהן אָהן איהם אויך... אָהן איהם איז ביי אייך די שמחה קיין שמחה נישט?"

אָבער דער אינגעל האָט זיך גערעדט זיינס און געצויגען משה לייבען פאר'ן ארבעל.

„נו קום, נו קום! דער טאַטע האָט אָהן דיר נישט געהייסען קומען!“

„איך וועל אָבעסען די סעודה, וועל איך קומען,“ האָט משה לייב געזאָגט מיט אַ שמייכעל, קוקענדיג אויף דאָס ווייב.

„אַ האָר אויך נישט!“ האָט יענע אויסגעשריען, „ביי אונז איז אויך פּורים! ער דאַרף קיין ערטער נישט זוכען, וואו משמח צו זיין! דו וועסט גאָר נישט אָנהעבען צו געהן!“ האָט זי געשיפּעט צום מאַן.

אָבער דער אינגעל האָט איהם אַליין געשלעפּט, דורכלאָזענדיג פאַרביי די אויערן חנה'ס רעד.

„נו, גיכער, העב זיך! קום!“

„אַז איך האָב געזאָגט, ער וועט נישט געהן, האָט איהר נישט וואָס צו שלעפּען!“ האָט חנה אויסגעשריען, אויפשפּרינגענדיג און אראָבלאָזענדיג זיך צוריק אויפ'ן שטול.

„אָהן דיר וועל איך נישט אַוועקגעהן,“ האָט געטענה'ט דער אינגעל. „קום, נו! מען דאַרף זיך גאָר ביי איהם בעטען!...“

משה לייב האָט נור געקוקט אויף חנה'ן. דער אינגעל האָט דערווייל אויפגעזוכט משה לייב'ס מאַנטעל און דערלאַנגט איהם משה לייבען.

משה לייב איז געפאַלען אויף אַ פּלאַן.

„ווייסטו גאָר וואָס, חנה, איך וועל יעצט געהן און וועל באַלד קומען.“

זי איז אויף דערויף נישט איינגעגאַנגען.

„דרעה מיר קיין קאָפּ נישט! ער וועט באַלד קומען! נאָך וואָס וועסטו זאָגען?! אפילו אויף אַ מינוט וועסטו אויך נישט געהן!“

דער בעל־הבית האָט דערווייל צוגעשיקט זיין זוהן פערשטאַר־קונג: צוויי בחורים, משרתים פון זיין קראָם.

„וואָס לאָזט'ע זיך אַזוי לאַנג בעטען?“ האָט איינער אויס־געשריען.

„וועסט ערגער מאַכען, האָט דער בעל הבית געזאָגט," האָט צוגעגעבען דער צווייטער.

„די פּלונית'טע לאָזט נישט," האָט משה לייב געשמייכעלט.

חנה איז אויפגעשפּרונגען פון שטול און האָט זיך צושריען.

„ער וועט נישט געהן! ער איז נישט קיין פערקויפטער! ער וועט נישט געהן! לאָז ע ר נישט סטראַשען! „ערגער מאַכען"! מען נעמט ביי איהם קיין נדבות נישט! נישטאָ, איך וועל נישט לאָזען! ער וועט נישט געהן!" האָט זי זיך צושריען גאָר אויף די הויכע טענער, דערזעהענדיג ווי די משרתים האָבען גענומען העבען משה לייבען פון אָרט. זי האָט זיך א וואָרף געטאָן צו זיי.

„ע, מיר לאַכען פון דעם!" האָבען זיי געזאָגט, אָבשטופּענדיג חנה'ן. זיי האָבען גענומען משה לייבען אונטער די אָרמס און ארויסגעפיהרט איהם פון שטוב. ער האָט נור געשמייכעלט...

---

חנה איז געבליעבען מיט די קינדער. דער כעס האָט אין איהר געברענט, זי האָט עפּיס נישט געוואוסט, וואָס זי זאָל טון. זי האָט געוואָרפען פייערדיגע בליקען אין אַלע זייטען, בייז אָבגע־רוקט אַלע שטולען פון טיש; פאַרבייגעהענדיג האָט זי אראָבגעוואָר־פען א טעלער און צובראָכען. דאָס האָט זי נאָך מעהר צורייצט.

„א בראָך זאָל שוין זיין צו זיינע יאָהרען!" האָט זי אויסגע־שריען. „אונטערברעכען זאָל ער זיך דעם קאָפּ!... אי, מיין לע־בען!" האָט זי פּלוצלינג א קוויטש געטאָן און געגעבען זיך מיטביידע פויסטען אין קאָפּף.

די פיער קליינע קינדער האָבען זיך דערשראָקען און צוּאַ־וויינט.

„וויינען זאָלט איהר שוין נאָך אייער טאַטען!" האָט זי זיך ארויפגעוואָרפען אויף זיי. „שטום זאָלט איהר מיר ווערען!" האָט זי געקווייטשעט און אָנגעהויבען צו שלאָגען אויף רעכטס און לינקס.

די קינדער זיינען צולאָפען פון טיש און בעהאַלטען זיך אי'ן די ווינקעלעך.

„מיין ביטער הארץ וועל איך אויסלאָזען צו אייער קאָפּ, צו

אייער לייב און לעבען, צו אייערע הענד און פיס!" האָט זי גע־ברילט.

זי האָט זיך שווער אַראָבגעלאָזען אויף דאָס הילצערנע זייט־בעטעל און מיט אַ ווילדען קוק געקוקט ארום זיך. עס האָט זיך איהר עפּים געוואָלט טון — דאָס הארץ איז איהר שיער נישט ארויסגע־שפּרונגען.

„אַ היים זאָל ער זיך מיר נישט דערוועגען צו קומען!" האָט זי געשריען, גלייך איינער וואָלט זי געהערט. „דעם קאָפּ וועל איך איהם צושפּאַלטען! מיט פּאַמאַיעס וועל איך איהם אָבגיסען! זאָל ער גאָר נישט דערלעבען קומען אַ היים!..."

זי האָט זיך צורעדט און צושאָלטען. פּלוצלינג פאלט איהר איין צו מאכען פון אלץ אַ תל, עס זאָל פון גאָר נישט בלייבען קיין שריד ופליט.

זי איז אויפגעשפּרונגען מיט אַ קוויטשעריי פון אָרט און אַ לאָז געטאָן זיך צום אויוועז. נור אין דער מינוט האָט זיך די טיר גע־עפענט און עס זיינען אריין זלמן לאַמינע, מענדעל קאסאי, חיים דער גרינער מיט ווייב און קינד.

„גוט יום־טוב! — וואָס טוט זיך דאָ?" האָט זלמן געפרעגט ארומקוקענדיג זיך. „ווען מען בעוויינט מען דאָ?"

„זאָל מען איהם שוין טאַקי אויף איין אמת בעוויינען," האָט חנה געענטפערט, אָבווישענדיג די טרערען מיט'ן פאַרטוך. „יתומים זאָלען זיי מיר בלייבען!..."

„ער איז טאַקי אוועקגעגאנגען?" האָט געפרעגט חיים דער גרינער.

דאָס איז געוועזען נאָך בוימאויל צום פייער — און חנה האָט אויפגעעפענט איהר מויל און געשאָטען מיט קללות...

די מאַנסביל מיט די ווייבער האָבען גענומען איינהאַלטען זי.

„בערוהיגט אייך, חנה, מיר וועלען אויסקומען אָהן איהם."

„זעצט אייך, מיר וועלען פערברייננגען," האָט זלמן איהר גע־זאָגט. „איך קאָן אויך רעדען ווי אַ מכשפה."

חנה'ן איז איינגעפאלען אַ גרויסער געדאַנק.

„ניין,“ האָט זי אויסגעשריען, „אַ טויטען וועל איך איהם ברייני־גען אהער!“

זי האָט געכאַפּט אַ טוך אויף זיך און איז פייל פון בויגען ארויסגעלאָפען פון טיר.

„פּראַים, וואהרע פּראַים!“ האָט מען איהר נאָכגעשיקט.

„און וואָס מיינט איהר, זי איז דען נישט גערעכט?“ האָט איין פרוי געפרעגט.

„גערעכט ווי דער טאָג!“ האָבען די מאַנסבילען געענטפערט.

„אז דער בעל הבית וואָלט ביי מיר אויפגעלאָפען ווערען, וואָלט איך נישט געגאַנגען,“ האָט חיים געזאָגט.

„ווי הייסט, און איך וואָלט געגאַנגען?“ האָט מענדעל אונ־טערגעכאַפּט.

„ער איז אַ שטיק גאָר נישט, דער משה לייב!“

„אַ נאַר, אַ פערד!“

„אַ וואהרע בהמה!“

---

און חנה איז געלאָפען אין איין אינפּעט, אין איין אָטעם. זי האָט געברענט אין איין פייער און געפיהלט אין זיך אַ משונה׳דיגען כח.

זי האָט אַ שטאַרקען ריס געטאָן דאָס גלעקעל פון דעם בעל הבית׳ס טיר, זיך גאָר נישט דערשראָקען פאַר דעם רעש, וועלכען זי האָט אָנגעמאַכט, און ארויסגערעדט נאָך אַ שאַרפע קללה. פון שטוב האָט זיך געהערט אַ שנעל לויפען. עמיץ האָט אויפגעעפענט די טיר און, דערזעהענדיג זי, געלאָזט זיך לויפען צוריק. חנה האָט געהערט, ווי אין זאַל האָט עמיץ ארויסגערעדט אויף גיך: „משה לייב, דיין ווייב איז געקומען!“

אַז זי איז צו צום זאַל, האָט מען איהר מקבל פנים געוועזען און פערשטעלט די טיר. זי האָט אריינגעקוקט אין זאַל, אָבער משה לייבען נישט געזעהן.

„וואו איז ער, וואו?“ האָט זי זיך צושריען. „זאָל ער בעסעה מיט גוטען געהן אהיים!“

„נישטאָ איהם, ער איז אוועקגעגאנגען,“ האָט מען איהר גע־ענטפערט.

„איך וועל פון דאנען נישט אָבטרעטען,“ האָט זי שוין געשריען מיט טרערען.

„מען זאָגט דאָך אייך, אז ער איז שוין אוועקגעגאנגען... א אידענע א ביסעל!“

מען האָט זי אריינגעלאָזען אין זאל. זי האָט זיך ארומגעקוקט און משה לייבען נישט געזעהן.

„זאָלסט מיר שוין אהיים געהן!“ האָט זי געיאָמערט, קוקענ־דיג ארום זיך.

קיינער האָט זיך נישט אָבגערופען.

„זאָלסט אויפהערען צו שפּיעלען זיך מיט מיר!“ האָט זי גע־שריען.

„מיא־או!“ האָט עס דערלאנגט פון הינטער א טיר. דער עולם האָט זיך צולאכט.

„מיאקען זאָלסטו שוין דאָס לעצטע מאָל!“ האָט זי אויסגע־שריען און א וואָרף געטאָן זיך אויף דעם קול.

„א ברים! א פשיק!“ האָט מען אויף איהר געמאכט פון אַלע זייטען און פערשטעלט איהר דעם וועג.

נור משה לייב איז ארויסגעקראָכען פון זיין אָרט. ער איז שוין געוועזען א ביסעל „פרעהליך“. ער האָט פערלעגט א ליפּ אויף א ליפּ און ארויפגעלעגט די האנד אויף דער באק ווי איין אלטע אי־דענע. דער עולם האָט זיך געקייקעלט פאר געלעכטער.

„שוין זאָלסטו מיר געהן אהיים!“ האָט זיך חנה אויף איהם ארויפגעוואָרפען.

„א ודאי, א ודאי!“ האָט ער געשטאָמעלט ווי איין אלטע אי־דענע אָהן ציין און געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

מיט חנה'ן האָט זיך אָנגעהויבען א היסטעריקע. זי האָט זיך צולאכט און צוואויינט, געוואָרפען זיך אויף ד'ר'ערד און געריסען פון זיך די האָר.

אלע זיינען אָבהענדיג געוואָרען. משה לייב האָט זיך אין איין מינוט אויסגעניכטערט און גענומען זי בערוהיגען.

ער האָט אזש נור געוויינט.

אז חנה איז געקומען צו זיך, האָט ער זי גענומען אונטער'ן ארם און געלאָזען זיך צו דער טיר מיט איין אראָבגעלאָזענעם קאָפּף. ער האָט זיך געפיהלט פאר א שטארקען זינדיגער.

„ס'אר א שטיק זי האָט דאָס א ביסעל געמאכט! דעם מאן האָט מען ביי איהר צוגענומען!" האָט עמיץ ארויסגערעדט, ווען חנה איז געוועזען נעבען טיר.

חנה האָט זיך אויסגעגלייכט. דאָס בלוט האָט אין איהר אויפ־געקאָכט, און זי האָט געוואָלט אויסגיסען צו אלעמען אין שטוב איהר ביטער הארץ. זי האָט זיי געוואָלט זאָגען עפּיס א שארף, הארב וואָרט — א וואָרט, וואָס זאָל אָננעמען ביי דער זיעבעטער ריפּ, וואָס זאָל שטעכען ווי מיט שפּיזען. זי האָט זיי אלעמען גע־וואָלט ווינשען, זיי זאָלען ארבייטען אויף פרעמדע ווערקשטאטען, זיין „יענעמס א מענש". נור זי האָט זיך איינגעהאלטען. זי האָט בלויז נישט געלאָזען משה לייבען פערמאכען די טיר. זי האָט זי אליין צוגעמאכט מיט א שטארקען קלאפּ.

קראנק, צובראָכען, פערוויינט האָט זיך חנה געשלעפּט אהיים. אָבער דאָך האָט זי זיך געפיהלט בעפריעדיגט.

איהרס האָט זי פאָרט אויסגעפיהרט.

.1894



# גוט־יום־טוב־ביטען.

.1

## ביים בעל־הבית.

ביי תודרוס דעם מעבעלהענדלער איז פול געוועזען די שטוב מיט געסט, ווען עס זיינען אריינגעקומען צו איהם גוט־יום־טוב־ביטען זיינע ארבייטער לייזער דער הויכער, אברהם׳ל דער געלער און יענקעל דער דארער.

די ארבייטער האבען זיך פערלארען, געפינענדיג אזוי פיעל געסט. דאך שמייכלען זיי, און לייזער דער הויכער דערוועגט זיך אויסצורופען מיט א ברייטקייט, כאטש נישט אזוי הויך: „גוט יום טוב!"

„א, סקאציל קומט!" ענטפערט די בעל־הבית׳טע.

„גוט יום־טוב, גוט יום־טוב!" ענטפערט דער בעל־הבית. „קוים א מאל געקומען. שיינע מענשען!"

„א, סקאצין קומט!" שרייט דעם בעל־הבית׳ קליינער זוהן. מיט א דין קול׳כעל און גיט א קלאפ לייזער דעם הויכען אין רוקען. לייזער שמייכעלט.

מען ווייזט זיי אן אויף שטולען ביי׳ם עק טיש. זיי זעצען זיך מיט דרך ארץ, פערקאסערענדיג די פאלעס פון די רעק. זיי ווייסען נישט, וואס צו טון מיט זיך און קוקען ארום די ווענד, בעטראכטען די בילדער, טאפען די שטולען אונטער זיך.

„וואס זיצט איהר אזוי?" זאגט זיי דער בעל־הבית, איבער־רייסענדיג זיין געשפרעך מיט די אויבענאנענדיגע געסט. „גיסט זיך אן און מאכט לחיים."

לייזער העבט זיך אויף פון זיין אָרט און ציהט זיך כמעט אויס איבער׳ן טיש צו דערלאַנגען די פלאַש מיט בראַנפּען.

„אַי, ביי איהם זיינען צוריסען די...!" שרייט אויס דער קליי־נער זוהן און פּאַטשט מיט די הענד, — „דאָ הינטען צוריסען..."

לייזער ווערט רויט; אברהם׳ל און יענקעל פערשעמען זיך אויך. דער אינגעל שפּאַרט זיך נאָך איין און וויל דוקא אויפ־העבען לייזער׳ן און ווייזען דעם ריס. די מאַמע שרייט אויף איהם אָן און ער געהט אָב מיט א געלעכטער.

לייזער גיסט אָן זיך מיט די חברים.

„לחיים!" מאַכט ער צום בעל־הבית, „לחיים..."

„לחיים!" האַלטען איהם אונטער אברהם מיט יענקלען.

לייזער שמייכעלט — ער וויל נאָך עפּיס זאָגען.

„לחיים, לחיים!" ענטפערט זיי דער בעל־הבית, איבעררייי־סענדיג זיין געשפּרעך מיט א אידען אין א צילינדער, און קערט זיך אום צום צילינדער צוריק.

לייזער מאַכט מיט די ליפּען; אברהם׳ל און יענקעל קוקען אויף איהם.

„לחיים!" זאָגט ענדליך לייזער צו דער בעל־הבית׳טע.

„לחיים טובים ולשלום!" ענטפערט זי זיי, „טרינקט גע־זונדערהייט!"

זי קערט צוריק אָב דעם קאָפּ צו דער אידענע, מיט וועלכער זי האָט גערעדט.

„הלואי אויף אייער רבקה׳ס חתונה!" ווינשט לייזער מיט א חניפה׳דיגען שמייכעל. די חברים העלפען איהם שמייכלען.

די בעל־הבית׳טע שמייכעלט אָב צוריק, העפליך א נייג טוענ־דיג מיט׳ן קאָפּ.

זיי טרינקען אויס די כוסות און פערבייסען. עסענדיג, הע־רען זיי זיך צו צום בעל הבית׳ס געשפּרעך. ער רעדט פון זיינע געשעפטען.

„איך האָב, דאַנק גאָט, ניט וואָס צו זינדיגען," רעדט ר׳ תודרוס מיט א פרעהליכען טאָן. „א נאָמען, דאַנק גאָט, ווייסט

איהר דאָך אַליין... מענשען, דאנק גאָט, לעבען פון מיר"... ער וויזט אָן מיט דער האַנד אויפ'ן עק טיש, וואו עס זיצען די אַר־בייטער, „און אַלץ איז לויב גאָט," זאָגט ער, ווערענדיג נאָך פרעהליכער און צופּאַטשענדיג מיט דער האַנד אויפ'ן טיש, „און לאָ'מיר טאַקע נעמען לחיים."

ער האָט אָנגעגאָסען די בעכער.

„ווייסטו גאָר וואָס, יענקעל?" ווענדט ער זיך צום דאַרען, „זינג אונז גאָר דיין „מכלכל חיים". אַי, האָט ער אַ „מכלכל חיים", זאָגט ער צו די אַרומיגע געסט. זיי שטעלען אָן די אויגען אויף יענקלען.

אויף יענקעל'ס געזיכט טרעטען אַרויס רויטע פלעקען.

„נו, העב אָן!" קאָמאַנדירט דער בעל הבית.

„היינט קען איך עפּיס ניט זינגען," ענטפערט יענקעל. „עפּיס הוסט איך און אין האַרץ טוט מיר וועה."

„נו, נו, לאָז זיך ניט בעטען," דערוווידערט איהם ר' תודרוס. „אַ נייעם ביי דיר הוסטען, נעם אַ ביסעל בראַנפען און זינג... לאָז זיך ניט בעטען... גיס איהם אָן, לייזער!"

לייזער גיסט אָן. אַלע קוקען אויף יענקלען. יענקעל ענט־פערט נישט מעהר. ער מאַכט לחיים, טרינקט אָב אַ ביסעל און קוקט זיך איבער מיט לייזערן און אברהם'לען.

„איהר־ט־דאָך אונטערהעלפען?" זאָגט ער זיי שטיל, האַלב בעטענדיג, האַלב הייסענדיג. ער העבט אָן מאַכען „די שטעל", קוקענדיג אונטער'ן טיש. די חברים העלפען אונטער: פּאָם, פּאָם, פּאָם...

דער בעל־הבית קוועלט.

„איהר וועט הערען... אַ טייער שטיק," זאָגט ער צו די געסט און העבט אָן אונטערציהען דעם נגון.

נור פּלוצלינג צוהוסט זיך יענקעל שטאַרק, ער קאָן קוים דעם אָטעם כאַפּען; ער האַלט זיך פאַר די ברוסט; אַ שוויים בעדעקט זיין שטערן... די חברים קוקען אויף איהם פערזאָרגט, ברומענדיג זייער „פּאָם, פּאָם". די געסט קערען אָב די פּנים'ער מיט עקעל.

„אַ, אַ פּלאַגע!“ מאַכט דער בעל־הבית פערדראָסיג. „איצ־טער איז שוין פערפאַלען, ער וועט זיך שוין נישט אָבהוסטען... דאָס שטיק איז אָבער אַ מין הפלא, זאָג איך אייך...“

יענקעל קאָן זיך טאַקי נישט אָבהוסטען. ער שטעהט אויף פון זיין אָרט אַוועקצוגעהן אַ היים. די חברים העבען זיך אויך אויף.

„אַי, ביזטו אַ מענש!“ זאָגט דער בעל־הבית צו יענקלען. „מען בעט דיך עפּיס זינגען, פערהוסט דו זיך!“

די בעל־הבית'טע בעמערקט דערווייל אויף אברהם'לען אַ נייעם ראָק.

„זעה, דאָס איז ביי דיר אַ נייס?“ זאָגט זי צו איהם חניפה'־דיג. „טראָג געזונטערהייט! וויפיעל האָסט'ע בעצאָלט?“

„ער קאָסט מיר אַ רובעל אכט,“ ענטפערט אברהם'ל, רויט ווערענדיג. „ביי אשר'ען גענומען אויף אויסצאָלען...“

„אַ שיינער ראָק! זעהסט, תודרוס,“ ווענדט זי זיך צום מאַן, „זעהסט, ס'אַר אַ ראָק אויף אברהם'לען? כמעט אַ שענערער פאַר דיינעם...“

„מילא!“ ענטפערט ר' תודרוס מיט אַ זיסען שמייכעל און העבט זיך אָן צו בעריהמען פאַר זיינע געסט, אז ער האָט ליעב, מענשען זאָלען ביי איהם פערדיענען.

די אַרבייטער ווינשען אַלעמען אַ גוטען יום־טוב און געהען אַוועק.

„ווייז, ווייז דעם ריס!“ שרייט דער אינגעל, נאָכלויפענדיג נאָך לייזער'ן און העבענדיג ביי איהם די פּאָלעס פון ראָק.

„הערט!“ שרייט זיי נאָך דער בעל הבית, „מאָרגען זעהט למען השם, וואָס פריער קומען צו דער אַרבייט...“

---

.2

## ביים „מענש“.

ביי שלום, משה קארלינס משרת, האָבען זיך שוין אַ סך געסט צונויפגעקליבען, אָבער עס איז נאָך אַלץ נישט שמחת־תורה'דיג. אפילו הירשעל דער פויקער, וואָס פון איהם קאָן מען בלייבען אָהן אַ בויך לאַכענדיג, זיצט אויך כמעט גאָר ווי אַ שטאַטיק. ער וואַרפט אפילו אַ מאָל ארויס אַ „שטוקע“ — ער קרעהעט ווי אַ האָן אָדער הירזשעט ווי אַ פערד און דערביי שפּארט ער עפּיס אריין אין מויל — און דער עולם צולאכט זיך. נור באַלד בלייבט מען ווייטער רוהיג זיצען און מען העבט אָן צו קוקען אויף דער גאַסטיר.

שלום און דוואָשע זיין ווייב זיינען עפּיס אויך נישט גוט אויפגעלעגט, רעדען געכאַפּט, קוקען אויס די אויגען אויף דער גאַסטיר, און דוואָשע איילט זיך נישט צו דערלאַנגען דעם גאַנצען כיבוד צום טיש.

דאָס וואַרט מען אויף שלום'ס בעל־הבית, אויף ר' משה קארלין.

„פאַר איהם דאַרף מען קיין פּאַראַד ניט מאַכען,“ זאָגט שלום צו זיינע געסט אין איין זייט צימער. „ער וועט נאָך זאָגען, אַז איך עס זיין פלייש און טרינק זיין בלוט...“

„ער געהט דען גוט־יום־טוב־ביטען?“ רעדט דוואָשע בייז צווישען איהרע ווייבער אין דער אַנדער זייט צימער. „ער געהט דאָך מעהר נישט רעווידירען... ער געהט דאָך נאָר זעהען, צו האָט מען איהם נישט בעגנב'עט...“

זי לאָזט אויס מיט אַ קללה.

אויפ'ן געדעקטען טיש געפינט זיך מעהר נישט ווי איין פלאַש בראַנפען, עטליכע קיכלעך, הערינג און אוגערקעס. פאַר די ווייבער האָט מען גאָר קיין טיש נישט געשטעלט. זיי זיצען אויף די בעטען ביי דער אַנדער וואַנד געגען טיש, און דוואָשע טראָגט זיי בראַנפען מיט קיכלעך.

„שרעקט אייך ניט,“ טרייסטען שלום מיט דוואָשען זייערע געסט, „אזא גוט יאָהר זאָלען מיר האָבען און אלע אונזערע גוטע פריינד, וואָס פאר א כיבוד עס שטעהט אין אויוועז! זאָל נאָר דער „בעל הבאָנדזיע“ אוועקגעהן.“

און דוואָשע צורעדט זיך פאר איהרע ווייבער וועגען איהר כיבוד: כרעמזלעך, אָנגעפילטע קישקעס, א געפילטע גאנז, גע־פילטע עפעל...

„אלץ, דאנק גאָט, ווי ביי א בעל־הבית׳טע,“ ענדיגט זי איהר בעשרייבונג, „און איך דארף גאָר מורא האָבען פאר דעם המן!“

ענדליך עפענט זיך די גאסטיר און עס קומט אריין דער בעל־הבית: א קורצער, דיקער איד אין מיטעלע יאָהרען. אלע געסט שטעהען אויף פון די ערטער. שלום לויפט צו אראָבנעמען פון איהם דעם מאנטעל; דוואָשע קרימט זיך.

„אָן ענגע לופט,“ זאָגט דער בעל־הבית, קרימענדיג די נאָז. „פאר וואָס מאכט מען ניט אויף א פענסטער? פע!“ בלאָזט ער אָב פון זיך.

שלום ווינקט צו איינעם, ער זאָל אויפמאכען א פענסטער.

ר׳ משה קוקט זיך ארום, גיט א נייג א ביסעל מיט׳ן קאָפּ און געהט זיך זעצען צום אויבען־אָן. די ווייבער שיטען ארויס אין קיך.

„דו וואָהנסט דאך גאנץ פיין,“ זאָגט דער בעל־הבית צו שלום׳ען, וואָס שטעהט נעבען איהם און קוקט איהם אין די אויגען אריין טריי און אונטערטעניג. „גאנץ היבש! וואָס זינדיגסטו?“

„ווער זינדיגט? איך זינדיג גאָר נישט!“ ענטפערט שלום. „בעסער, מעהר נישט, וואָלט נישט אויסמאכען.“

„ב־ע־ס־ע־ר!“ ציהט משה איראָניש, „אָט דאָס איז שוין ניט גוט! דערמיט אליין זינדיגסטו...“

דוואָשע ווארפט אויף איהם א בייזען בליק, קרימט מיט די ליפּען און געהט ארויס צו די ווייבער, אָבצוקיהלען דאָרטין דאָס הארץ מיט א קללה.

שלום גיסט דערווייל אָן א קעלעשאָק פאר דעם בעל הבית.

„מאַכט ברכה,“ זאָגט ער, „אַט דאָס איז מיין כיבוד: אויף בעסערס האָט קיין פאַראיבעל ניט.“

„וואָס איז? גאַנץ גוט, גאַנץ גוט!“ ענטפערט דער בעל־הבית. ער טרינקט אָב א ביסעל בראַנפען און ברעכט אָב א שטיקעל קיכעל.

דוואָשע קרימט זיך.

„גיב דאָס דיינע געסט!“ בורטשעט זי און שלעפּט איהרע ווייבער צום אויווען, וואו עס שטעהט איהר „כל טוב“. שלום וויל דערווייל איינקויפען זיך ביים בעל־הבית.

„איך האָב נעכטען געזעהן דעם פריץ באַסעוויטש,“ העבט ער אָן צו דערצעהלען מיט א חניפה'דיגען שמייכעל. דער בעל הבית קנויטשט אָן די שטערן און שטעלט אָן דאָס אויער.

„ער ווערט שוין ווייכער,“ דערצעהלט שלום ווייטער. „ער וועט שוין באַלד נעמען אונזער מקח. איך האָב איהם אונטערגע־לאָזען א שפּילקע...“

שלום העבט אָן צו דערצעהלען מיט היץ, וואָס פאַר א שפּיל־קע ער האָט אונטערגעלאָזען דעם פריץ. דוואָשע שטעהט אין קיך און זידט.

„ער דאַרף איהם דאָ נויטיג האָבען,“ שיפּעט זי. „ער האָט זיך פעררעדט מיט איהם!..“

די געסט זיצען און גענוצען, שמייכלען תמעוואַטע, אָדער לוי־פען אין קיך צו די ווייבער, „אָבפיהרען דאָס האַרץ“.

„ער האָט זיך אוועקגעזעצט, דער טרעמבויך!“ מאַכט איינער מיט פעררדרוס.

„לאָז איהם זיך אויסרוהען!“ זאָגט א צווייטער. „ער טראָגט נעבאך אויף זיך אזא משא כבדה...“

„ווי געפעלט אייך מיין קעסעלפּויק?“ לויפט אריין הירשעל מיט א קאָמישער מיענע.

„נאַ, געה קלאַפּ אונז עפּיס אויס!“ לאַכט איינער, געבענדיג הירשלען א פּאָר ווילקעס.

מען צולאַכט זיך און מען קוקט אריין אין דאָס צווייטע צי־מער אויפ'ן „קעסעלפּויק“.

שלום ענדיגט, און דער בעל־הבית שמייכעלט גנעדיג.

„מאַלאַדיעץ!"

„וואָס זיצט מען עפּיס ביי דיר ווי תשעה באב?" לעגט ער צו מיט זיין גנעדיגען שמייכעל. „זאָל מען זאָגען עפּיס א נגון".

„ע—טשע—טשע!" קרימט זיך דוואָשע. „עס ווילט זיך איהם. זאָגען איהם נאָך א נגון!"

שלום בעט זיך איין ביי א פּאָר געסט, זיי זאָלען „זאָגען" א נגון. יענע העבען אָן; פון קיך ווינקט מען זיי, זיי זאָלען אויפ־הערען, נור דער בעל־הבית הערט סיי־ווי־סיי נישט אויס ביז'ן סוף. ער שטעהט אויף, שלום דערלאַנגט איהם דעם מאַנטעל. ר' משה זאָגט אַלעמען א „גוטען יום־טוב" און געהט אַוועק.

אַלע אָטעמען פרייער אָב.

„גערדאַרפט זיך מיט איהם פערדערען!" פאַלט אָן דוואָשע אויף שלום'ען.

„נו?" פיהרט שלום פערנאַנדער מיט די הענד, „טרייבען איהם?"

דער פויקער קרעהעט אויס ווי א האָן, און עס הענט זיך אָן איבערצוקערען די שטוב.

.1894



# אברהם'ל דער טויטער.

איך בין געשטאנען ביי קאצמאן דעם באקאליי־הענדלער אין קראָם, ווען עס איז אריין א קליין, זעהר אָרם אָנגעטאָן, אידעל, פון א יאָהר פינף און דרייסיג, מיט א ברייטען שווארצען באָרד, וואָס האָט בעדעקט זיין ברייט, דאר פנים, מיט קליינע, שווארצע אויגען, ארום וועלכע עס זיינען געלעגען בלויע רעדער, און האָט נישט־טאָ מיט א געבעט, נישט־טאָ מיט א חניפה'דיגען שמייכעל ארויסגערעדט:

„גוט מאָרגען, ר' סענדער!"

קאצמאן האָט א וואָרף געטאָן אויף איהם א בייזען בליק, ווע־גענדיג מיין קויפעכטס, און מיט כעס געענטפערט:

„דו האָסט ניט וואָס צו געהן צו מיר. איך האָב געזאָגט: ניין — איז ניין! אזעלכע מענשען דאַרף איך ניט."

„ערב פסח, ר' סענדער, זאָגט אליין," האָט דאָס אידעל גע־זאָגט מיט דעם זעלבען טאָן. „איהר האָט דאָך קיין מענשען ניט... קיין מענשען..."

„איך בעט דיך ניט זאָרגען פאר מיר," האָט קאצמאן אָבגע־האקט. „דו וועסט ביי מיר ניט זיין."

„ערב פסח..." האָט ווייטער אָנגעהויבען דאָס אידעל. „און איך וואָלט וועלען גלאט וויסען, וואָס האָב איך דאָ אזוי פער־זינדיגט..."

„נו, הער, געה!"

קאצמאן איז רויט געוואָרען און האָט א מאַך געטאָן מיט דער האנד אויף דער טיר.

דאָס אידעל האָט אָבגעשמייכעלט מיט פעראכטונג, מיט דעם

אייגענעם טאָן אָבגעקרעכצט, עפּיס א מורמעל געטאָן און איז ארוים.

„אזא פּארך!“ האָט קאַצמאַן איהם נאָכגעשיקט. „איך זאָג אייך היינטיגע מענשען... נ—נ—נו—ו—ו!“ האָט ער זיך געווענ־דעט צו מיר, אָבגעבענדיג מיר מיין קויפּעכטס.

איך האָב גענומען דאָס פּעקעל און בין שנעל ארוים נאָך דעם „היינטיגען מענשען“.

ער איז געשטאַנען נישט ווייט פון קראָם; ארום איהם איז געוועזען א רעדעל פון נאָך „מענשען“. איך בין צוגעגאַנגען צום רעדעל.

„און וויל נישט נעמען?“ האָט איינער גערעדט גאַנץ ער־שטוינט. „אַ—א—א—א!“

ער האָט ארומגעקוקט די ארומיגע, דריקענדיג מיט די אקסלען און שאָקלענדיג דעם קאָפּף.

„אָט דער הערר האָט אויך געהערט,“ האָט געזאָגט דאָס אי־דעל, ווייזענדיג אויף מיר.

אַלע אויגען האָבען זיך געווענדעט צו מיר.

„איין אכזריות!“ האָט א צווייטער אונטערגעכאַפּט. „ערב יום־טוב א גרויל... און פאר וואָס? פאר ווען?...“

„אויף קאַצמאַן׳דלען פרעגט ער קשיות,“ האָט א דריטער געזאָגט.

„ע—ע—עך—עך—עך—עך!“ האָט דאָס אידעל אָבגע־קרעכצט. „איך וויים, איך וועל פּרובען א שיק טון דאָס ווייב.“

ער איז ארוים פון רעדעל און געלאָזען זיך געהן מיט לאַנג־זאמע טריט. איך בין צוגעגאַנגען צו איהם און געפרעגט, וואָס האָט ער אזוי פערזינדיגט. ער האָט אויפגעהויבען דעם קאָפּף, א קוק געטאָן אויף מיר און א מאך געטאָן מיט דער האנד:

„עט!“

איך וויל איהם פעראינטערעסירען און זאָג:

„קאַצמאַן מוז זיין א גוטע סחורה.“

„ההםם, העהעהע!" איז געוועזען זיין קורצער ענטפער מיט א קאָפּ־שאָקלען.

„וואָס, מסתמא פּוגע בכבוד געוועזען?"

„פּוגע בכבוד געוועזען, כע! א כהן, א פערקאָכט הארץ, א טרפה'נע זעעל!" האָט ער פּלוצלונג ארויסגעשאָסען מיט הארץ און ביטערנים.

„איך האָב געהערט פון איהם..."

„אך... הם... ע־ע־ע!" האָט מיך דאָס אידעל איבערגעריסען: נישטאָ, הייסט עס, פון וועמען צו רעדען.

איך האָב איהם פאַרגעשלאָגען אריינצוגעהן מיט מיר אין א שיינק, אויסצוטרינקען א גלעזעל ביער. ער האָט איינגעוויליגט. אין שיינק האָט ער מיר אלץ דערצעהלט

---

פון אייביג אָן, זייט ער איז א שטיקעל מענש, האָט ער א חזקה צו פעררופען צו זיך זיינע פריינד פורים צו דער סעודה.

„דאָס גאַנצע יאָהר," דערקלערט ער מיר, „דאָס גאַנצע יאָהר איז מען פערהאָוועט, שטענדיג דרעהט דער קאָפּ, דאָס — דאָס, דאָס — יענעס... און אלץ פעהלט, ברוך השם... איז לכל הפחות א יום־טוב פערגעסט מען זיך א ביסעל. וואָס, מיינט איהר, וואָס טוט מען? אָט גאָר נישט... מען מאַכט זיך א ביסעל נאַריש. צו עסען און צו טרינקען איז דען פאַראַן א סך?... עט!... אויף מיינע שונאים געזאָגט געוואָרען... נאַטירליך, מען טאָר נישט זינדיגען... אָבער גאָר נישט... שכור ווערען קאָן מען נישט!... נור איך זאָג עס אייך אלץ אנקעגען דעם, אז גאָר נישט... נאַריש מאַכען זיך א ביסעל, אַרויסשלאָגען א ביסעל די דאגות פון קאָפּ... און אַ שטי־קעל הוליאַקע בין איך..."

איך האָב מיך איינגעקוקט אין איהם. עס האָט זיך מיר שווערליך געגלויבט, אז דאָס איינגעקאָרטשעטע, פער'חשך'טע, קליינע אידעל, וואָס זיצט נעבען מיר, זאָל זיין א הוליאַקע, א פרעהליכע, ריהרעוודיגע בריה. ער האָט פערשטאַנען מיין קוקען אויף איהם.

„איך האָב פיינד צו לייקענען,“ האָט ער געזאָגט מיט א שמייכעל, „איך האָב טאַקי ליעב א ביסעל א הוליע טון. אויף דערויף איז מען דאָך א איד! מאַכט מען זיך א ביסעל משוגע... איך ווייס, מען שפּרינגט, מען הירזשעט ווי א פערד, מען קרעהט ווי א האָן... אָט גאָר נישט, מען קערט א ביסעל די וועלט... וואָס דען? מען מוז דאָך א ביסעל פערשלאָגען די רעיונות. אז נישט וואָלט מען דאָך גאָר נישט געדאַרפט לעבען אויף דער וועלט...“

און טאַקי. זיין געהאַלט איז געוועזען צוואַנציג „קאַרבאָוואַנצעס“ א חדש, האָט ער דערפאַר א ווייב מיט זעקס קינדער און א בלינדע מאַמע. דאָס ווייב האַנדעלט אפילו אונטער מיט פּערערן, אַלטע קליידער און נאָך אזעלכע ארטיקלען, די מאַמע מאַכט זאָקען. נור „זייערע פּרנסות שטייען קוים אויף וואַסער מיט קאַשע“.

„נו, מילא, דאָס איז דאָך אלץ גאָר נישט,“ האָט ער דערהערט דעם קול, אויסדערצעהלענדיג זיין אָרם און ביטער לעבען. „איך דערצעהל אייך מעהר נישט, אז אָט, פערשטעהט איהר מיך... מוז מען דאָך א יום־טוב א ביסעל משוגע מאַכען זיך!...“

דעם פּורים האָט ער אויך צונויפגערופען צו זיך זיינע געסט, אויך אזעלכע ביטערע הערצער ווי ער, און מען האָט זיך געזעצט צו דער סעודה. און עס איז טאַקי געוועזען פרעהליך. מען האָט פערגעסען דאָס גאַנצע שווערע לעבען. עס האָבען געלאַכט די גרויסע, עס האָבען געלאַכט די קליינע; אפילו די בלינדע מאַמע, וועלכע זיצט שטענדיג איבער א זאָק און וויינט, האָט אויך געלאַכט און געזאָגט וויצען, ווייל זי איז זעהר א קלוגע אידענע. עס איז געוועזען א פערגניגען, „איין אמת'ער אידישער יום־טוב!“ מען האָט געזונגען אידישע זאַכען, חזנישע שטיקלעך. ער אליין קאָן עס — ער האָט א שטיקעל קול'כעל און שבת א מאָל „קלאַפּט ער אָב א מוסף'ל“. נור אונטער זיינע געסט זיינען געוועזען זיין אַלטער פעטער גרשון דער חזן און הלל דער פאַרבער — „א פּאָר חברה לייט, וואָס, איך זאָג אייך טאַקע, אויף בילעטען צו געהן הערען זיי“... פּלוצלינג....

„ברוך הבא, סקאַציל קומט! דעם בעל הבית׳ דיענסט!....
וואָס איז, וואָס? דער בעל־הבית רופט. דער בעל־הבית רופט?...“
האָט ער איבערגע׳חזר׳ט מיט איראָניע און א העב געטאָןביידע
הענד. „וואָס דאַרף מיך יעצט דער בעל־הבית, איך טאָר גאָר קיין
בערוהטע רגע ניט האָבען? אָהן מיר קאָן ער זיך גאָר א מינוט ניט
בעגעהן? איך האָב פשוט ניט געוואָלט געהן, וואָס וועל איך
געהן?“

נור ער איז פאָרט געגאַנגען. אַלע האָבען געהייסען; זאָל
ער הערען, וואָס האָט עס אזוי אָנגעשפּאַרט. גלאַט האָט די דיענסט
פערזיכערט, אז מען וועט איהם ניט לאַנג אָבהאַלטען. זי וויים עס
זיכער, און דער בעל הבית וואָהנט ניט ווייט פון איהם — איבער
א גאַס. „מילא, געגאַנגען.“

„קוים ארויסגעשלעפּט איהם, דעם שררה,“ האָט איהם די
דיענסט פער׳מסר׳ט פאר׳ן בעל הבית.

„א ודאי קוים ארויסגעשלעפּט מיך!“ ער איז געוועזען אָנגע־
רוקט, ברוגז׳דיג.

„ניש׳קשה, ניש׳קשה,“ האָט געזאָגט דער בעל הבית, „ווערסט
אין דער היים גאָר נישט אָנווערען.“

„און טרעפט, אויף וואָס האָט מען מיך געדאַרפט?“ ער
האָט א פּאַטש געטאָן אָן טיש. „טרעפט!“

איך טו איהם דאָס פערגניגען און פּרוב מיך טרעפען.

„אין א שליחות מסתמא שיקען.“

ער האָט א קלאַפּ געטאָן מיט דער פויסט אָן טיש.

יאָ! נו, ווי געפעלט עס אייך א ביסעל? איך זאָג אייך... א!
און טרעפט, אין וואָס פאר א שליחות?“

נור מעהר טרעפען וויל איך נישט, און ער דערצעהלט ווייטער
מיט התפעלות.

„איך זאָג אייך... א! ער האָט געדאַרפט שיקען שלח־מנות זיין
בעטער חאָניע צייטלין, וואָס וואָהנט, איך וויים וואו, ערגעץ הינטער
אַסטראָג, אין עק וועלט, איבער א שעה גאַנג... די דיענסט האָט
מורא געהאַט אַליין צו געהן, שיקט מען עס נאָך מיר, איך זאָל

געהן מיט איהר! א, איך זאג אייך, איך בין אַן אָנגעצונדענער געוואָרען..."

און ער האָט זיך אָבגעזאָגט. ער האָט געטענה'ט, און מיט היץ, מיט פייער, מיט אַ העלישען כעס געטענה'ט, אַז ער האָט זיך ביי זיי נישט געשטעלט אויף בעגלייטען די דיענסט אין שלח־מנות טראָגען; אַז ער איז אויך אַ איד מיט אַלע אידען צוגלייך און ביי איהם איז אויך יום־טוב; אַז ער וועט נישט פערשטערען זיין יום־טוב און נישט איבערלאָזען זיינע געסט אליין, וואָס איז, וואָס? דער פעטער חאַניע דארף בעקומען שלח־מנות. ער האָט אפילו אויסגעשפּיים און געלאָזט זיך צו דער טיר. נור דער בעל־הבית האָט איהם גערופען צוריק. ער האָט זיך אָבגעשטעלט מיט איין זייט אויף דער שוועל און איין אָנגערוקטער געווארט, וואָס וועט איהם זאָגען דער בעל־הבית.

„אויב אזוי," האָט דער בעל־הבית געזאָגט מיט איין איינגע־האַלטענעם כעס, נור מען האָט שוין געזעהן, אַז עס קאָכען אין איהם „די טרפה'נע דמים", „אויב אזוי, זאָלסטו מאָרגען נישט קומען אין געשעפט. איך דארף דיך נישט."

די בעל־הבית'טע האָט איהם גענומען איינרעדען, ער זאָל פאָל־גען און געהן. נור ער האָט זי נישט געהערט.

„איך בין אויך אַ גוט קינד! — אַז ביי אייך טראָגט אויס אזוי דער יושר, איז גוט! האָב איך געזאָגט, — טאַ לאָמיך בעסער אָנווערען די שטעלע. וואָס דען האָב איך געזאָלט זאָגען, הא? נישט אזוי, וואָס? און בין אוועקגעגאַנגען. איך קאָן אייך זאָגען, עס האָט מיך געריהרט ווי די וואַנד. אָהן דער שטעלע, ווי מיט דער שטעלע, זאָל ער זיך שלאָגען מיט איהר קאָפּ אָן דער וואַנד. נור געוואַלט, וואו נעמט זיך דאָס אַזאַ יושר ביי לייטען! אַז איך וויל נישט פארשטערען מיין יום־טוב און שלעפּען זיך מיט דער דיענסט אונטער די הרי־חושך, דארף איך דערפאר אָנווערען די שטעלע?... נור איך זאָג דאָך אייך... גאָר נישט... דרעה זיך איבער מיט דער שטעלע צוזאַמען!... עס האָט מיך נישט אָנגע־הויבען צו פערדריעסען. און אין דער היים אויף די זעלבע מעשה.

מען האָט זיך גוט אויסגעשפּייט און גאָר. נור ביי אַלעמען האָט זיך אויפ׳ן מח נישט געלעגט: געוואלט, אז איך וויל נ׳שט געהן, דאַרף איך דערפאר אַנווערען די שטעלע ? !...״

נור מען האָט געזונגען, געטאנצט, געמאַכט זיך פרעהליך. און ווען מען האָט זיך געפיהלט נישט גאָר יום־טוב׳דיג, איז עס נור טאקי דערפאר, וואָס מען האָט געפיהלט: „געוואלט, ווי מען איז עס ביי יעדעם „איך וויים נישט וואָס״ אין גלות; ווי פאר די פּאָר רובעליעס געהאלט, וועלכע קומען נאָך אָן מיט גרינעם שוויים, דאַרף מען זיין איין עבד כנעני.״

עטליכע מאָל האָט ער זיך געטראָפען מיט דעם ווייב׳ס אור־מעטיגע בליקען. „אַ אידענע, זעהט איהר!״ זי האָט זיך, דאַכט זיך, גאָר גע׳בריה׳ט און געשריען, אז זי וואָלט זיי דערפאר נאָך אָנגעשפּייט אַ פולע צורה, און דאָך האָט דער געדאנק, אז דער מאַן בלייבט אָהן אַ שטעלע, נישט געלאָזען זי רוהען.

„וואָס ? וואָס קוקסטו וואָס אזוי ? ״ האָט ער איהר געזאָגט. „האָסט מורא איך וועל אומגעהן אָהן אַ שטעלע ? געה, בהמה, מיר וועלען פון הונגער נישט שטארבען, נישט קשה. עס איז אַ נייס, הייסט עס, איז עס, כע־כע־כע ! ״

דאָך זיינען זיי יענע נאַכט נישט אזוי גיך איינגעשלאָפען. דאָס ווייב האָט זיך אומגעדרעהט פון איין זייט אויף דער אנדערער און געקרעכצט ; און איהם האָט זיך אויך נישט געשלאָפען. אלץ: „סטייטש און סטייטש ! ״.... נור ער האָט נישט געקרעכצט.

„וואָס שלאָפסט נישט, חאשע ? ״

„אַ־אָה... גאָר נישט ! ״

„ליעגסט אַ ודאי מיט אָפענע אויגען ?״

זי שווייגט.

„הא ? ״

„ניין, ניין,״ האָט זי בייז אָבגעענטפערט, „שלאָף, וואָס ארט דיך ! ״

זי מיינט, ער פערשטעהט נישט. אָהאָ, ער פערשטעהט איהר אומוואָרפען און אומדרעהען זיך ! אַ אידענע ! באלד עפּיס לאָזט זי

אראָב די נאָז. איהם ווערט אויך א ביסעל נישט געשמאק אויפ׳ן הארצען ער האָט שיער, שיער אליין נישט אָבגעקרעכצט. נור ער האָט זיך איינגעהאַלטען.

„געה, ביזט א נאר. קער זיך איבער אויף די רעכטע זייט און ווער אנטשלאָפען.“

ער האָט עס טאקע אליין אויך געטאָן און נאָך אריבערגעצויגען איבער זיך די קאָלדרע.

אויף מאָרגען האָט מען זיך געפיהלט זעהר „נישט יפה׳דיג“.

„איך וויים, עפּים נישט געוואוינט גלאַט אזוי אין א וואָכעדיגען טאָג זיטצען אין דער היים,“ ערקלערט ער די „נישט יפה־דיגקייט“.

און ווידער האָט מען געווארט, אז מען וועט איהם קומען רופען אין קראָם. עס האָט זיך אזוי געדאכט, נור דער טאָג איז אריבער, און פון בעל הבית איז מען נישט געקומען. און ער פון זיין זייט איז אויך נישט געגאַנגען בעטען זיך.

„איך בין נישט פון די מענשען,“ זאָגט ער מיט גאוה. „איך האָב פיינד צו בעטען זיך. דארפסט דו מיך ניט, דארף איך דיך נישט, זיינען מיר קיין פּאָר נישט, איז אוים שדוך, גאָר נישט! פּע!...“

נור דאָס ווייב האָט נישט אויסגעהאַלטען, און אויפ׳ן צווייטען טאָג איז זי אַוועק אין קראָם. ער האָט איהר געהייסען נישט געהן, נור זי האָט נישט געפאָלגט. אין קראָם איז שוין געוועזען א מיידעל. איז, דאכט זיך, נישטאָ שוין מעהר וואָס צו רעדען? נור דאָס ווייב האָט זיך נישט געקאָנט איינהאַלטען און צוואויינט זיך: „סטייטש, סטייטש! ערב פּסח אָבזאָגען, פאר וואָס? פאר ווען?“ נאטיר־ליך, האָט עס נישט געהאָלפען, זי האָט זיך מעהר נישט מיאוס געמאכט. א היים איז זי געקומען א בייזע, האָט גאָר פערגעסען, אז פּורים ביי נאכט האָט זי איהם געגעבען גערעכט, און ארויפגע־וואָרפען זיך אויף איהם מיט ביטערע קללות.

„די פּיס וואָלטען איהם גאָר אָבנעמען, ווען ער וואָלט געהן מ׳ט דער דיענסט!“ האָט זי געשריען. „א שמחה איז אויף איהם אָנגעפאלען, הולינקען האָט זיך איהם געוואָלט...“

עס האָט זיך איהם אַליין שוין געדאכט, אז ער האָט געטאָן איין עולה.

נעכטען האָט מען געכאַפּט די נייע מיידעל נאַשענדיג. קאַצ־מאַן האָט פיינד אזא סחורה און געגעבען איהר גלייך „אַ פוהר מיט אַ גלעקעל". דאָס ווייב איז באלד צוגעשטאַנען: „געה, בעט זיך!"

„מיינט איהר, איך וואָלט געהן? איך אליין וואָלט בשום אופן נישט געהן, אסור חזיר, איך האָב פיינד צו בעטען זיך. נור גאָר נישט — דאָס ווייב איז צוגעשטאַנען: „געה און געה", בין איך געגאַנגען. זאָל מיינע אריבערגעהן! אי, איך האָב דאָך גע־וואוסט, אז עס איז איין עברה מיין טרחה? איך קען דאָך דעם קאַצמאַן׳דעל, דעם כהן, דאָס פארקאָכטע הארץ?!... נור גאָר נישט, זי וויל איך זאָל געהן, געה איך. נור וואָס האָב איך אויסגעפיהרט? גאָר נישט! איהר האָט דאָך געזעהן. מעהר נישט מיאוס געמאכט זיך. עט!"

ער איז געבליבען זיצען מיט איין האַנד אָנגעשפּארט אָן טיש, מיט דער אַנדערער אָן קני און דעם קאָפּף אראָבגעלאָזען, אָנגעבוי־גען אָן אַ זייט.

„טרינקט אייער ביער," רייס איך איבער זיינע מחשבות.

ער האָט זיך אויסגעדרעהט מיט אַ קרעכץ צום ביער און אָב־געטרונקען אַ ביסעל.

„אזוי איז עס, הא!... יעצט דארף מען פּרובירען אַ שיק טון דאָס ווייב, זי זאָל זיך דורכרעדען מיט דער בעל הבית׳טע. די בעל הבית׳טע איז פאַרט מעהר מענש פאַר׳ן בעל הבית. ווייס איך, אפשר וועט עס העלפען..."

„און מיינט איהר, מיר ווילט זיך יעצט שטארק אָנקומען צו איהם? אַ האָר אויך נישט. נור וויל ערב יום־טוב... אז נישט, אסור, אויב איך וואָלט צו איהם געהן. פאַר קיין געלד נישט."

„וואָס דען וואָלט איהר געטאָן?"

„וואָס? אַ דאגה וואָס! עס איז מיר דען דאָס ערשטע מאָל אויף מיין לעבען? אָט גאָר נישט, מען מוטשעט זיך איבער אַ

ביסעל און מען געפינט אַ שטעלע. און מיינט איהר, אַז ער וועט מיך איצטער נישט נעמען, לעגט זיך שוין דער הימעל אויף דר'ערד? עט!... אַט העבען זיך אָן „פּאַדריאַדען", ווער איך גאָר אַ מצה-זעצער, און אַז ניט, בין איך גאָר אַ סאַרוועט אויף חתונות... איהר מיינט ד'ר'אמת'ן, איך בין שוין ביי מיר אראָבגעפאַלען? איך קען אייך זאָגען, אַ האָר אויך נישט. איך גיב א י ה ר מעהר נישט נאָך... און גלאַט אַ שטעלע, ווי זאָגט מען דאָס, פּאַרט אַ שטענדיגע זאַך... אפילו מישטיינס געזאָגט, די גליקען, וואָס מען כאַפּט שוין ביי קאַצמאַנען, נאָר גאָר נישט... אַ שטעלע! מילא, איך וועל פּרובירען אַ שיק טון דאָס ווייב."

ער האָט אויסגעטרונקען דעם רעשט ביער און איז אויפגע־שטאַנען פון אָרט.

ביים צושיידען זיך, האָב איך איהם געפרעגט, ווי רופט מען איהם.

„ווי רופט מען מיך?" האָט ער געזאָגט מיט אַ שמייכעל. „איהר האָט געהערט אין שטאָדט אברהם'ל דער טויטער? דאָס בין איך? בי־י־י־י!"

איך האָב דעם נאָמען נישט געהערט, נור מיר האָט זיך גע־דאכט, אַז איך האָב געדאַרפט טרעפען זיין נאָמען. דער טויטער! דער טויטער, וואָס לעבט אייביג, האָב איך גלייך געמאַכט אַ פּירוש.

ער האָט אויף מיר געקוקט מיט זיין שמייכעל און איז גע־וועזען אַ פּנים צופריעדען מיט דעם איינדרוק, וואָס זיין נאָמען האָט אויף מיר געמאַכט.

„ומה שמכם?" האָט ער חניפה'דיג געלאַכט. „ווער זייט איהר, ההע? אָט גאָר נישט, לאָ'מיך אויך וויסען. מיר זיינען דאָך אידען, האַ? העהעהע..."

1897.

# מען ווארט.

פרייטאָג פאר נאכט. בערגשולד דעם דרוקערס ארבייטער האָבען שוין געענדיגט זייער ארבייט, וואשען זיך אָב און געהען ארויס אין פאָרצימער, וואָס דיענט פאר א קאָנטאָר, צו בעקומען זייער געלד.

די קאָנטאָר איז א קליין פיערעקיג צימער, צוטיילט אויף צווייען דורך א ניעדריג ווענטעל פון שטאַקעטלעך. הינטער׳ן ווענטעל שטעהט א גרויסער שרייבטיש מיט דריי שטולען ארום איהם. די וועגד זיינען פערנומען מיט פּאָליצעס, אויף וועלכע עס ליעגען אָבגעדרוקטע ביכער. אויף דער וואנד, לינקס פון טיש, הייגגען אלערליי חשבונות, בריעף, נאָטיצען, א לוח, א זייגער; אויפ׳ן טיש ליעגען פּאפּיערען, א קאָנטאָר־בוך, שרייבגעצייג.

אַז דער בעל הבית אָדער זיין זוהן דער בוכהאלטער זיינען דאָ, טאָר קיין ארבייטער נישט אריבער הינטער דאָס ווענטעל. נור יעטצט זיינען די בעלי־הבתים נישטאָ, און די ארבייטער — א מאַן צעהן — הערשען איבער דער גאַנצער קאָנטאָר.

נחום „קאָלאטירע“, א מאַן פון א יאָהר פיערציג, פון הויכען וואוקס מיט א קליינעם, שיטערען, בלאָנדען בערדעל, גרויע אויגע־לעך און א רויטליכער נאָז, אין א ברודיגען העמד און אין איין אַלטען פערשמוצטען היטעל, צוואווארפט זיך אויף דעם בעל־הבית׳ ארט. די אנדערע צוויי שטולען פערכאפּען מאיר און פייוועל, צוויי יונגע בחורים פון א יאָהר ניינצעהן; צוויי עלטערע ארבייטער, משה דער געלער און הלל די לאַנגע נאָז, זעצען זיך אויף א גרויסער קיפּע פּאפּיער, וואָס ליעגט אויף ד׳ר׳ערד. אויפ׳ן פענסטער זיצט, אויסגעצויגען די פיס, פישעל, א בחור פון א יאָהר פינף און צוואַנ־ציג, מיט א שווארצען בערדעל, געדרעהטע וואָנצען, אין א ווייסען

העמד און אַ נייעם קאַפּעליוש; ער קוקט אריין אין הויף, פּייפט זיך אונטער אַ ליעד און קוקט זיך נישט אום אויף דאָס, וואָס טוט זיך אין קאַנטאָר.

אין טיר, וועלכע פיהרט אין דאָס מאַשינענצימער און אויף וועלכער עס שטעהט אָנגעשריעבען: „פרעמדע מענשען דארפען נישט אריין,“ שטעהט יאַשקע „קלאַפּער“, אַ אינגעל פון אַ יאָהר זעכצעהן, וועלכער האָט בעקומען דעם צונאָמען דערפאַר, וואָס ער לאַכט ווי געקלאַפּט. די איבריגע שטעהען אָנגעשפּאַרט אויף דאָס ווענטעל.

„ווי מיינט איהר, חברה, היינט וועלען מיר קריגען געלד?“ פרעגט משה דער געלער פון דער קיפּע פּאַפּיער.

„קדחת,“ האַקט אָב נחום.

„אזביידע זיינען נעלם געוואָרען, איז אַ שלעכטער סימן,“ מיינט מאיר.

דאָס פיהלען אַלע ארבייטער, נור זיי זיינען שוין געוועהנט אוועקצוגעהן פרייטאָג אָהן געלד און זיי זיינען יעצט אויך „מוכן ומזומן“ אוועקצוגעהן מיט לעדיגע הענד און קעשענעס. אָבער דאָך רייצט זיי עס אַ ביסעל און עס איז אונאַנגענעם — „מולקע“, ווי זיי דריקען זיך אויס — אוועקצוגעהן אָהן געלד.

„נו, איז וואָס וועט זיין? איהר וועט שוין אַ מאָל געבען געלד?“ רייסט איבער אין אַ ווייל ארום די שטילקייט אַ יונגער ארבייטער, וועלכער שטעהט אָנגעשפּאַרט אויפ׳ן ווענטעל, ווענדענדיג זיך צו נחום׳ען.

„געלד? אויף וואָס דאַרפסטו געלד?“ פרעגט איהם נחום איראָניש, נאָכמאַכענדיג דעם בעל־הבית׳ קול.

„איך דאַרף! ווי הייסט, אויף וואָס דאַרף איך?“ רעדט ברוגז דער ארבייטער.

אַלע האַלטען איין דעם אָטעם. מען לאַכט נישט, נור אַ שמייכעל צוקרימט די מיילער. אפילו יאַשקע קלאַפּער, וועלכער לאַכט, ווען מען בעוויזט איהם אַ פינגער, האָט פערדעקט דאָס מויל מיט דער האַנד און שטיקט אין זיך דעם געלעכטער. מען

וויים, אז יעצט וועט זיין אַ גאַנצער „טריאַטער". נור פישעל אַליין זיצט נאָך אין דער פריערדיגער פּאָזע, פּייפט זיין ליעדעל און קוקט זיך נישט אום. ער איז אַ מאָל געווען אַ כאָריסט אין אידישען טעאַטער און האַלט זיך פאַר אַ מבין אויף אַקטיאָרסקע „שטיק". איהם שטעהט נישט אָן צו לאַכען און נתפעל צו ווערען פון „קאַלאַ־טירעס" ברעכען זיך.

„און איך זאָג, אז דו דאַרפסט נישט," זאָגט נחום פערטראַ־גען און קוקט אריין מיט איין אנגעקנויטשטער שטערן אין אַ חשבון, וועלכער ליעגט פאַר איהם אויפ'ן טיש. „וועסט זיך שבת בעגעהן אָהן געלד אויך... וועניגער עברות טון."

„וועניגער ארומשלעפּען זיך מיט מאַשקען," לעגט צו הלל די לאַנגע נאָז.

„קע־קע־קע ! " קלאַפּט אויס יאַשקע און פערשווינדט אין מאַ־שינענצימער.

„ס'איז שוין מיין זאַך," ענטפערט דער יונגער ארבייטער מיט כעס און שמייכעלט, „איהר וועט פאַר מיינע עברות נישט ליידען. איך דאַרף — מאַשקע בעט ! "

„נישטאָ, נישטאָ קיין געלד," ענטפערט נחום און קוקט אריין אין חשבון. „געה דיר געזונטערהייט. זונטאג זעה נור, למען השם, וואָס פריער קומען, מאַכסט דיר עפּעס צו לאַנגע שבתים..."

„און מיר וועט איהר עפּעס געבען ? " מישט זיך אריין חיים „דראַנגיילע", אַ זעהר הויכער און שמאָלער ארבייטער, פון אַ יאָהר פינף און דרייסיג, וועלכער שטעהט אָנגעשפּאַרט אויפ'ן ווענטעל.

„זאָל ער דאָס האָבען, וואָס ער וועט אונז אַלעמען געבען," מורמעלט פישעל פון פענסטער, ווי פאַר זיך, נישט אָבדייסענדיג דעם בליק פון הויף.

נחום האַלט נישט אויס די ראָליע און צולאַכט זיך.

די ארבייטער האָבען זיך גלייך דערמאָנט, וואו זיי זיינען אין דער וועלט, און דערפיהלט דאָס אונאָנגענעמע געפיהל, וואָס האָט זיי פריער גערייצט.

„עס ווערט שוין פינסטער, וואָס קומט ער נאָך נישט?“ פרעגט משה דער געלער אונגעדולדיג.

„ער איז געגאַנגען געלד מאַכען, טריקענט ער יעצט די פּאַ־פּיערלעך,“ וויצעלט פּייוועל.

„געהט אַ נור צו צו ריבציען אין שיינק, אויב איהר געפינט איהם נישט דאָרטין,“ זאָגט נחום.

„אַז וואָלט געוועזען אַ רעכטע חברה, וואָלט'ען געדאַרפט געהן מקל'ן איהם,“ זאָגט פישעל מיט פעראכטונג, אלץ נאָך קוקענ־דיג אין פענסטער.

„קום, נו!“ זאָגט נחום.

„ברעך זיך, ברעך זיך, קאַלאַטירע!“ איראָניזירט פישעל. „מיט דיר איז גוט דעם אויווען צו פערשטאָפּען.“

„אַ פּטשיק!“ ניעסט אוים נחום.

פישעל העבט אָן ווייטער צו פייפען.

עס ווערט אַ ווײַלע שטיל.

„אה, זאָל ער דאָרטין...“ ברומט אַרוים הלל די לאַנגע נאָז.

„ווער איהר מיר שוין געבען געלד?“ פרעגט ווייטער חיים „דראַנגיילע“ נחום'ען.

„דו אויך?“ ענטפערט איהם נחום מיט רוגזה. „וויפיעל קומט דיר?“

„שוין פּאַר צוויי וואָכען.“

„דרעה נישט קיין קאָפּ! היינטיגע וואָך נאָך האָסטו ביי מיר גענומען געלט.“

„איך האָב ביי איך היינטיגע וואָך אַ קאָפּיקע נישט גע־נומען.“

„וואָס זאָגט מען צו איהם, האַ?“ שרייט אוים נחום, פער־גלאָצט די אויגען און פערלעגט די הענד אויפ'ן בויך. „איך האָב איהם אליין געגעבען מאָנטאַג, אָדער מיטוואָך, אָדער דאָנערסטאַג, אָדער פריי... פריי... איך האָב איהם אליין געגעבען!...“

אַלע צולעגען זיך פּאַר געלעכטער. דאָס מאָל האָט איהם הפּנים גוט געלונגען נאָכצומאַכען דעם בעל־הבית, ווייל דער „מבין“

פון פענסטער האָט א וואָרף געטאָן אויף איהם א בליק און אויך צושמייכעלט זיך. נחום אליין שטארקט זיך נישט א שמייכעל צו טון.

„אָבער מיר?“ זאָגט איין אנדער ארבייטער פון ווענטעל.

„א נו, קומט דער פרייטאג, איז נישט איבערצוטראָגען!“ שפּרינגט אויף נחום.

„זאָל שוין זיין א מאָל געלט, בעל־הבית,“ זאָגען אייניגע אויף א מאָל.

„היינט איז ניטאָ קיין געלט, בנאמנות, קוילעט מיך פאר א קאָפּיקע,“ ענטפערט זיי נחום מיט איין אומעטיגען קול, מיט א געבעט.

„היינט איז נישטאָ, פאר אכטאָגען איז אויך נישט געוועזען!“

„נו, וואָס קאָן מען מאכען? וואָס זאָל איך טון? עס איז ניטאָ, איז ניטאָ.“

„א שיינער תירוץ!“

„מע גיט מיר נישט, גיב איך אייך נישט.“

נור די ארבייטער האָבען שוין געשפּיעלט דאָס „טריאטער“ אָהן חשק. עס איז אלץ פינסטערער געוואָרען דרויסען און אין דער איינענער צייט זיינען חשך'דיגער געוואָרען די ארבייטערס פנים'ער. עס איז זיי אלץ אומעטיגער און אומעטיגער געוואָרען, און זיי האָבען נישט אויפגעהערט צו ווארפען בליקען אין הויף אריין פאר אונגעדולד.

„ער וואָלט שוין געקאָנט זיין א רעכטער מייסטער,“ זאָגט משה דער געלער גענעצענדיג און מאכט מיט'ן קאָפּ אויף נחום'ען.

„אזוי העלף מיר גאָט, ווי איך וואָלט קאָנען נישט צאָלען,“ וויצעלט נחום, און דער עולם צולאכט זיך.

„אנקעגען אונזער מייסטער איז ער נאָך א הונד,“ רופט זיך אָב פישעל פון פענסטער.

„איך רעד איהם דאָך נור נאָך, מבין מיינער!“ צוהיצט זיך נחום. „ווען איך בין אליין מייסטער, וואָלט איהר געהערט פון

מיר אַנדערע דיבורים. וואָס? געלט?" צושרייט ער זיך פלוצלינג, פערקוועטשט די ציין, גלאָצט די אויגען און כאַפּט פייוועלען פאַר'ן קאָלנער, „געלט?!... ארויס אין אל די רוחות! אָהן געלט ביזטו קראַנק צו ארבייטען, אין דיין טאַטען אריין!?"...

יאַשקע „קלאַפּט" אויף די הויכע טענער. דער איבריגער עולם שמייכעלט נור שוואַך. נחום קוקט זיך ארום פערגניגט אויף די חברים. יאַשקע קוקט איהם אין מויל אריין, נור דער עולם ווארפט שוין ווייטער בליקען אין פענסטער. עס ווערט שטיל.

„אַ, נו!" זיפצט אָב חיים „דראַנגיילע" אין אַ ווײַלע ארום אונגעדולדיג.

„איין ארבייט!" כאַפּט אונטער מאיר מיט'ן זעלבען טאָן.

„מען האָט איהם דאָך פאַרט געדאַרפט אויפזוכען," זאָגט משה דער געלער.

„וואו זוכען?" פרעגט פייוועל פערדראָסיג.

„ביי ריבציען, זאָג איך אייך, הערט מיין וואָרט," זאָגט נחום.

„וואָלט איך איהם דאַרטין נור געפּאַקט," מיינט חיים, „וואָלט ער שוין געקראָגען ביי מיר געשעדיגט."

„גאַרנישט'ען זייט איהר אַלע!" זאָגט פישעל, קוקענדיג אין פענסטער, און דרעהט די נאָז.

„זיי דו די בריה, געה דו, פּאַק איהם!" זאָגט איהם מאיר.

„עס וואָלט זיין אַ רעכטע חברה..."

„נו, גוט! נו, קום!"

עי, באַבעס זייט איהר, באַבעס!" מאַכט יענער אָוועק מיט דער האַנד און קוקט זיך אפילו נישט אום.

„און דער גבור ריהרט זיך נישט פון אָרט," לאַכט נחום. „עה, חברה, קומט טאַקי, מיר וועלען איהם פּאַקען."

ער שפּרינגט אויף פון אָרט און העבט אָן צו פערשפּיעליען זיין רעקעל, נור פאַרביי דעם פענסטער איז פאַראיבער אַ שאָטען. נחום מיט די אַנדערע ארבייטער שפּרינגען ארויס פון הינטער דעם ווענטעל. מען צושטעלט זיך מיט אָנגעקנויטשטע שטערן און מען קוקט אויף די טיר.

„יבא המן,“ זינגט עמיץ אוים. יאָשקע דריקט זיך דאָס מויל.

עס איז אריין בערגשולד, א הויכער דיקער איד פון א יאָהר פופציג מיט א ברייטען שיווליכען באָרד. מיט דעם געבלויזטען העמד און מיט דעם קאפעליוש אויפ'ן קאָפּ איז ער שוין א היינט־וועלטיגער, נור מיט די דינע פּאות'לעך, וואָס ליעגען פערדרעהט נעבען די אויערן, מיט'ן לאַנגען ראָק און מיט די הויזען אין די שטי־פעל איז ער נאָך א חסיד. איין ארבייטער, וועלכער איז בעקאנט מיט די נעמען פון שמר'ס מעשות, האָט איהם א נאָמען געגעבען „האלב מענש, האלב אפּפע“.

„נישטאָ נאָך מענדעל?“ האָט ער געפרעגט, בלייבענדיג שטעהן אין דער טיר.

„והילד איננו,“ ענטפערט נחום.

יאָשקע דריקט נאָך שטארקער די האנד צום מויל.

„איז דאָך שלעכט!...“ זינגט אוים בערגשולד, נעמט זיך פאר'ן באָרד און קוקט צו דער פאדלאגע. „וואָס טוט מען, קינדער־לעך, עס איז דאָך ווייטער קיין געלט נישטאָ?...“

„איך האָב זיי דאָ א פריער געזאָגט,“ זאָגט נחום, און יאָשקע העבט אָן צו קלאַפּען. נור די איבריגע זיינען שטארק אָנגערוקט.

„א שיינער תכלית איז עס,“ זאָגט חיים ברגז'דיג.

„איז וואָס קאָן איך טון? איך בין געווג ארומגעלאָפען,“ ענטפערט בערגשולד און מאכט פערצווייפעלט מיט די הענד. „עס איז שוין שפּעט, אז נישט וואָלט מען געוואַרט אויף מענדלען. מענ־דעל דארף געווים ברייננען געלט.“

„נו, א ודאי, וואָס האָב איך אייך געזאָגט?“ וויצעלט נחום.

„ווער שטום א מאָל!“ שרייט אוים פישעל מיט כעס. „קאָ־לאטירע!“

„טאקי ווער שטום א מאָל!“ בייזערן זיך אייניגע מיט א מאָל אויף נחום'ען.

„מען זאָל ארבייטען און א קאָפּיקע נישט זעהן,“ מורמעלט פישעל.

„ווי הייסט א קאָפּיקע נישט זעהן? דיר קומט עפּיס א סך?“ כאַפּט זיך אָן דער בעל הבית מיט פּערדרוס.

„איך ארבייט די וואָך, דאַרף איך דאָס געלד,“ זאָגט פישעל מיט הארץ.

„נו, וואָס קען מען העלפען? עס איז אזא וואָך געוועזען,“ ענטפערט בערגשולד און נעמט זיך פאר די שליסעלעך.

„איז וואָס וועט זיין? ניט כאָטש עפּיס געלט,“ רעדען עטליכע מיט א מאָל.

„וואָס? געלט? ארויס אין אל די רוחות!...“ חזרט איבער נחום מיט איין איינגעהאַלטענער שטימע. „אָבער מיר, רב אברהם, וואָלט איהר טאַקי נעגעבען עפּיס געלט,“ ווענדט ער זיך צום בעל־הבית.

„נו, נו, מאַך זיך נישט נאריש, קאַלאַטירע,“ שמייכעלט בערג־שולד גוטהארציג. „געהט, געהט, מען דאַרף שוין פערשליעסען די טיר, שוין שפּעט,“ זאָגט ער הארציג־ווייך. „איהר וועט שוין זונ־טאג געוויס בעקומען אייער געלט.“

די ארבייטער בעוועגען זיך פויל, שטעלען איבער די פיס און ריהרען זיך נישט פון אָרט. משה דער גלעזער מאַכט א טריט צו דער טיר, דרעהט זיך צוריק אום און בורציעט.

„עס איז א גוטער פּלאַן, בנאמנות. כאָטש נעם און מאַך נישט דאָס אַנדער מאָל קיין שבת.“

„אז איך זאָג: זונטאָג — איז זונטאָג“, פערזיכערט בערגשולד און עפענט די טיר. „נו, געהט, געהט, ביי לייטען בענשט מען שוין ליכט. וואָס איך האָב מיך אָנגעלאָפּען א ביסעל.“

די ארבייטער העבען אָן אָהן חשק ארויסצוגעהן פון טיר.

„א רררררוחחח!...“ שעלטען אייניגע מיט כעס אויף יענער זייט טיר.

„בגפּו יבא בגפּו יצא,“ זינגט אוים נחום.

„אין אל די שווארצע יאָהר אזא ארבייט!“ בורציעט הלל.

„אַלע פרייטאג איינע דיבורים,“ זאָגט יאָשקע און קוקט אויף די עלטערע, צו זאָגט ער נישט אמת.

בערגשולד איילט אוועקצוגעהן און לאָזט איבער די ארבייטער נאָך אין הויף.

„מען האָט איהם געדארפט מקל'ען,“ זאָגט נחום.

„אָנרייבען א מאָרדע,“ כאפּט אונטער פּייוועל.

„ער זאָל נישט וויסען, פון וואנען ער איז געקומען,“ שטעלט צו מאיר.

„ברררר, אויף מיין עהרענוואָרט,“ זאָגט חיים „דראָנגיילע“, רייבענדיג די פויסטען.

„באבעס ! “ קרימט זיך פּישעל.

.1896



# אראָב דאָס יאָך.

אויפ'ן שטאָדטמארק צו דער בערזשע פון די טרעגער און וועגעלפיהרער איז האַסטיג צוגעגאַנגען מיט גרויסע טריט אַ הויכער, סוטולאוואטער, אלטער איד, אָנגעטאָן אין צופּיצעלטע קליידער און אַרומגעגאַרטעלט מיט אַ שטריק. זיין איינגעפאלען, איינגעקאָרטשעט געזיכט איז געוועזען רויט, דער אויסגעקרימטער רוקען האָט זיך ווי אויסגעגלייכט, אין זיינע אויסגעלאָשענע, טיעף איינגעפאַלענע אויגען האָט זיך בעוויזען אַ פּייערל, און ער האָט שטארק געמאַכט מיט די הענד.

אַ גרויסע זאַך האָט ער יעצט אָבגעטאָן, זעהר אַ גרויסע! אַ זאַך, פון וועלכער עס דארפען קלינגען אַלע אויערן — אויף בילעטען צו געהן זעהן און הערען עס! זיינע חברים וועלען שטארק הנאה האָבען דערפון, און ער לויפט זיי דערצעהלען. אגב פיהלט ער, אז ער דארף יעצט רעדען, ער מוז יעצט רעדען. עפּיס דריקט איהם מאָדנע דאָס האַרץ און הערבט איהם די צונג...

„גאָר!" האָט ער אויסגעשריען צו אַ קופּקעלע טרעגער און וועגעלפיהרער, וועלכע האָבען איהם שוין פערוואונדערט אָנגעקוקט. „גאָר, פּטור געוואָרען פון וועגעלע, אָבגע'גמר'ט! דעם ס ו ו אָ ל ע ט ש אין שטוב אריינגעוואָרפען!... אין שטוב!... אוים!..."

און דאָס קופּקעלע האָט שוין געוואוסט, וועגען וואָס ער רעדט און וועמען ער מיינט, און אָנגעקוקט איהם מיט חשד־אויגען — גלויבען איהם צו נישט?

„ער האָט געמיינט אין ד'ר'אמת'ן," האָט דער אַלטער ווייטער גערעדט, ווי ער וואָלט זיך וועלען פערענטפערן, „ער האָט געמיינט אין ד'ר'אמת'ן, אז ער מאָג מיט מיר טון, וואָס ער וויל, אז ער האָט

מיך שוין אין גאנצען אָבגעקויפט, אין גאנצען, מיט מיין ווייב און קינד! ניטאָ, אוים!..."

„וואָס ביזטו דאָס מיט א מאָל קלוג געוואָרען?" האָט איין אַל־טער טרעגער געזאָגט. „וואָס האָסטו דאָס לאַנג נישט גערעדט? פּרא אדם, געלאָזט זיך קריכען אויפ'ן קאָפּ!... פאר וואָס? פאר ווען? שוטה!..."

„אָט גאָר נישט! א י ך האָב געליטען, האָב איך געליטען. איז גאָר נישט... ה אָ ב איך!... ער האָט דאָך מיר פאָרט געקויפט דאָס וועגעלע. ווי זאָגט מען... א טובה! זאָל ער קאָמאַנדעווען... זאָל ער... א גרויסע זאַך... איך בין צו אַלץ געוואוינט... די גרויסע סלוזשבע אויך געדיענט...אבער מיין חו'קען?!... א קריינק איהם אין די ביינער, א קריינק!... אוים!... זיי מיר נישט קיין פריץ!... אין זאָל האָב איך איהם דאָס וועגעלע אריינגעוואָרפען! נאַ, ווערג זיך מיט איהם!..."

„ווי אזוי קומט ער צו חו'קען?" האָט א צווייטער געפרעגט.

„ווי אזוי? ווי הייסט, ווי אזוי, ווי הייסט? ער האָט געבע־טען, איך זאָל איהם שיקען חו'קען... דאָס ווייב איז אויף דער דאַטשע, מיט דער דיענסט איז זי... האָט ער געבעטען חו'קען, האָט ער... זי זאָל זיין ביי איהם אין שטוב... זי זאָל איהם דיענען... נו, פאר וואָס ניט, פאר וואָס? איך האָב געמיינט, איין עהרליכער מאַן, א גביר מיט א נאָמען, א גוטער מאַן... ער האָט דאָך מיר פאָרט דאָס וועגעלע געקויפט... זאָל זי זיין ביי איהם... וועט זי פערדיענען אויף א קליידעל, אויף שיך... זאָל זי זיין ביי איהם... איז זי אוועקגעגאַנגען צו איהם... היינט פאר טאָג איז זי געקומען צו לויפען, איז זי... אָהן א נשמה, בלייך ווי די וואַנט... ניט טויט, ניט לעבעדיג... ער איז געקראָכען צו איהר... זי האָט זיך אָבער אויפגעכאַפּט... ער האָט געבאָטען געלד... אין צורה האָט זי איהם געשפּייט... איין עהרליך קינד... האָט ער געוואָלט מיט געוואַלט... האָט זי זיך מיט איהם געשלאָגען... קולות געמאַכט... קוים ארויס־געריסען זיך פון איהם... דאָס וועגעלע, האָט ער געזאָגט, וועט ער דערפאר אָבנעמען ביי מיר... דאָס בלוט האָט אין מיר אָנגעהויבען צו זידען... איך האָב אָנגעהויבען ברענען, ווי א העליש פייער...

אויסער זיך בין איך געוואָרען, אויסער זיך... איך האָב געכאַפּט דאָס וועגעלע און געלאָזט זיך לויפען צו איהם... אין שטוב אריינגעלאָפען... ער איז געוועזען אין זאַל, בין איך אריין אין זאַל... איך האָב אויפגעהויבען דאָס וועגעלע אין דער לופטען און אַ שליידערע געטאָן אויף ד׳ר׳ערד... עס האָט זיך אַ טרייסעל געטאָן דאָס גאַנצע הויז... דאָס גאַנצע הויז האָט זיך אַ טרייסעל געטאָן... איך האָב אַ גרויסען שפּיי געטאָן, טפו!... אָנגעכראַקעט אַ פולע צורה און אַ קלאַפּ געטאָן מיט דער טיר.“

ער האָט אויפגעהויבען און אַראָבגעלאָזען מיט כח די הענד, צו בעווייזען, ווי ער האָט אויפגעהויבען און אַראָבגעוואָרפען דאָס שווערע וועגעלע, ווי ער האָט אַ קלאַפּ געטאָן מיט דער טיר. זיין געזיכט האָט געברענט, זיינע אויגען האָבען געפינקעלט, זיין הייזעריגער קול איז הילכיגער געוואָרען. ער האָט גערעדט מיט אַלע גליעדער.

דער עולם האָט זיך שטאַרק פערנאַנדערגעלאַכט. „אָט אַזוי ביזטו אַ מענש!“ — „וואָס גוט איז גוט!“ — „אָט דאָס איז מעשה מענש!“

„זעהסטו,“ האָט צו איהם געזאָגט דער אַלטער טרעגער, „דו וואָלסט אונז אָבער לאַנג געפּאָלגט, שוטה!... זיעבען חדשים איין עבד נכנע געוועזען, פּרא אדם!... פערקויפט זיך פאַר פיער רובעליעס, משוגענע בריאה!...“

„אַבי אויס!“ האָט ער געענטפערט, „אין זאַל איהם אריינגעוואָרפען דאָס וועגעלע... אַ שליידער געטאָן... אויפגעהויבען און אַ שליידער געטאָן... ער וועט מיך שוין געדיינקען!... די שויבען האָבען געקלונגען, אַזאַ שליידער געטאָן!...“ •

און נאָך לאַנג האָט דער אַלטער געחזרט די ווערטער, אויפהעבענדיג און אַראָבלאָזענדיג די הענד מיט כח.

ער האָט אין זיך געפיהלט אַ משונה־שטאַרקען כח. עפּיס אַ כח, אַז ער וואָלט קאָנען אויפהעבען דאָס וועגעלע הויך, הויך און אַ שליידער טון אויף דער ערד, אַז עס זאָל איינפאַלען דאָס הויז און

בעגראָבען אונטער זיך דעם רייכען מעהלער, פון וועלכען ער איז זיך זעהר א סך אויסגעשטאַנען.

ער האָט אין זיך געפיהלט עפּיס א נייע נשמה. עפּיס ווי א נייע הויט וואָלט זיך אויף איהם אָנגעצויגען. עפּיס, ווי אין איינעם מיט דעם וועגעלע האָט ער פון זיך אראָבגעוואָרפען א שרעקליך שווערע משא, וועלכע האָט איהם געדריקט אזא צייט און געזאָלט דערשטיקען זיין טאָכטער!...

גאַנצע זיעבען חדשים איז ער אָבגעוועזען א קנעכט ביי דעם רייכען מעהלער, האָט געדאַרפט שטעהן נור נעבען זיין קראָם, געהן נור אין זיינע שליחות, פאָלגען איהם אין פייער און וואסער. יענער איז זיך בעגאַנגען מיט איהם ווי מיט א פערד, נור עפּיס פלעגט ער איהם אויפוואָרפען מיט דעם וועגעלע, וואָס ער האָט איהם חנוכה געשיינקט מיט דעם תנאי, אז ער זאָל שטעהן נעבען זיין קראָם...

די חברים האָבען פון איהם געלאַכט — פאר דאָס וועגעלע האָט ער זיין בכורה, זיין פרייהייט פערקויפט.... האָבען איהם גע־זידעלט, פערד, שוטה, בהמה גערופען....

שלעכטע זיינען זיי, פערגעסען א טובה...

ער טוט דאָס נישט. א וועגעלע איז פּאָרט א וועגעלע... פיה־רען דאָס זעקעל מעהל איז פּאָרט נישט טראָגען. די פּלייצע איז שוין צוגעשטאַנען — באלד שוין א זיעבציגער... נור יעצט... א כפּרה זיינע, זאָל ער זיך ווערגען מיט זיין וועגעלע!

ער פיהלט אין זיך יעצט שמשון הגבור'ס כח און איהם דוכט זיך, אז זיין פּלייצע איז ווייטער יונג געוואָרען און איז שטארק מסוגל צו משאות.

על כל פּנים, ער האָט דאָך געלעבט אָהן דאָס וועגעלע אויך...

קלערט זיך, מיט א וועגעלע איז טאַקי בעסער, לייכטער. ווערסט מיד, בלייבסטו שטעהן, בלאָזסט פון זיך אָב, טריקענסט דיר אָב דעם שוויים און פיהלסט דיך טאַקי אָבגערוהט, דאַרפסט נישט בלייבען שטעהן מיט דער שווערער משא אויפ'ן רוקען און קוים־קוים פיהלען א דערלייכטערונג. — איין אנדערם מאָל, און

טאקי גאנץ אָפּט, געפינט זיך אַ קלייענר ווייסער חברה׳ניק, וועלכער איז אַ בעלן אויף אונטערשטופּען, גלאַט אַזוי, פון פערגניגען און שקאַצעקעריי וועגען. היינט אראָב אַ באַרג! יעמאָלט דאַרף מען גאָר וויסען, ווי איינצוהאַלטען, מען זאָל זיך נישט פערנאַנדער־יאָגען...

נור מילא... מאַלע וואָס גוט איז!.. אַ טרעגער איז ער געווע־זען און אַ טרעגער וועט ער שוין שטאַרבען. מסתמא אַזוי בע־שערט...

אָבער, ניין... ער פיהלט זיך געזונד, זעהר געזונד!...

פרייער און לעבעדיגער זיינען געוואָרען זיינע בעוועגונגען, ברייטער דאָס האַרץ, גלייכער דער רוקען, און ער האָט נאָך לאַנג גע־חזרט, ווי ער האָט אַריינגעוואָרפען דאָס וועגעלע, און פרייער און לעבעדיגער האָט ער געוואָרפען מיט די הענד אַרויף און אַראָב...

און זיין עולם האָט געלאַכט, געלאַכט, געלאַכט. די בלייכע צורות האָבען זיך בעדעקט מיט רויטקייט, פון שטערן האָבען זיך געקייקעלט גראָבע טראָפּען שוויים. זיי האָבען שוין קיין כח נישט, זיי האַלטען זיך שוין פאַר די זייטען, נור אויפהערען קאָנען זיי נישט...

„חזרים יושען,“ האָט זיך אָבגערופען אַ שטאָדטישער נגיד, פאַרבייגעהענדיג. „וואָס פעהלט זיי די שלעפער? זיי האָבען עפּים אַ סך קאָפּדרעהענים?...“

.1893



# דראבקין.

## 1.

דראבקין איז געוועזען א זעהר גוטער ארבייטער — א בייטעל־נייהער, א שם דבר אין דער גאנצער שטאדט. מען האט איהם גע־לויבט אין די אויגען און אונטער די אויגען, און ער האט געוואוסט, וואס ער איז ווערט און געהאלטען הויך דעם קאפּ. איהם האט זיך געדאכט, אז ער איז בעשאפען געווארען צו זאגען דעם אמת די בעלי־בתים און נור עפּיס פלעגט ער זיי פארווארפען, אז זיי לע־בען פון זיין שוויים און בלוט, אז זיי זיינען עקספּלאאטאטארס, בלוטזויגער, מענשענפרעסער און אזוי ווייטער און אזוי ווייטער. דערפאר האט ער זיך אויף קיין ארט א סך נישט געהאלטען און אין א יאהר איז ער ארומגעגאנגען מעהר לעדיג, אלס געארבייט.

די בעלי־בתים האבען איהם בעדויערט. זיי פלעגען רעדען:

„א שד מיט נעגעל איז דאס, קיין גוטער איד זאל איהם נישט קענען!... אבער גאלדענע הענד האט ער!“

„ווען נישט זיין משוגעת וואלט ער דאך אין גאלד געגאנגען. א שפּאס אזא ארבייטער, שרים ארבייטען דאך מיט זיינע הענד!“

דאך האבען זיי איהם נישט געקאנט ליידען, אפילו ווי מורא געהאט פאר איהם. אלע האבען איהם שוין געקאנט, ווי א בייזען שילינג און פון דעסטוועגען פלעגט מען איהם נעמען צו דער אר־בייט, ווייל מען האט אלץ געקלערט, טאמער איז ער בעסער, שטי־לער, רוהיגער געווארען. אויך איז א שאד, אז הענד, וועלכע אר־בייטען אוים אין צוועלף שעה וויפיעל איין אנדערער אין א מעת־לעת, זאלען ארומגעהן לעדיג. נור אין א פּאר טעג ארום פלעגט מען זיך מוזען מיט א קרעכץ מודה זיין, אז ער איז דערזעלבער עזות

פנים, ווי געוועזען, אז עס איז געפעהרליך צו האלטען איהם אין א אידישער שטוב, ווייל ער קאָן נאָך קאליע מאכען די איבעריגע אר־בייטער. מען פלעגט איהם ווייזען די טיר.

ער פלעגט דערפון גאָר נישט נתפעל ווערען. ביי איהם איז דאָס שוין געוועזען א שפּיעלכעל. ער איז געוועזען זיכער, אז סוף כל סוף וועלען די בעלי־בתים צו איהם אָנקומען, ווייל זיי דארפען און מוזען איהם האָבען, ווייל „מיט זיינע הענד ארבייטען שדים". ער פלעגט נור איראָניש שמייכלען און דורכשטעכען די בעלי־בתים מיט א קוק, פאר וועלכען זיי האָבען פשוט געציטערט.

„וואָס, עס געפעלט אייך נישט מיין ליעדעל?" פלעגט ער זאָ־גען. „פאר'ן אמת שלאָגט מען, האַ? עקספּלאָאטאטאָרעס, בלוט־זויגער!"

„דיך דארף מען פערזעצען אָדער אין אסטראָג, אָדער אין דולהויז," פלעגט ער בעקומען איין ענטפער, „דו ביזט פשוט א גע־פעהרליכער מענש! ביזט א משוגענער הונד!..."

„אָ, אוהום, טאָ־טאָ!" פלעגט ער צוברומען מיט פערגניגען. „אָבער ווי געפעלט אייך מיין ארבייט? איך ארבייט געשווינד, האַ?"

דאָס האָט געשטאָכען די בעלי־בתים!

„אָבדארען זאָלען דיר דיינע הענד!" איז געוועזען זייער ענט־פער. „וואָלסטו אזא מענש געוועזען, סאר איין ארבייטער דו ביזט, וואָלסט דו דאָך אין גאָלד געגאנגען..."

„ביי אייך אין גאָלד געהן!!" פלעגט ער זיך פלוצלינג אָנכאַ־פּען פאר דאָס זייניגע. „פון פיערצעהנ'שעה'דיגער ארבייט מיט דעם געהאַלט, וואָס איהר גיט, וועל איך דאָך באַלד בעוואקסען ווע־רען מיט גראָז! עקספּלאָאטאטאָרעס, בלוטזויגער, מענשענפרע־סער!..."

„ער איז שוין ווייטער דאָ!" רייסט מען איהם איבער. „מארש, שלעפּ דיך! געה, שריי עס אויפ'ן גאַס!"

„אָ, אוהום, טאָ־טאָ!" ברומט ער שוין ווייטער. „אייך גע־פעלט ניט! ווארט, ווארט!..."

ביי די לעצטע ווערטער פלעגט ער נאָך א מאָך טון דראָהענדיג מיט'ן פינגער. אויף וואָס האָבען זיי צו וואַרטען, האָט ער אליין נישט געוואוסט, נור ער האָט געפיהלט, אז עפּיס וועט אזוינס גע־שעהן, וואָס וועט פערגעהן די בעלי־בתים שאַרף אין נאָז.

מיט נצחון פלעגט ער אוועקגעהן פון די בעלי־בתים; פון זיינע אויגען האָט ארויסגעשיינט א פרייד, גלייך ער וואָלט יעצט א גוטע זאַך אויסגעפיהרט, און מיט זיין קוק פלעגט ער דורכשטעכען אלע הויכע בייכיגע אידען, וועלכע ער האָט בעגעגענט אין גאַס און גע־רעכענט פאר בעלי־בתים. און אין קאָפּ האָבען זיך איהם ארומגע־דרעהט נאָך שאַרפזיניגערע דיבורים, וועלכע ער האָט געדאַרפט פיהרען און וועלכע ער וועט שוין איין אַנדערס מאָל זיכער פיהרען מיט די „עקספּלאָאטאַטאָרעם“, מיט די „בלוטזויגער“, „מענשענ־פרעסער“. און ער האָט זיך געזעהן ארומגערינגעלט פון ארביי־טער, וועלכע העבען צו איהם זייערע אויגען, ווי צו זייער בעשיצער און בעהיטער. ער האָט זיך געפיהלט שטאַרק און ברייט אין דער דעה און איז געוועזען זעהר צופריעדען....

„אוים כלה ווייטער א מויד!“ האָט ער געזאָגט מיט א געלעכ־טער צו דער בעל־הבית'טע פון זיין דירה, צו דער אלטינקער דינה, אריינגעהענדיג אין שטוב.

יענע האָט איהם אָנגעקוקט פערוואונדערט — „פון וועלכער תליה האָט ער זיך דאָס אָבגעריסען אין מיטען העלען טאָג.“

„ווייטער ארויסגעטריעבען?“ האָט די אלטינקע אויסגע־שריען, קוקענדיג אויף איהם מיט פעראכטונג. „נישט געדאַכט זאָלט איהר ווערען, סאַר א מענש איהר זייט!“

זי האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ, ווי זי וואָלט זיך שוין פון איהם מיאש געוועזען, אז ער איז א „לא יוצלח“ געוועזען און א „לא יוצלח“ וועט ער שוין בלייבען, געקוקט אָן א זייט און פערקרימט דאָס מויל. די קנויטשען אויף איהר געלען פאַרמיטענעם פּנים זיינען נאָך טיעפער געוואָרען.

„איך האָב זיי אוועקגעגעבען א גאָב!“ האָט ער געלאַכט און זיינע אויגען האָבען געפינקעלט.

„גליקליך, ווי די ראבע קאַץ!“ האָט איהם די אַלטע מיט שפּאָס געענטפערט. „זיי זיינען טאַקי שטאַרק נתפעל געוואָרען, זעהט אַקאָרשט!“

„אַזעלכע עקספּלאַטאַטאָרעס, בלוטזויגער, מענשענפרעסער, די וועלט איז זיי גאָר קנאַפּ!“ האָט ער זיך גערעדט זיינס. „קוקען זיי אין די ציין, וואָס? זיי ווערען זיך בענוצען מיט אונזער שוויים און בלוט און מען זאָל זיי נאָך שווייגען?! פע, א האָר אויך נישט! איך האָב פיינד צו שווייגען! אַזעלכע עקספּלאַטאַטאָרעס, בייטעל־שניידער! איך האָב פיינד צו שווייגען!...“

„פּש, א גרויסער קאָזיק!“ מאַכט חוזק די אַלטע. „אָבער וואָס האָט איהר אויסגעפיהרט? האָט מען א י י ך ארויסגעטריבען! פּלאַטאַטאָרעס — פּאַטאָרעס!...“

זי איז געוועזען בייז אויף דאָס שווערע אונפערשטענדליכע וואָרט. עס האָט זיך איהר געדאַכט, אז ווען נישט דאָס וואָרט, וואָלט דראַבקין צו קיין צרה נישט געקומען.

זי האָט שוין געוואָלט אויסשפייען און אַוועקגעהן פון איהם. נור דראַבקין האָט זיך אָנגעכאַפּט אָן איהרע ווערטער.

„ארויסגעטריעבען? אַי, אַי, כאַפּט זשע נישט! מען טרייבט מיך נישט אזוי גיך!“

„א גרויל!“ האָט זי זיך געקרימט. „איך וואָלט אייך אויפ׳ן שוועל נישט ארויפגעלאָזען!“

„זעהט איהר דאָך, און ז י י לאָזען מיך!“ האָט ער זיך גע־גרויסט.

„פּראַים!“ האָט זי מיט עקעל ארויסגערעדט.

„אהא!“ האָט ער געענטפערט מיט נצחון.

נאָך דעם „אהא“ האָט שוין די אַלטיטשקע טאַקי מעהר נישט גערעדט. זי האָט מיט פעראַכטונג אויסגעשפּיגען, פערריכט דאָס טיכעל אויפ׳ן קאָפּ און אוועקגעגאַנגען פון איהם.

„פּלאַטאַטאָרעס, פּאַטארעס...“ האָט זי געחזרט פאַר זיך דאָס שרעקליכע וואָרט, ברוגז׳דיג...

.2

אנדערס האָט אויף איהם געקוקט חאשקע, דער אַלטינקערס טאָכטער.

אז זי איז געקומען ביי דער נאַכט פון איהר אַרבייט — זי איז געוועזען א מאָדיסטין — האָט די מוטער בעגעגענט זי מיט די ווערטער:

„ער זיצט שוין ווייטער אויף דער פליישיגער באַנק.“

דערביי האָט זי א מאַך געטאָן מיט'ן קאָפּ אויף דראבקינ'ס צימער.

„נו, איז וואָס?“ האָט די טאָכטער געפרעגט, אראָבנעמענדיג פון זיך דעם מאַנטעל.

די אַלטע איז געבליעבען אָבהענגדיג פון דער טאָכטערס ענטפער און נישט געוואוסט, צו דאַרף זי דערויף ענטפערען, צו נישט. זי האָט זיך געוואונדערט, וואָס די טאָכטער ווערט גאָר נישט נתפעל.

אין דער מינוט איז דראבקין ארויס פון זיין צימער.

„ווייטער א היימיגער!“ האָט ער לוסטיג געשמייכעלט.

„וואָס איז ביי אייך היינט פאָרגעקומען?“ האָט איהם חאשקע געפרעגט.

„וואָס איז פאָרגעקומען? וואָס זאָל פאָרקומען? עס איז פאָרגעקומען! זיי זיינען בלוטזויגערס, עקספּלאָאטאטאָרעס און מעהר גאָר נישט!“ האָט ער זיך געהיצט.

„פּלאָטאַטאָרעס!...“ האָט די אַלטע מיט חזק איבערגעריסען.

„פאַר וואָס פאָרט זייט איהר היינט ארויסגעשפּרונגען?“ האָט חאשקע געפרעגט, דורכלאָזענדיג דער מאַמעס איראָניע.

„פאַר וואָס? פאר דאָס!“ האָט ער געשריען. „פאר וואָס! איך קען ניט צוזעהן, וואָס עס טוט זיך. דאָס איז אונמענשליך, דאָס איז מערדעריש! אפרים דאַרף אַרבייטען אין אָבענד ביז נייען א זייגער און ער אַרבייט ביז האַלב עלף; אז ער איז היינט אין דער

פריה געקומען האלב אכט, נישט זיעבען, איז מען אויף איהם אָנגע־
פאלען, ווי אויף א משוגענעם הונד..."

„איז דאָס נישט זיין באָבעס דאגה?" האָט איהם די אלטינקע
איבערגעריסען.

„איך קאָן נישט ליידען, איך קאָן נישט שווייגען! האָב איך
זיי פערגעבען!..."

„פש... זייער העמד איז גאָר געוואָרען לייוואנד!"

נור חאשקע וואַרפט א בייזען בליק אויף דער מוטער.

„זאָל מען זיי דען שווייגען?" פרעגט זי מיט פעראכטונג.

„זאָל א פ ר י ם שרייען! וואָס דארף ער שרייען?" האָט די
אלטינקע געענטפערט.

„און אז אפרים איז א לעמעלע? און אז אפרים לאָזט זיך
קריכען אויפ'ן קאָפּ?" איז דראבקין אויפגעשפרונגען און דאָס גע־
זיכט האָט זיך אויף איהם אָנגעצונדען.

חאשקע האָט איראָניש און מיט נצחון געקוקט אויף דער
מוטער.

„טאָ זאָל ער ליעגען אין ד'ר'ערד, זאָל ער פוילען, אז ער איז א
נאר!" האָט די אלטע געזאָגט.

„איך קאָן נישט שווייגען! איך קאָן עס נישט צוזעהן!" האָט
דראבקין גערעדט מיט א טאָן נידריגער.

„טאָ ליעגט איהר אין ד'ר'ערד, פוילט איהר, אז איהר זייט
אזא נאר!"

„שעלטען זיך דארף מען אָבער נישט," האָט די טאָכטער
ברוגז'דיג איבערגעריסען.

„טפוי, דו ביזט דאָך נישט בעסער פאר איהם."

„דיר געפעלט נישט?"

נור דראבקין דערלאָזט נישט, עס זאָל דערגעהן צו א קריעג.

„איך קאָן נישט שווייגען..."

ער האָט זיך צורעדט, צושריען. ערשטענס איז אפרים טאַקי
גלאט א לעמעלע; מען מאָג מיט איהם טון, וואָס מען וויל, און ער
וועט שווייגען. און צווייטענס איז ער טאַקי נישט קיין שטאר־

קער ארבייטער און אז מען זאָל איהם אָבזאָגען פון איין אָרט, וועט ער א צווייטען ניט אזוי גיך קריגען, האָט ער פּשוט טאַקי מורא אָבצוזאָגטפערען. אָבער ער! ער קאָן עס נישט צוזעהן. ער האָט דאָך פאר זיי ווייניג וואָס מורא צו האָבען, ער לאַכט פון זיי אוים. אזעלכע עקספּלאָאטאטאָרעס, בלוטזויגערס! ווענינ איז זיי, אלץ ווענינ...

און חאַשקע האָט אויף איהם געקוקט מיט אויגען פול מיט ליעבע, געגעבען איהם גערעכט און איבערגעלעבט און איבערגע־פיהלט דאָס זעלבע, וואָס ער.

די אַלטינקע דינה האָט געשאָקעלט איראָניש מיט'ן קאָפּף.

„צוויי משוגעים! איינער ניט בעסער פאר דעם אַנדערן!...“

### .3

אויף דראַבקינען מיט חאַשקען האָט מען געקוקט, ווי אויף חתן־כלה. „א ליובקע,“ האָט מען געלאַכט. עס האָט געקלונגען, אָבער קיין חאָגע איז עס נישט געוועזען.

דראַבקין איז געוועזען א שיינער יונג. פון מיטעלען וואוקס, מיט ברייטע פּלייצעס, א ווייס, קיילעכדיג געזיכט, וואָס איז געווע־זען ארומגעראַמט מיט א בלאָנדען בערדעל; א מיטעלמעסיג מויל מיט דינע בלוט־רויטע ליפּען, אויף וועלכע עס זיינען געלעגען גע־דיכטע וואָנצען, א „געשניצטע“ נאָז, א הויכע, ברייטע שטערן און א קיילעכדיגער קאָפּף מיט לאַנגע געדיכטע טונקעל־בלאָנדע האָר. די טונקעל־גרויע אויגען האָבען איהם שטענדיג געפינקעלט. מייד־לעך פלעגען זיך פערקוקען אויף איהם, געוואונשען זיך האָבען איהם פאר א חתן. נור ער האָט אויף מיידלעך נישט געקוקט. ער האָט זיך מיט זיי נישט געקאָנט און נישט געפיהרט. ער איז שטענדיג פערנומען געוועזען מיט זיינע „עקספּלאָאטאטאָרעס“; ער האָט אפילו נישט בעמערקט, מיט וואָס פאר אויגען חאַשקע קוקט אויף איהם. מיט חאַשקען האָט ער ליעב געהאַט צו רעדען, ווייל זי האָט איהם מיטגעפיהלט. זי האָט איהם פערשטאַנען, גערעכט געגעבען. מיט איהר וואָלט איהם נישט נמאס געוואָרען צו רעדען און רעדען,

אָהן איין אויפהער. ער האָט נור נישט געטראכט חתונה צו האָבען. —

חאשקע איז אויך געוועזען א שיין מיידעל.

„אז מיין חאשקע,“ האָט גערעדט די אַלטע, „זאָל זיך אָנטון אין לייטישע קליידער, וואָלט מען זיך אין איהר פּנים נישט געקאָנט איינקוקען, ווי אין דער זון.“ זי האָט אַ ביסעל איבערגעטריעבען, ווי אַ מוטער, אבער גאָר אַ ליגען האָט זי אויך נישט געזאָגט. חאשקע איז געוועזען א ביסעל נידעריגער פאר דראבקינ׳ען; מאָגער מיט איינגעצויגענע באַקען און א פלאַכער ברוסט. נור זי האָט געהאט א זעהר עדעלע גלייכע טאַליע, א קליין שיין מויל מיט פיינע ליפּען, א גלייכע נאָז, קליינע אויערען און אַ שיינע שטערן, נור גאָר שיין זיינען געוועזען די לאַנגע שווארצע האָר מיט די בלויע אויגען.

ווען זי וואָלט געהאט נדן, וואָלט מען זי שוין לאַנג אויסגעכאפּט, נור זי האָט אפילו קיין רעכט קליידעל נישט געהאט. האָבען זיך בחורים אָרום איהר „גלאַט אזוי“ ארומגעדרעהט, געזאָגט קאָמפּלימענטען, אויף וועלכע זי פלעגט אפילו מיט א שמייכעל נישט ענטפערען, געטשעפּעט זי מיט די הענד, וועלכע זיי פלעגען מיט בזיונות צוכאפּען צוריק. זי האָט געקראָגען א נאָמען פון א „נישט ריהר מיך אָן“ און מען האָט גערעכענט, אז שולדיג אין דעם איז איהר „ליובקע“ צו דראבקינען. —

און זי האָט איהם טאַקי געליעבט. אָבער איהר האָט זיך געדוכט, אז דראבקין וועט קיינמאָל נישט חתונה האָבען. „ער האָלט גאָר ניט דערפון.“ ער האָט זי קיינמאָל מיט קיין וואָרט נישט בעליידיגט, ווער רעדט שוין מיט אַ האַנד. ער האָט מיט איהר שטענדיג נור וועגען „זיינע זאכען“ גערעדט, וועגען יושר און נישט יושר, געזוכט דעם אמת ביי לייטען און נישט געפונען איהם. ער פלעגט שפּריצען מיט פייער, קלאַפּען אין טיש, לויפען איבער׳ן צימער. „ניין, ער וועט נישט, ער דארף נישט און טאָר נישט חתונה האָבען!“

און ווען יא?... אָך, ווי זיי וואָלטען געלעבט! זי וואָלט געארבייט, א סך געארבייט, פאר צווייען געארבייט... און ער פער־

דיענט דאָך אויך. נור זי וואָלט איהם אין גאָר נישט געשטערט, אין גאָר נישט! זאָל ער בלייבען, ווי ער איז. דאָך א טייערער נפש!... אָך, רבונו של עולם, ווי זיי וואָלטען געלעבט!...

אָבער ניין דאָך! באַלד וועלען קומען קינדער... זי וועט נישט ארבייטען... די מאַמע...

„גאָט, גאָט, פאר וואָס שטראָפסטו אזוי דעם אָרימאַן!" ניין, ער טאָר נישט, ער טאָר נישט חתונה האָבען... אָבער... ווי זיי וואָלטען געלעבט, ווי זיי וואָלטען געלעבט!...

און זי האָט בעהאַלטען פון איהם איהרע געפיהלען. איהר איז דאָס אָנגעקומען שווער. אָ, וואָלט זי איהם ארומכאַפּען, און דריקען איהם צו זיך שטאַרק, שטאַרק, אריינדריקען אין איהם איהר נשמה, ווערען מיט איהם איין גוף... אָטעם פלעגט איהר פערפעהלען, אין די אויגען דרעהען און אין די שלייפען קלאַפּען, ווי מיט האמערס. זי איז קוים איינגעזעסען נעבען איהם. ער זאָל נור נישט דער־קענען, וואָס אין איהר קומט פאָר. און אז ער וועט יאָ דערקענען?...

און אז ער וועט יאָ דערקענען און וועט זי ארומנעמען, און האַלזען, און קוסען, און גלעטען, און דריקען!...

א מין זאָנדערבאַר זיס געפיהל גיעהט איהר איבער'ן לייב, אז עס שווידערט איהר.

ער שטעהט דאָך אזוי נאָהענט נעבען איהר. זי פיהלט דאָך כמעט זיין אָטעם. און זי האָט געקוקט אויף יעדע בעוועגונג זיינע, געלייענט אין זיינע אויגען, טאָמער...

נור זי האָט זיך אליין פערשעמט פאר איהרע געדאַנקען. וואָס איהר קאָן זיך וועלען? וועגען וואָס זי קאָן גאָר טראַכטען, ווען ער רעדט וועגען אזעלכע וויכטיגע זאַכען?

דאָס פּאַסט עפּיס... פע!...

.4

דראבקין אָבער האָט חתונה געהאַט. נישט אויף חאַש־זען, נור אויף א חיענקען, א מיידעל מיט פינף הונדערט רובעל נדן. — —

דאָס האָט מיט איהם געטראָפען נאָך אַ שרעקליכען כעס אויף אַלע בעלי־בתים פון דער גאַנצער וועלט. עס איז ביי איהם אריין אין אַ נצחון: ער מוז ווערען אליין אַ בעל הבית.

„אויסגע־עוקר׳ט זאָלען זיי ווערען מן השורש, די עקספּלאָ־אַטאַטאָרעס!" האָט ער געשריען, אומלויפענדיג איבער׳ן שטוב. „קיין געדעכנים זאָל פון זיי נישט בלייבען, פון די בלוטזויגער! זאָל מען זיי געדיכט זייהען און שיטער זאָלען זיי אויפוואקסען, די מענשענפרעסער! געגנוג, אוים! איך ווער אליין אַ בעל הבית!..."

ער איז ענטשווייגען געוואָרען און איז אַלץ אומגעלאָפען אי־בער׳ן שטוב: ער האָט עפּים אָבגעקלערט.

„אַ בעל הבית וועט ער ווערען!" האָט זיך די אַלטע אריינגע־מישט מיט איהר איראָניע, „אַ בעל־הבאָנדזיע!..."

זי האָט זיך שטעכעדיג צולאַכט. חאַשקע האָט אויף איהר אונרוהיג אַ קוק געטאָן.

„פאַר זיך, נור פאַר זיך!" האָט ער געזאָגט פערטראַכטערהייט.

„הע, וועט פערזעצען די הויזען!" האָט די אַלטע געלאַכט.

און חאַשקע האָט איבערגעטראָגען איהר אונרוהיגען בליק אויף דראַבקינען: זי האָט טאַקי באַלד פון אָנהעב אַ קלער געטאָן, מיט וואָס וועט ער מאַכען פאַר זיך.

„נישקשה! איך וועל קריגען געלד!" האָט ער פערזיכערט.

„איך קאָן קריגען שותפים צעהן פאַר איינעם. מען קען מיך, וואָס פאַר אַ בעל־מלאכה איך בין."

„הלואי!" האָט די אַלטע געענטפערט מיט ספקות. זי האָט איהם ווייניג געגלויבט, נור ביי חאַשקען איז אראָב אַ משא פון האר־צען. זי האָט געגלויבט, אז עס וועט איהם געראָטען צו געפינען אַ שותף. — —

נור ער האָט געפונען דאָס, וואָס ער האָט נישט געזוכט. ער האָט געפונען אַ כלה מיט נדן.

דאָס איז געוועזען, ווען ער האָט זיך מיאש געוועזען צו געפי־נען אַ שותף. ער האָט אויסגעגאָסען זיין ביטער האַרץ פאַר איין אַלטען בעקאַנטען.

„שאַ, איך האָב פאַר דיר אַ שותף,“ האָט אויסגעשריען דער אַלטער בעקאַנטער, „און אַ שותף אויף דיין גאַנצען לעבען.“

דראַבקין האָט איהם אָנגעקוקט קשה׳דיג.

„ווילסט אַ שדוך טון מיט פינף הונדערט רובעל נדן?“

דראַבקינען האָט זיך עפּיס אין האַרצען אָבגעריסען. אַ שדוך טון! פינף הונדערט רובעל! פאַר די אויגען האָט זיך איהם פּלוצלינג בעוויזען חאַשקעס פיגור.

„ד אַ ר ט י ן ווייל מען דיך זעהר,“ האָט דער פריינד ווייטער גערעדט, „אַ מיידעל, אַ ליאַלקע! אַ בריה — איינע אין דער וועלט... שאַ, אויך אַ בייטעלנייהערין.“

דראַבקין האָט נאָך אַלץ נישט געקאָנט בעגרייפען, און חאַשקע האָט זיך איהם געדרעהט פאַר די אויגען...

„דאַרטין ווייל מען דיך זעהר,“ האָט דער פריינד געהאַלטען אין איין רעדען. „די כלה איז דאַכט מיר פערליעבט אין דיר, זי קען דיך פון לאַנג אָן, געאַרבייט דאַכט זיך מיט דיר. נו, ווילסט דו? זאָג, ווערט דאָס איינס און צוויי. איך וועל ביי דיר קיין שדכנות נישט בעטען, איך וועל מיר נאָר נעמען אונטערפיהרער. נו?“

„אַ שדוך?“ האָט דראַבקין געשטאַמעלט. „מיר ווילט זיך דאָס גאָר ניט!...“

„וואָס, דו ווילסט גאָר נישט חתונה האָבען?“ האָט איהם יענער איבערגעריסען מיט שפּאָט. „דו ווילסט אַוועק אין אַ מאָנאַסטיר? זיי קיין נאַר נישט און לאָז זיך רעדען! פינף הונדערט רובעל נדן און דו ווערסט אַ בעל־הבית, דאָס ווייב וועט דיר זיין איין אמת׳ער עוזר. דרעה קיין קאָפּ נישט!... ווי איך בין אַ איד, אז דו וועסט ביי מיר מוזען חתונה האָבען מיט דער מיידעל!...“

דער פריינד האָט זיך שוין שטאַרק געהיצט. ער האָט אָנגערופען דעם מחותן — גרונם דעם גלעזער, די כלה — חיענקע, אַ מיידעל מיט גאָלד גלייך, שיין, אז דראַבקין מאָג זיך ענטקעגען איהר בעהאַלטען אין הרובע, קלוג — שייכות קלוג? — בלעם! עהרליך, ווי גאָט האָט געבאָטען, אַ כשר קינד — „אויף מיר אזא יאָהר!“...

דער פריינד האָט געאַרבייט מיט אַלע כוחות, גערעדט, גע־

שריען, געקוויטשעט, געדונערט, געבריל׳ט — און דראבקין האָט לסוף געמוזט פערגעהן מיט איהם אין א שיינק און שטעלען משקה און נאָך די ערשטע דריי כוסות איז דער פריינד ענטלאָפען צום מחותן.

„וועסט מיר דאנקען, כל־זמן דו וועסט לעבען!“ האָט ער גע־זאָגט צום געזעגענען זיך.

בלייבענדיג אליין האָט ערשט דראבקין דערפיהלט, אז דאָס איז פאר איהם אייגענטליך א גליק. פינף הונדערט רובעל! ער — מיט פינף הונדערט רובעל! ער וועט דאָך וועלטען איבערקערען, ער — מיט פינף הונדערט רובעל!...

און די כלה קען ער טאקי. דער פריינד האָט קיין סך ליגענס נישט אָנגעזאָגט. זי איז נישט קיין אַ־אי־אַי, אבער אזעלכע מייד־לעך וואלגערען זיך נישט אין די גאסען. יאָ, ער דער־מאָנט זיך אויף איהר גוט. זי איז א ביסעל העכער פאר חאשקען, פולער, דאכט זיך, א ביסעל... א בלאָנדינקע... א לעבעדיג שטיק דארף זי, דאכט זיך, זיין... א פיינוכע, א ריהרעוודיגע בריאה...

פינף הונדערט רובעל! דאָס איז דאָך פאר איהם... שייכות צו זאָגען!... פינף הונדערט רובעל... ער וועט דאָך... הם...

ער געדיינקט נישט אקוראט, אָבער זי איז, דאכט זיך, א זעהר גוטע ארבייטערין. ווארט, ביי וועמען האָט ער מיט איהר גע־ארבייט?

ער האָט צוגעמאכט די אויגען און געוואָלט זיך דערמאָנען. ביי אברהם בער׳ן? ניין... ביי... ביי... צום שווארץ יאָהר, ביי וועמען האָט ער עם געארבייט מיט איהר! ניין, ער וועט זיך נישט דערמאָנען. אָבער דאָס געדיינקט ער אקוראט, אז זי איז א גוטע בייטעלנייהערין. און גלאט ביי איהם אין די הענד וועט זי שוין ווערען א גוטע ארבייטערין.

חאשקעס פיגור איז איהם אלץ געשטאנען פאר די אויגען, און איהם האָט זיך געדאכט, אז ער טראכט וועגען דער חיענקען און זעהט זי. — —

אז חאשקע איז געקומען, האָט ער איהר גלייך דערצעהלט דעם פּאָרשלאָג און געפרעגט ביי איהר איין עצה.

חאשקע איז בלייך און רויט געוואָרען.

„אָ, טוט מיר היינט וועה דער קאָפּ!" האָט זי געזאָגט און איהר קול האָט געציטערט.

דראבקין האָט געגלויבט איהר קאָפּוועהטאָג, די מוטער אויך.

„מסתמא פערטשאדיעט זיך," האָט די אַלטע געמורמעלט. „זיי האָבען דאָרטין אַלץ מורא דערפראָרען ווערען! א פּאהיבעל גאָר אויף זיי... איך וועל ארויסנעמען דאָס הייסע וואסער פון אויווען, וועסטו אויסוואשען דעם קאָפּ."

דאָס האָט זי אויסגעגאָסען איהר הארץ צו חאשקעס בעלי־בתים'ס קעפּ. און איהר הארץ איז יעצט געוועזען שטארק פער־ביטערט: זי האָט גערעכענט דראבקינען פאר חאשקעס חתן.

חאשקע האָט געשוויגען. דראבקין האָט אויף איהר געקוקט און געוואַרט אויף איין ענטפער.

„איהר קענט אפשר די חיענקען?" האָט ער ווייטער אָנגעהויבען. „זי דארף דאכט זיך זיין א וואויל מיידעל."

„וואָס קאָן איך וויסען? ווי עס ווייזט אויס, איז דאָס גאָר ניט קרום. פינף הונדערט רובעל און חיענקע, ווי איך קען זי, איז טאקי א וואוילע מיידעל. זאָל זיין מיט מזל!"

ביי די לעצטע ווערטער האָט איהר קול דאָך געציטערט.

די אַלטע האָט נישט געפונען קיין שלעכטע ווערטער אויף קאַליע צו מאכען דעם שדוך און איז שטארק ברוגז געוואָרען: אויף חיענקען מיט איהרע פינף הונדערט רובעל, אויף דראבקינען, אויף חאשקען, אויף זיך און אויף איהר גאנץ אָרם לעבען. זי האָט זיך איינגעהאַלטען פון טרערען און אָנגעגרייט בעזונדערע טענות פאר'ן רבונו של עולם.

און דראבקין האָט דערווייל אויסגעלעגט זיינע פּלענער. ער האָט גערעדט פרעהליך און נישט בעמערקט דעם ארומיגען שמערץ — — —

ער האָט עס בעמערקט אין א פּאָר טעג ארום, ווען ער איז גע־

קומען מיט אַ שמחה און געזאָגט, אַז מאָרגען איז ביי איהם תנאים. חאַשקע איז בלייך געוואָרען, געכאַפּט זיך פאַר די ברוסט און איז שיער נישט אומגעפאַלען. ער איז געבליעבען מיט אַ וואָרט אויף די ליפּען: ער האָט אַלץ פערשטאַנען.

„חאַשקע, וואָס איז מיט אייך?“ האָט ער פאַר שרעק אויסגע־שריען, כאָטש ער האָט געוואוסט, וואָס מיט איהר איז. ער האָט איהר דערלאַנגט אַ גלאָז וואַסער.

די אַלטע האָט אַרום איהר ארומגעטאַנצט און דראַבקין איז געשטאַנען, ווי אַ דערשלאָגענער. איהם האָבען זיך אויך טרערען אָנגעשטעלט. ער האָט ערשט בעגריפען, פאַר וואָס חאַשקע איז איהם געשטאַנען די לעצטע צייט פאַר די אויגען, ווען ער האָט גאָר גערעדט וועגען דער כלה. ער האָט זיך ערשט געכאַפּט, ווער עס פעהלט איהם.

און איהם האָט זיך פערוואָלט אַ וואָרף טון זיך צו חאַשקען, ארומנעמען זי, האַלזען זי, קוסען זי, שווערען איהר, אַז ער וועט נור מיט איהר חתונה האָבען...

ער איז ענטלאָפען צו זיך אין צימער גאַנץ פערלאָרען, בלייך, אויפגערעגט.

„וואָס איז ער משוגע געוואָרען?“ האָט די אַלטע בייז ארויס־גערעדט.

און חאַשקע האָט זיך נאָך ביטערער פערנאַנדערגעוויינט און שטאַרקער געדריקט זיך די ברוסט. —

.5

— — —

מען האָט אָבגעלעגט די חתונה אויף אַ האַלב יאָהר, נור דאָס נדן־געלד האָט מען איהם גלייך ארויסגעגעבען אויף די הענד, ער זאָל גלייך איינפיהרען אַ ווערקשטאַט. אַלע האָבען איהם גע־וואוסט פאַר איין אָרענטליכען מאַן.

ער האָט געקויפט אַ מאַשין, שערען, מעסערס; צוואַנגען היל־צערנע האָט ער אַליין געמאַכט און געזעצט זיך צו דער ארבייט צור־

זאמען מיט דער כלה. די ווערקשטאט איז געוועזן, נאטירליך, אויף איהר נאמען.

מען האט איהם פערשאטען מיט ארבייט.

אויף איהם האט זיך אנגעצויגען א נייע הויט. ער איז געוואָרען פרעהליכער, לעבעדיגער, פרישער. ער האט זיך גענומען צו דער ארבייט מיט היץ, ער האט זיך נישט געקאנט אנזעטיגען. עס האט זיך געדאכט, אז ער האט געוואלט אריינכאפען, וואס מעהרער און מעהרער.

ער האט געשפירט אזוינס, וואס ער האט נאך קיינמאל נישט געשפירט. ער האט געלד! ער האט געלד! ער איז אליין א בעל-הבית! אפט פלעגט איהם אנהעבען צו קיצלען און ער פלעגט גליקליך שמייכלען און פערנאנדערזיגגען זיך. ער האט זיך געפיהלט איבערגליקליך. ער האט געמאכט פלענער — דער נדן וועט זיך פערגרעסערען, ער וועט האבען א סך געלד, ער וועט וועלטען איבערקעהרען!...

„איך וועל זיי בעווייזען!“ פלעגט ער אויסשרייען מיט נצחון גלאט אין דער וועלט אריין, שטעפענדיג אויף דער מאשין, נייהענדיג אין דער צוואנג.

„ווענען?“ האט די כלה געפרעגט, אז ער האט עס שוין א מאל צעהן איבערגע׳חזר׳ט.

„אלעמען!“ האט ער געענטפערט. „זיי וועלען שוין ביי מיר זעהן!“

און ער האט זיך צורעדט, ווי ער וועט „זיי בעווייזען“. —

איין וואלקען נור איז געוועזן אויף זיין ליכטיגען הימעל: ער האט געביינקט נאך חאשקען. חאשקע האט איהם געפעהלט.

ער פלעגט פערבלינצען, פערשצורען די אויגען, אנפעבענדיג א פאדים, און קוקען אויף דער כלה, נור געטראכט האט ער בשעת מעשה וועגען חאשקען: ער האט זי פערגליכט מיט דער כלה.

„וואס קוקסטו אזוי אויף מיר?“ פרעגט איהם חיענקע מיט א שמייכעל.

נור ער ענטפערט נישט און פעכט.

„האָסט מיך נישט געזעהן ? ווילסט זעהן, צי האָסטו דיך נישט גענאַרט ?“ פרעגט זי איהם ווייטער. זי וואַרפט די אַרבייט און נעמט איהם אַרום האַלז.

נור ער שווייגט. ער שטעקט אַריין דעם אָנגעפּעכטען פּאָדים אין נאָדעל און העבט אָן נייהען. ער פיהלט, אַז ד י איז איהם פרעמד, ד י קען ער גאָר נישט.

„ביזט ברוגז ?“ פרעגט איהם ד י, לאָזט איהם אָב דעם קאָפּף און איז שוין אַליין גרייט ברוגז צו ווערען.

„גאָר ברוגז,“ ענטפערט ער, קוקענדיג אויף דעם בייטעל אין צוואַנג און שטעכענדיג. „איך האָב געקוקט, איך טאָר אויף דיר נישט קוקען ?“

— — —

ער פלעגט צו חאַשקען אָפט געהן, כאָטש אויף א ווײַלע. און אין דער ווײַלע האָבען זיי זיך אויך נישט גוט געפיהלט. ביי ביידען זיינען געשטאַנען טרערען אין די אויגען.

די אַלטינקע פלעגט זיך אַרויסמאַכען ביי זיין בעזוך אין קיך אַריין, בורטשענדיג און מיט איין אָנגעקנויטשטער שטערן. דאָר־טין פלעגט זי זיך אוועקזעצען איבער א זאָק ביי א פינסטערען לעמ־פּעל און קוקען פאַר זיך אין די האַלב־פינסטערנים אַריין און טראַכטען וועגען איהר נאַרישער און אונגליקליכער טאָכטער.

דראַבקין פלעגט זיך שטעלען אין פענסטער און שרייבען מיט'ן פינגער אויף דער שויב אָדער קוקען גלאַט אין דער וועלט אַריין אָהן קלאָרע געדאַנקען אין קאָפּף און וואַרטען, אַז חאַשקע זאָל עפּיס פרעגען.

און חאַשקע איז געזעסען איבערגעבויגען איבער איין אַרבייט און אין האַרץ האָט איהר גענאָגט און גענאָגט.

זי האָט געפיהרט מיט זיך א שטאַרקע מלחמה. זי האָט גע־וואָלט אַלץ פערגעסען. אויס, פערפאַלען, מסתמא איז נישט בעש־ערט ! און דאָך האָט זי נישט אָבגעלאָזען א שרעקליכע נאָגענדע בייגקענים. און אין דער שטילער נאַכט פלעגט זי נאָם מאַכען איהר קיסען מיט לאַנגזאַמע, וואַרמע טרערען. און אָפט פלעגט

זיך איהר דאַכטען, אז עס וועט זיין א טאָג, כאָטש ווער ווייס אין וויפיעל יאָהר אַרום, און ער וועט קומען צו איהר צו לויפען און...
אָך, ביז'ן סוף האָט זי קיינמאָל נישט דערטראַכט — — —

אָבער ער דאַרף דאָך נישט וויסען, וואָס אין איהר קומט פאָר!

און חאשקע מאכט זיך הארץ, אָטעמט פרייער אויף און העבט אָן די ערשטע צו רעדען.

„וואָס טוט זיך ביי אייך? פראַן אַרבייט?“

יא, וועגען דעם קאָן ער א סך רעדען און אָנדערצעהלען. עס איז איהם בלויז שווער אויפ'ן הארצען. ער זיפצט אָב און ענטפערט אונטער דער נאָז:

„עס אַרבייט זיך צו ביסלעך. אין אַרבייט וועט שוין ג ר אָ ד קיין מניעה ניט זיין.“

„אויף וועמען אַרבייט איהר יעצט?“ פרעגט זי ווייטער, אַרי־בערלאָזענדיג זיינע לעצטע ווערטער.

„אויף עטקינען,“ ענטפערט ער מיט א האַלבען מויל, ווי ברוגז, וואָס זי רעדט אַלץ וועגען אזעלכע זאַכען.

אָבער ניין, דאָס מוז ער איהר טאַקי דערצעהלען, ווי ער האָט אָבגענומען דעם קרעמער עטקין ביי זיין אַלטען בעל־הבית, ביי משה ברוך'ן. דאָס איז טאַקי העכסט אינטערעסאַנט. און ביסלעכ־ווייז צורעדט ער זיך און צוהיצט זיך, ווי ער האָט אַריינגעטראָגען צו עטקינען א שטיקעל אַרבייט און אַלע האָבען דאָרטין געלעקט די פינגער און גלייך האָט ער בעקומען א גאַנצע בעשטעלונג. און משה ברוך האָט איהם בעגעגענט און געשראָקען, אז ער וועט איהם צו־פּאַטשען די צורה. האַ־האַ־האַ, ער האָט טאַקי געפונען וועמען צו שרעקען! ניין, ער וועט נאָך איהם בעווייזען אזאַ קונץ, אז ער וועט נאָך אַריינגעהן צו בזשעשינסקען, אויף וועלכען משה ברוך אַרבייט, און זאָל ער איהם טאַקי וואָס טון! אָהאָ! ער קאָן איהם, דעם משה ברוך'ן, גאַנץ גיך מאַכען פאר אוים בעל־הבית... ער רעכענט נאָך אַריינגעהן צו אברהם־בער'ס קונדען. מיט אברהם בער'ן מוז ער זיך אויך אָבּרעכענען אויף דער וועלט. ער ווייס אַלע קונ־דען זיינע, אפילו די נישט־היגע, און ער וועט צו אַלעמען פּערנאַנ־

דערשיקען פּרייזקוראַנטען... ניין, ער וועט זיי שוין בעווייזען!... ער וועט שוין מיט זיי לערנען בלק!

און חאַשקע הערט און האָט הנאה. נור איין פראַגע דריקט זי, און זי מוז זי פרעגען. זי בויגט אַראָב דעם קאָפּ איבער דער אַר־בייט און מיט א פערשטיקטער שטימע פרעגט זי:

„וואָס מאַכט אייער חיענקע?"

ער רייסט איבער זיין ערצעהלען און ווערט ווייטער אומעטיג.

„וואָס זאָל זי מאַכען? אַרבייט."

און ווייטער קוקט ער אין פענסטער אַריין אָהן יעדען געדאַנק אין קאָפּ. און זי בלייבט זיצען איבערגעבויגען איבער איהר אַר־בייט און העבט די אויגען נישט אויף. און באַלד צושיידען זיי זיך מיט שטיינער אויפ'ן האַרצען. — — —

נור שפּעטער א ביסעל האָט איהם די ארבייט דעם קאָפּ פער־דרעהט, אז ער האָט דאָס האַרץ פערגעסען. ער האָט זיך צוגע־וואָהנט צו חיענקען און איז בערעדליכער געוואָרען. און איינמאָל האָט ער אָנגעהויבען צו דערצעהלען איהר, וואָס ער פלעגט צוטון מיט זיינע בעלי־בתים, ווי ער פלעגט זיך מיט זיי קריגען. זי האָט געלאַכט. יא, זי ווייס פון איהם און זיינע שטיק.

„איך האָב נאָך מיט קיינעם פון זיי קיין גוט וואָרט נישט גע־רעדט. אפילו מיט דעם בעסטען," דערצעהלט ער איהר. „איך האָב זיי שטענדיג בעוויזען מיינע נעגעל."

„איך וועל דיר זאָגען דעם אמת," האָט זי געזאָגט מיט איין ערנסטער מינע. „איך וואָלט דיך אויפ'ן שוועל נישט אַרויפגעלאָ־זען, ווען איך וואָלט געווען דיין בעל־הבית, איך זאָל אפילו וויסען, אז איך וועל פון דיר פערגולטען ווערען."

ער האָט גאָר נישט געענטפערט, שנעלער אָנגעהויבען צו שטע־פּען און געוואַרט, טאָמער וועט זי נאָך עפּיס זאָגען.

„ביי אונז וועט דאָס נישט זיין," האָט זי געזאָגט.

„א ודאי נישט," האָט ער אונטערגעכאַפּט. „מיר וועלען זיך אַנדערש בעגעהן מיט אַרבייטער."

„אַנדערש, צי נישט אַנדערש," האָט זי געענטפערט, „נור, אז

איינער וועט ביי אונז מאכען אזעלכע קונצען, איז גלייך פאר'ן קאָל־נער און פון די טרעפ!..."

„דאָס זאָגסט ד ו אזוי..."

זיין קול האָט געציטערט.

„און אזוי וועט עס טאקי זיין," האָט זי געענטפערט מיט דעם זעלבען ערנסט. „בין איך א בעל־הבית, דארף איך זיין א בעל־הבית. איך וויים, איך האָב אויך געארבייט ביי בעלי־בתים, איך האָב מיך אויך געקריגט מיט זיי, זיינען זיי מסתמא ווערט געווע־זען; אָבער גלאַט אזוי, אהולעם קריגען זיך! מעהר וועט „זיי" נישט פעהלען ביי מיר!"

„ביי אונז וועט עס נישט קאָנען פּאַרקומען," האָט ער געזאָגט. „איך וועל זיי אין אלץ נאָכגעבען."

„ווי הייסט אין אלץ נאָכגעבען?" — זי האָט דערהעכערט א ביסעל די שטימע — „פע, א האָר אויך נישט! פאר וואָס זאָל איך מיך בעסער בענעהן, ווי מען איז זיך מיט מיר בעגאַנגען?"

דראבקין איז בלייך געוואָרען; עס האָט איהם א ציטער געטאָן די האנד.

„דאָס וועלען מיר שוין זעהן," האָט ער שוואך ארויסגערעדט. ער האָט זיך איינגעהאלטען, נור דאָס בלוט האָט אין איהם געקאָכט.

„וואָס וועלען מיר זעהען, וואָס?" האָט חיענקע געזאָגט. „גע־ווים וועל איך מיך נישט בעסער בעגעהן, ווי מען איז זיך מיט מיר בעגאַנגען. פאר וואָס זאָל איך זיי נאָכגעבען? זיי זאָלען מיר קרי־כען אויפ'ן קאָפּ?!"

ער האָט גאָר נישט געענטפערט. ער איז שוין געוועזען שטארק אין כעס און האָט זיך איינגעהאלטען נישט צו רעדען. ער האָט זיך איינגעטיעפט אין דער ארבייט און מעהר א וואָרט נישט גערעדט, כאָטש חיענקע איז נישט גיך ענטשוויגען גע־וואָרען. — — —

ביי נאכט איז ער געלאָפען צו חאשקען. ער האָט איהר אי־בערגעגעבען דאָס געשפּרעך.

„איהר הערט עפּיס ווערטער?" האָט ער אויסגעשריען צו־לעצט.

„זי איז גערעכט, ווי דער טאָג," האָט זיך די אַלטע אריינ־געמישט.

„סאר א ווערטער, הא?" האָט ער איבערגע׳חזר׳ט און געקוקט חאשקען אין די אויגען.

„נו?" האָט יענע קאַלט ארויסגערעדט.

„ווי הייסט „נו", וואָס טייטש „נו"?" האָט ער אויסגעשריען.

„וואָס ווילט איהר, אז אלע זאָלען זיין מיט אייך אין איין מיינונג?"

„ווי הייסט „אין איין מיינונג"? וואָס טייטש „אין איין מיי־נונג"?" האָט ער זיך געוואָרפען. „דאָס איז דאָך מיין כלה!"

„איהר האָט דאָך אָבער בעזונדערע קעפּ, בעזונדערע הערצער," האָט חאשקע געענטפערט.

„ער וואָלט וועלען, אז זיין כלה זאָל זיין אזא פערד, ווי ער," האָט די אַלטע צוגעגעבען.

„ניין, אָט איהר? פאר וואָס איהר?" איז ער צוגעשטאנען צו חאשקען.

„זי איז א לאנגאָנעדיגער נאר," האָט די אַלטע געענטפערט; נור חאשקע האָט געשוויגען, רויט ווערענדיג.

„היינט פאר וואָס זי?" האָט ער גערעדט זיינס, מיינענדיג שוין די כלה.

„איז וואָס ווילט איהר?" האָט איהם חאשקע איבערגעריסען. ער האָט עפּיס נישט גלייך געפונען א תירוץ.

„נו, זאָגט, וואָס ווילט איהר?"

„וואָס זאָל איך וועלען? איך וויל גאָר נישט," האָט ער געענט־פערט ברוגז׳דיג.

ער איז אוועק מיט גאָר נישט און ברוגז. ער האָט געוואָלט, אז חאשקע זאָל איהם העלפען זיין אין כעס, ארויסגעהן פון זיך, ווי אלע מאָל. — — —

אויף מאָרגען האָט ער געפּרובט נאָך א מאָל דורכרעדען זיך

מיט חיענקען, נור ער האָט אויסגעהערט דאָסזעלבע, וואָס נעכטען.

„זאָג איך דיר,“ האָט ער שוין ארויסגערעדט שארף און פעסט, „אַז ביי אונז וועט מען זיך בעגעהן מיט די ארבייטער, ווי איך וויל!“

„זאָג איך דיר,“ האָט איהם חיענקע אָבגעשניטען, „אַז ערשטענס האָבען מיר נאָך נישט און מיר נעמען נאָך נישט קיין ארבייטער, און צווייטענס, וועל איך מיך מיט זיי בעגעהן, ווי א י ך וויל!“

„מיר וועלען זעהן!“

„וועלען מיר זעהן!“

ער איז ברוגז געוואָרען, זי איז ברוגז געוואָרען און האָבען שוין ניט גערעדט דעם גאַנצען טאָג.

„אַז ער איז אַזא מאַכער,“ האָט זי געטראַכט, „וועט ער שוין ביי מיר נישט זיין קיין פריץ איבער דאָס געלד.“

ער איז געזעסען, ווי אויף שפּילקעס. ער איז געוועזען שרעקליך אין כעס, דאָס בלוט האָט אין איהם געקאָכט. ער האָט געוואָלט אויפשפּרינגען, א שפּיי טון, א שטאַרקען שפּיי טון און צורייסען אויף אייביג מיט דער כלה. נור עפּיס האָט איהם אויפגעהאַלטען. דאָס „עפּיס“ האָט איהם ניט דערלאָזען טון, וואָס איהם האָט זיך אזוי געוואָלט. דאָס „עפּיס“ האָט איהם צוגעשמידט צום אָרט, איינגעהאַלטען זיין כעס. און דאָס „עפּיס“ איז איהם אַליין נישט זעהר דייטליך געוועזען. ער האָט עס נור שטאַרק געפיהלט, פון דעם „עפּיס“ איז איהם געגאַנגען א וואַרמקייט איבער'ן גאַנצען גוף — — — און דוקא פון דער בוזים־קעשענע...

„נו, נו, מיר וועלען זעהן!“ האָט ער געטראַכט, „נאָך דער חתונה וועלען מיר א סימן האָבען.“ — —

ביי'ם צושיידען זיך אין יענעם טאָג, האָט איהם חיענקע געזאָגט:

„נו, לויף אויף גיך צו דיין חאשקען און פער'מסר מיך.“

„אַז איך וועל צו איהר וועלען לויפען, וועל איך ביי דיר נישט פרעגען.“

חיענקע האָט געוועזען ביי זיך בעשלאָסען אויסצופיהרען, ער

זאָל אויפהערען צו געהן צו חאַשקען: געפעלט איהם חאַשקע בעסער, טאָ זאָל ער זי נעמען. זי קאָן בעשטעהן האָבען א חתן פאר זיך אליין.

נור ביי איהר איז געבליעבען, ביז דער חתונה נישט פערפיהרען מיט איהם קיין סקאַנדאַלען. נאָך דער חתונה וועט זי שוין וויסען, ווי צו מאכען, ער זאָל צו חאַשקען אויפהערען צו געהן און זי זאָל ביי זיי אויפ'ן שוועל נישט ארויף. —

אָבער ער האָט גאָר נישט געוואָלט געהן צו חאַשקען — נישט היינט און נישט מאָרגען און איבערהויפט... וואָצו? ער איז געוועזען אויף איהר ברוגז. — — —

.6

פרעהליך זיינען געוועזען צו דער חתונה חיענקע מיט איהרע עלטערן: פון די פינף הונדערט רובעל נדן איז אונטער דער צייט געוואָרען זיעבענהונדערט; חיענקע האָט זיך געפיהלט פאר א גבירה, און איהרע עלטערן פאר א גבירה'ס א טאַטע־מאַמע.

דראַבקין איז אָבער געוועזען נישט אין גוטען הומאָר. ער האָט עפּיס מורא געהאַט. נאָך דער חתונה וועט זיך אָנהעבען א מלחמה. —

די מלחמה האָט זיך טאַקי אָנגעהויבען אין פינף חדשים ארום נאָך דער חתונה. זיי האָבען בעשלאָסען אָנהעבען אויסצואַרבייטען אייגענע סחורה און נישט וואַרטען, ביז מען וועט זיי ברייננגען ארבייט פון די קראָמען. מען האָט געדאַרפט פערפיהרען שוין א גאַנצע ווערקשטאַט מיט ארבייטער.

ער האָט זיך געזעהן מיט עטליכע ארבייטער, אַלטע חברים, מיט וועלכע ער האָט צוזאַמען געאַרבייט.

„וואָס, חברה, איהר וועט געהן צו מיר ארבייטען?“

„אישש, דראַבקינ'דעל! דו ווערסט טאַקי א גאַנצער בעל־הבית?“

„הערסט, ער איז דאָך גאָר קיין יאָלד נישט!“

„נו, וועט איהר געהן ארבייטען?“

„פאַר וואָס נישט ? ווערסט דאָך מסתמא צאָלען אין צווייען.“ די אַרבייטער האָבען געלאַכט.

„מיט מיר האָט איהר דאָך נישט וואָס צו רעדען וועגען אזעל־כע זאכען,“ האָט ער זיי געזאָגט און געטראַכט בשעת מעשה וועגען דעם ווייב.

„ווערסטו טאַקי צאָלען אין צווייען ?“

„איהר האָט ניט וואָס צו רעדען, פערד ! איהר נעמט ביי מיר מעהר, ווי ביי אַלעמען און איהר וועט א סך וועניגער אַרבייטען.“

זיי זיינען זיך אַלע צוגאַנגען צופריעדען. איהם האָט זיך גע־דאַכט, אז ער האָט זיינס פאָרט אויסגעפיהרט. —

„מאָרגען וועלען קומען פיער אַרבייטער,“ האָט ער געזאָגט היענקען, קומענדיג אַהיים. ער האָט אָנגעהויבען אויסצורעכענען: „אברהמעל, וואָס האָט געאַרבייט ביי אברהם בער'ן ; לייבקע, וואָס“...

„וואָס ווערסטו זיי צאָלען ?“ האָט זי איהם איבערגעריסען און געקוקט אויף איהם פון אונטער דער אָנגעקנויטשטער שטערן.

ער האָט געשוויגען. ער האָט געטראַכט, וויפיעל צו זאָגען איהר.

„וואָס שווייגסטו ?“ האָט זי שוין שטרענגער געפרעגט און שאַרפער איינגעקוקט זיך אין איהם.

ער איז געוואָרען מיט א מאָל דרייסט ביי זיך, שטאַרק אין דער דעה. וואָס האָט ער מורא צו האָבען פאַר איהר ? ער וועט איהר זאָגען ! זי וועט ניט וועלען, איז ווי זי וויל זיך ! ער האָט איהר אויסגעלעגט מיט א פרעהליכען שמייכעל אַלע בעדינגונגען מיט די אַרבייטער.

„אַלע בייזע חלומות צו מיינע שונאים'ס קעפּ !“ האָט זי אויסגעשריען, א פּאַטש טוענדיג מיט די הענד. „וואָס ביזטו, שיכור צי משוגע ? ? ! סאַר א ברייטער פּריץ ! וואָס דאַרפסטו א סך — נעם מיין נדן און צושיינק !...“

„דו ווילסט נישט, איז ווי דו ווילסט זיך !“ האָט ער בייז

ארויסגערעדט. „איך וועל נישט זיין אזוי ווי אלע. איך וויל נישט זיין קיין בייטעלשניידער!“

„זעה אקארסט — א בייטעלשניידער!“ האט זי גיפטיג גע־ענטפערט. „דיינע פרנסות! איך, א מעוברתע, וועל ארבייטען פיערצעהן און פונפצעהן שעה און זיי וועלען ביי מיר ארומגעהן, ווי די פריצים! נישט דערלעבען וועלען מיינע שונאים! אזוי לאנג קריינקען זיי, ווי לאנג דאס איז נאך נישט געוועזען און וועט נים זיין!...“

„איך האב דאך דיר געזאגט,“ האט ער שארף אבגעשניטען, „דו ווילסט נישט, איז ווי דו ווילסט זיך!“

„וואס איז דאס פאר א ווערטער!“ האט זי אויסגעשריען. „די בעל־הבית'טע לעת־עתה בין איך, דאס געלד איז נאך לעת־עתה מיינס!... דו האסט עפים א סך געבראכט? וועט מסתמא זיין ווי איך וויל. וועסטו זעהן, צי זיי וועלען ביי מיר ארבייטען, צי נישט. גאר נישט — א בעל־טובה, ען!“

„הער, חיענקע, מאך קיין קונצען נישט!“

„מאך דו קיין קונצען נישט! וואס וועסטו טון? וועסט מיך שלאגען? פאר אזעלכע זאכען האב איך גאר קיין מורא נישט!...“ זי האט שוין געקוויטשעט.

ער האט אויף איהר בייז געקוקט און געסקריעט מיט די ציין.

פלוצלינג האט זי זיך אנגעטאן און איז ענטלאפען צו איהרע עלטערן.—

אין א שעה ארום איז געקומען דער טאטע, די מאמע, דעם טאטענס ברודער יונה דער שניידער און דער מאמעס ברודער יחיאל דער שוסטער; חיענקע, טריאומפירענד, מיט נצחון, פאראויס. דראבקין האט זיי בעגעגענט נישט מיט א פרעהליכען געזיכט און געטאן זיך זיין ארבייט אויף דער מאשין.

„וואס טוט זיך דא ביי אייך?“ האט אנגעהויבען גרונם דער גלעזער.

„וואס ביזטו אזוי אנגערוקט?“ האט די שוויגער גיפטיג גע־פרעגט. „דו ביזט נאך אפשר געראכט?“

„איך פרעג ביי קיינעם נישט, צי בין איך גערעכט צי נישט,“ האָט ער נאָך גיפטיגער געענטפערט.

„אַ פיינער תירוץ,“ האָט די שוויגער ארויסגערעדט בעלײדיגט.

„מיר געפעהלט ער,“ האָט דראבקין געענטפערט און געשטעפט.

„הער, קיין עזות־פּנים דאַרף מען פון דעסטוועגען נישט זיין,“ האָט גרונם שוין ברוגז׳דיג געזאָגט.

נור חיענקע מישט זיך אריין און דערלאָזט נישט צו אַ קריעג.

„מאַכט איהם, מאַכט איהם דעם חשבון,“ האָט זי זיך געווענדעט צום פעטער יונה, „זאָל ער הערען.“

„לעג אוועק יעצט די ארבייט,“ האָט געזאָגט דער פעטער יחיאל, „און לאָז דיך רעדען.“

„איך האָב נישט וואָס צו רעדען.“

„זיי דאָך קיין קינד נישט!“

„וואָס האָב איך וואָס צו רעדען, וואָס?“ — ער האָט זיך אויפגעהויבען פון אָרט — „איך האָב געזאָגט איין מאָל פאר אלע מאָל, איך וועל נישט זיין קיין בייטעלשניידער.“

„דו רעדסט דאָך, ווי אַ קינד,“ האָט אָנגעהויבען דער פעטער יונה. „איך בין אויך קיין בייטעלשניידער נישט און ווי איך בעגעה זיך מיט מיינע ארבייטער איז אויף מיר אזא יאָהר! נור אַלץ דאַרף דאָך זיין מיט אַ חשבון! דו, אינגעל, דו,“ האָט ער אָנגעהויבען מיט דעם ניגון פון גמרא, „דו ווערסט אַ נייער פאבריקאַנט, אַ נייער קאָנקורענט אויפ׳ן פּלאַץ, דארפסטו זעהן פערקויפען וואָס וועלוועלער דיין סחורה, הייגט אז זי וועט דיר קאָסטען טייערער ווי אַלעמען?“ האָט ער געענדיגט איראָניש, אוועקשטעלענדיג זיך אין די באָקעס, מיט די הענד אין די זייטען, בעקוקענדיג אלעמען מיט נצחון.

„איך ווייס די חשבונות!“ האָט דראבקין גע׳עקשנ׳ט זיך.

„ניין, דו ווייסט נישט!“ האָט דער שניידער אויסגעשריען, אַ מאַך געטאָן מיט דער רעכטער האַנד און צוריק אוועקגעשטעלט זי אין דער זייט. „דו ווייסט נישט! אז דו וואָלסט געוואוסט,

וואָלסטו דאָס ניט וועלען טון!.. נאָך אַ מאָל, דו, אינגעל, דו" — ער האָט ווידער אָנגעהויבען מיט דעם גמרא־ניגון — „ארבייט־געלד וועט דיר קאָסטען כמעט אין צווייען טייערער, ווי איין אנ־דערען, אויסאַרבייטען אין טאָג וועלען זיי אין צווייען וועניגער ווי ביי איין אַנדערען, נו, קאָפּ, גיב שכל! וועט דאָך דיין סחורה זיין אין פיערען טייערער!... ווער וועט זי ביי דיר קויפען? זי וועט דען זיין מיט פליטערלעך?"

„אַז איך וויל נישט וויסען פון חשבונות!" האָט דראַבקין אויסגעשריען.

„ביזטו דאָך אַ נאַר, אַ חמור, אַ פערשטאָפּטער קאָפּ!" האָט זיך יונה צוהיצט.

„דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבען זעה איך גאָר אַזאַ מענ־שען!" האָט געזאָגט יחיאל און געדריקט מיט די אַקסלען.

„שאַ, וואָס איז דאָס אייער דאגה," האָט זיך דראַבקין געביי־זערט, „וואָס איך וועל וועלען, דאָס וועל איך טון!"

„ווי הייסט, וואָס דו וועסט וועלען?!" האָט גרונם געשריען, „דו ביזט נאָך נישט קיין בעל־הבית, לעת־עתה איז נאָך חיענקע די בעל־הבית'טע!"

„אַ ודאי!" האָט אונטערגעכאַפּט די שוויגער.

„אַ ודאי!" האָט אונטערגעכאַפּט חיענקע.

„דו ביזט נאָך דערצו אַ גרויסער עזות־פּנים, אַ שייגאַץ!" האָט זיך גרונם געזידעלט.

„אַ באַלוואַן, אַ פערד, פערשטעהט ניט פון דאַנען אַהער," האָט זיך יונה געהיצט. „איהם וועט קאָסטען די סחורה..."

„מען דאַרף איהם פערזעצען מיט אַלע משוגעים!" איז יחיאל אריינגעפאַלען אין יונה'ס גמרא־ניגון.

„דערלעבט זיך נחת!" האָט די שוויגער פאַר זיך געברומט.

„גאָר נישט, אַ ברייטער פּאַן!" האָט חיענקע געוואָרפען צו איהם גיפטיגע בליקען.

דראַבקין האָט געכאַפּט דעם מאַנטעל און איז ענטלאָפען פון שטוב. —

.7

ער איז ענטלאָפען צו חאַשקען.

ער איז געוועזען שרעקליך בלייך, אז חאַשקע און די אַלטע האָבען זיך דערשראָקען.

„וואָס איז מיט אייך?“ האָט חאַשקע אויסגעשריען.

ער האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אויף דאָס הילצערנע זיץ־בעטעל, אראָבגעלאָזען דעם קאָפּ און געשוויגען.ביידע פרויען האָבען אויף איהם געקוקט.

„וואָס האָט ביי אייך די צונג אָבגענומען?“ האָט ענדליך די אַלטע איבערגעריסען דאָס שווייגען.

„וואָס איז ביי אייך געשעהן? רעדט דאָך,“ האָט חאַשקע געזאָגט.

„וואָס זאָל געשעהן?“ האָט ער בייז ארויסגערעדט, „עס איז געשעהן! מיין ווייב איז נישט בעסער פאַר אַלעמען! זי וואָלט וועלען זיך אין גאַנצען און גאָר!“

ער האָט גענומען אויסלעגען אַלץ, וואָס עס איז פאָרגעקומען אין דער היים.

„אַ חכמה זיין ווייב, אויף מיר אזא יאָהר,“ האָט די אַלטע געזאָגט, אויסהערענדיג.

נור ער וויל וויסען, וואָס חאַשקע וועט זאָגען.

„נו, ווי געפעלען אייך די חשבונות?“ האָט ער זי געפרעגט און איינגעקוקט זיך איהר אין די אויגען.

„איך האָב קיין חשבון נישט געלערנט...“

ער האָט געמאַכט איין אונגעדולדיגע בעוועגונג און זי האָט צוגעלעגט:

„נור מיר דאַכט, אז די חשבונות זיינען ריכטיג.“

„און אַז זיי זיינען ריכטיג, איז וואָס?“

ער האָט אָנגעהויבען ווערען בייז.

„ווייס איך וואָס?“ האָט חאַשקע קאַלט געענטפערט, „אַז זיי זיינען ריכטיג, קאָן אַ פּנים אנדערש נישט זיין.“

„ווי הייסט נישט זיין אַנדערש? זאָל איך אויך טון, ווי אַלע אַנדערע בעלי־בתּים?“

„ווער הייסט אייך ווערען אַ בעל־הבית?“

ער האָט זי נשתּומם'דיג אָנגעקוקט.

„וואָס קוקט איהר, וואָס? אַרבייט, ווי איהר האָט געאַרבייט, ווילט נישט פערפיהרען קיין פאַבריק...“

„אָט איז דיר גאָר!“

„אַ ודאי אַזוי!“

ער איז אַוועק פון חאַשקען מיט רציחה.

„וואָס איהר קאָן איינפאַלען!“

8.

חיענקע האָט געוואוסט, אַז ער איז ענטלאָפען צו חאַשקען און, אַז ער איז געקומען אַ היים, האָט זי איהם בעגעגענט מיט די ווערטער:

„נו, וואָס? געוועזען שוין ביי דיין „פּאָליובוויניצע“, געוועזען?“

נור זיין געזיכט איז געוועזען אַזוי אָנגערוקט און פינסטער, אַז ביי איהר איז געוואָרען אַ ספק, צו איז ער גאָר געוועזען ביי חאַשקען, און אויב ער איז יאָ געוועזען, האָט ער דאָרטען מסתמא שלעכט אָבגעשניטען. און אויב אַזוי, האָט זי פון זיינעטוועגען גאָר אַנדערע דיבורים.

זי האָט איהם שאַרף אָנגעזאָגט, ער זאָל קיין סקאַנדאַלען נישט פערפיהרען און קיין לייטיש געלעכטער נישט מאַכען.

„אַ מענשען זאָל גאָר איינפאַלען אַזאַ משוגעת!“ מען וואָלט דאָך נאָך אונז נאָכגעלאָפען אין די גאַסען. גלאַט, ווער? וואָס? ווען? ווערען פריש און פרעהליך און משוגע און האָרעווען אויף די אַרבייטער. וואָס דאַרף איך יעמאָלט דעם גאַנצען עסק? דאַרף איך דאָך קיין פאַבריק נים פערפיהרען.“

די לעצטע ווערטער דערמאָנען איהם חאַשקעס עצה. נור — — דאָס איז דאָך אַ נאַרישקייט... זיי ווייסען ביידע נישט, וואָס זיי

רעדען. ער וועט טון, וואָס ער וויל. ער פרעגט ביי קיינעם קיין עצה נישט.

און חיענקע האָט ווייטער גערעדט:

„זאָלסטו מאָרגען זאָגען דיינע ארבייטער, אז ווילען זיי ארבייטען, ווי זיי האָבען געאַרבייט, טאָ זאָלען זיי זיך שטעלען אר־בייטען, אז נישט, טאָ זאָלען זיי געהן געזונדערהייט. דאַרף מען זיי נישט, מען וועט געפינען די מציאות!"

„איך פרעג ביי דיר נישט, וואָס צו זאָגען זיי," האָט ער קאַלט געענטפערט און אויסגעצויגען זיך אויף דער קאַנאַפּע.

חיענקע האָט אויף איהם בייז א קוק געטאָן. עס האָט איהר אָטעם פערפעהלט. וואָס זאָל זי יעצט טון? שרייען, וויינען, אָדער געבען איהם אָדער זיך אין קאָפּ מיט דער שעער, וועלכע זי האַלט אין האַנד? זי האָט א שליידער געטאָן די שעער אויף דער ערד, איז אויפגעשפּרונגען פון שטול און אָנגעהויבען אומצוגעהן איבער'ן שטוב. זי האָט זיך איינגעהאַלטען פון שרייען. זי האָט געוואוסט, אז זי וועט אויספיהרען איהר'ס. דאָך ווילט זיך איהר נוקם זיין זיך מיט עפּיס אין איהם. זי וואָלט מיט פערגניגען — געשטאָכען איהם מיט נאָדלען...

זי האָט זיך אַריינגעלעגט אין בעט. אין קאָפּ האָבען זיך איהר ארומגעדרעהט אלערליי געדאַנקען, ווי בעסער נוקם זיין זיך אין דעם מאַן. די ערשטע זאַך איז שוין ביי איהר געבליעבען, אָב־צוליעגען אזוי די גאַנצע נאַכט נישט איין אויסגעטאָנענע אין נישט איין אויסגעבעטענעם בעט.

און ער איז געלעגען און גע'חלום'ט. ער האָט גאָר נישט גע־קאָנט בעטראַכטען. ער האָט אין זיין פאַנטאַזיע גערעדט און גע־זידעלט זיך מיט דער גאַנצער וועלט. עס זיינען איהם ארויפגעקו־מען אויפ'ן זין אַלטע בילדער פון זיין לעבען, סצענען אין די ווערק־שטאַטען, אין וועלכע ער האָט געאַרבייט, חאַשקע... „ניין, אָבער וואָס איהר קאָן איינפאַלען!" עס שטעלט זיך איהם פאָר א גרויסע, גרויסע ווערקשטאַט מיט א סך ארבייטער און ער איז דער בעל־

הבית — און דאָס הארץ העבט איהם אָן שטארקער צו קלאַ־
פּען. — —

חיענקע האָט שוין לאַנג וועגען גאָר נישט געטראַכט, עס האָט איהר נור נאָך א ביסעל געדריקט דאָס הארץ די נישט איינגעלאָשע־נע נקמה. זי איז אראָב פון בעט, אויסגעבעט עס, האָט זיך אויס־געטאָן און צוריק אריינגעלעגט. זיין בעט האָט זי געלאָזען נישט אויסגעבעט. אָבער עס האָט איהר אָנגעהויבען צו פערדריסען, וואָס ער ליעגט אזוי און געהט נישט שלאָפען.

„וואָס ברענט די לאָמפּ? נאַפט קאָסט ביליג?“ האָט זי נישט פריינדליך געזאָגט.

ער איז געבליעבען אונבעוועגט.

דאָס האָט זי שרעקליך גערייצט. דאָס הארץ פּלאַצט איהר שיער, עס ווילט זיך איהר וויעדער עפּיס טון איהם, נור זי געפינט נישט וואָס. זי דרעהט איבער דעם קאָפּ צו דער וואַנד, ליעגט מיט אָפענע אויגען און טראַכט, אז זי וועט איהם טון „כל הרשעות שבעולם“, וואָס ער וועט וועלען, וועט זי שטענדיג טון פערקערט.

און אין א ווײַלע אַרום שפּרינגט זי אויף פון בעט מיט האַסט, לויפט צו צום טיש און פערלעשט די לאָמפּ.

„ליעג אין חשך!“ האָט זי בייז און שאַרף געשיפּעט, אריינ־קריכענדיג צוריק אין בעט.

ער איז געבליעבען אונבעוועגט.

„וואָס ארט מיך, אז ער ליעגט אזוי,“ האָט זי געטראַכט, „זאָל ער כאָטש אייביג נישט אויפשטעהן!“

נור עס פערדריסט איהר ביז צום טויט.

זי שפּרינגט אויף און אין דער פינסטער העבט זי אָן אויס־בעטען זיין בעט. זי טוט עס מיט כעס, שליידערט דאָס לײַלעך, ווארפט די קיסען, רייסט די דעקע.

ער איז געבליעבען אויף דער קאַנאַפּע, אין דער זעלבער פּאָזע, אונבעוועגט. — —

— — —

ער איז געלעגען און געטראַכט און נקמה גענומען. אהא, ער

געהט נישט שלאָפען! ער ווייס, ווי זי „פוילט“ יעצט, ווי זי איז יעצט אין כעס. זאָל זי וויסען!

ער וועט ארבייטען, ווי א פערד און וועט נאָך קיין דעה נישט האָבען און וועט נאָך נישט קאָנען טון, וואָס ער וויל?!... ער איז יעצט דער בעל־הבית און זיי מאָגען אלע כאָטש אויפגעלאָפען ווערען...

נור ער ווייס, אז חיענקע וועט זיך נישט אָבשטעלען פאר די גרעסטע סקאנדאלען און ער פיהלט, אז ער וועט גאָר נישט קאָנען אויספיהרען. וועט ער יענסמאָל גאָר צורייסען מיט חיענקען, גט'ן זיך מיט איהר — עס האָט איהם אָנגעהויבען שטארק אין די שליי־פען צו זעצען און אין הארץ צו קלאַפען — זאָל זי זיך שלאָגען קאָפּ אָן וואנד מיט איהר געלד, מיט איהר ווערקשטאט, מיט האק און פאַק! ער וועט חתונה האָבען מיט חאשקען און לעבען, ווי ער פער־שטעהט: א שטיל, רוהיג און עהרליך לעבען, זיי האָבען זיך דאָך אזוי ליעב! ווי אזוי איז ער דאָס אריבערגעפאלען מיט זיין חתונה? א מאָדנע נארישקייט!...

אָבער עס ווערט איהם אומעטיג, שווער אויפ'ן הארצען. אָרמ־קייט. צוויי מתים געהען טאנצען. ווייטער ווערען א פועל און האָבען צו טון מיט די בעלי־בתים. וויפיעל פערדיענט חאשקע? א קליינינגקייט, און די אלטע א צוגאָב... אפילו א גוטע אלטינקע. זי האָט איהם אזוי ליעב. אבער דאָך... ער זיפצט אָב.

ער האָט דאָך שוין א היבש קאפּיטאל. באלד א קייל־עבדיגע טויזענד.

ער פיהלט א מאָדנע ווארמקייט אין גאנצען קערפּער.

און ארבייט האָט ער זעהר א סך. ער קאָן טאַקי אין דער אמת'ן איינפיהרען א גרויסע פאבריק און מיט דער צייט — — —

עס פערכאַפּט איהם אזש דער אָטעם. ער קאָן טאַקי זעהר ווייט אוועק, ער קאָן טאַקי אין דער אמת'ן וועלטען איבערקעהרען. ער — מיט אזא קאפּיטאל און מיט אזא נאָמען, וועלכען ער האָט געקראָגען, און מיט חיענקען. זי איז א גרויסע בריה א בריה נפלאה. זי ארבייט, ווי דער שטארקסטער מאנסביל.

און זי איז טאַקי א שיין ווייבעל. טאַקי גאָר א שיינס, שענער אַלס מיידעלוויים. א סך שענער פאַר חאַשקען. עס דאַכט זיך איהם, אז ער האָט בעליידיגט חאַשקען און פערשעמט זיך, נור דער מידער מאָרך טראַכט ווייטער.

חיענקע האָט איהם אויך זעהר ליעב, אָבער שטאַרק ליעב. זי האָט איהם דאָך פאָרט אויסגעבעט דאָס בעט, האַהאַהאַ! — — —

און אין דער אמת'ן זיינען זיי דאָך אַלע גערעכט. „דו, אינגעל, דו, אַרבייט געלד וועט דיר קאָסטען כמעט אין צווייען ווי איין אַנדערען, אויסאַרבייטען אין טאָג וועלען זיי אין צווייען וועניגער, ווי ביי איין אנדערן! נו, קאָפּ!... וועט דאָך דיין סחורה קאָסטען אין פיערען טייערער“... האָבען איהם געקלונגען אין קאָפּף דעם פעטער יונה'ס ווערטער מיט דעם ניגון פון דער גמרא. נור ער בעגרייפט עפּיס נישט דעם חשבון. פאַר וואָס וועט זיין סחורה זיין טייערער אין פיערען, נישט אין צווייען?

„נור מיר דוכט, אז די חשבונות זיינען ריכטיג,“ קלינגען איהם אין קאָפּ חאַשקעס ווערטער.

ער וועט פרובען אַליין איבעררעכענען. ער שטרענגט אָן דעם מח. שכירות וועלען זיי בעקומען... נו, נישט אין צווייען. אזאַ נאַר איז ער נישט, כאָטש ער האָט קיין חשבון נישט געלערנט. ער גיט זיי נור מיט עפּיס טייערער. נו, און אויסאַרבייטען וועלען זיי — פאַר וואָס עפּיס אין צווייען וועניגער? וואו אין צווייען וועניגער!... וועניגער נאַטירליך, אָבער נישט אין צווייען — „נו, קאָפּ, וועט דאָך דיין סחורה“... הערט ער ווידער דעם פעטער יונה'ס ווערטער. איז אין וויפיעל טייערער וועט איהם קאָסטען זיין סחורה? ער וויל עס וויסען און קנויטשט אָן די שטערן. „כבקרת רועה עדרו... כבקרת רועה עדרו“... דערמאָנט זיך איהם א שטיקעל חזנות. נור ער טרייבט עס אוועק און טראַכט ווייטער דעם חשבון. אָבער זיין שלעפריגער קאָפּף איז שוין צוגעשטאַנען — ער קאָן נישט אויסרעכענען.

„...אז די חשבונות זיינען ריכטיג“... פליהט איהם דורך אין קאָפּף א שטיקעל פון חאַשקעס ענטפער.

ער העבט שוין אָן איינשלאָפען. דאָך טרייבט ער פון זיך דעם שלאָף, ווייל ער וויל בעקלערען.

איז וואָס זאָל ער מאַכען? די חשבונות זיינען ריכטיג. „ווער הייסט אייך ווערען א בעל הבית?"... ע! זי איז א גרויסער נאַר, די חאשקע... א מאָל זאָגט זי א גרויסע נאַרישקייט, פערבעסערט ער זיך. ער האָט זיך גלאַט אביסעל צוגעאיילט מיט די ארבייטער, ער האָט א פריער געדארפט איבעררעכענען. קיין קאָנטראַקט האָט ער דאָך מיט זיי נישט געמאַכט — האָט ער אַ טעות געהאַט, נור דערפאר וועט זיי זיין ביי איהם גוט! ער וועט זיי קיינמאָל קיין קרום וואָרט נישט זאָגען!...

נו, יעצט וועט ער שלאָפען. דאָס איבעריגע וועט ער מאָרגען דערקלערען. ער וועט זיך אויסטון און געהן אין בעט. און פאַר־בייגעהענדיג זאָל ער שוין טאַקי שלום מאַכען מיט חיענקען? ער וואָלט שוין צו איהר צוגעהן, ארומנעמען זי און א קוש טון. זעהר א שיין ווייבעל. און א גרויסע בריה. א פייערדיגע אשת־חיל. עס ציהט איהם עפּיס שטאַרק צו איהר. נור ער שטאַרקט זיך, ער וויים נאָך נישט, וואָס ער וועט מאָרגען טון. און גלאַט פיהלט ער, אז ער דאַרף זיך נאָך נישט אונטערגעבען...

נור עס ווערט איהם שטאַרק אומעטיג. ער בענקט נאָך חיענ־קען. ער וויל זי רופען ביי'ם נאָמען, ער וויל געהן צו איהר — און ווערט איינגעשלאָפען אויפ'ן קאַנאַפּע מיט'ן געדאנק, אז די ארביי־טער וועט ביי איהם זיין זעהר גוט. — — —

.9

„אָ, ער האָט מיר אָבגעטאָן! ער איז אָבגעלעגען די נאַכט אויף דער קאַנאַפּע!... מאָגסט פון מיינעטוועגען אייביג ליעגען!..."

דאָס זיינען געוועזען די ערשטע ווערטער חיענקעס, ווען זי האָט אין דער פריה אויפגעעפענט די אויגען און דערזעהען דעם מאַן אויף דער קאַנאַפּע.

דראַבקין האָט געוואָלט ענטפערען מיט ליעבליכע ווערטער. עס האָט זיך איהם געוואָלט א שפּיעל טון מיט איהר. עס האָט

איהם אלץ אזוי געצויגען צו חיענקען. נור ער האָט נאָך געוואָלט ברוגז זיין. ער האָט זיך דאָך נאָך נישט געקאָנט אָבזאָגען פון דעם געדאנק, אז ביי איהם וועלען גאָר זיין אנדערע פונקטען מיט די אַרבייטער. ער האָט אויף חיענקעס ווערטער גאָר נישט געענטפערט און אָנגעבלאָזען זיך.

ער פיהלט, אז ער וועט נישט קאָנען משנה זיין מיט די אר־בייטער, וואָס וועלען קומען. עס בלייבט ביי איהם אוועקצוגעהן פון שטוב — ער זאָל נישט זיין, ווען זיי וועלען קומען. זאָל חיענקע טון וואָס זי וויל. ער וועט זיין ריין. עס ווערט איהם אזוי אונאנגע־נעם פון דעם, וואָס עס וועט נישט זיין, ווי ער וויל. עס בעווייזט זיך ערגעץ אין קאָפּ דער געדאנק, אז ער דאַרף וואַרפען „הכל באשר לכל". נור דער געדאנק האָט קיין ממשות נישט. דראבקין מאַכט זיך, ווי ער בעמערקט גאָר נישט דעם געדאנק. ער האַלט עס פאַר קלינער נישט זיין אין דער היים. ער האָט זיך אויף גיך אָנגעטאָן און איז אוועק.

„וואוהין געהסטו?"

„וואוהין איך דאַרף!"

נור חיענקע האָט זיך נישט בעליידיגט. זי האָט פערשטאַנען זיין המצאה און געפרייט זיך.

„אהא, מיניסטער מיינער!" האָט זי אויסגערעדט מיט נצחון און געמאַכט נאָך איהם מיט'ן קאָפּ, ווען ער האָט צוגעמאַכט די טיר הינטער זיך.

אין גיכען זיינען געקומען די ארבייטער איינער נאָך דעם אנ־דערען. חיענקע האָט זיי בעגעגענט אַ ביסעל „האלבזייטיג", נישט געקוקט אויף זיי, געמאַכט זיך זוכענדיג עפּיס.

„וואו איז דראבקין?"

„אוועקגעגאנגען!" האָט זי געענטפערט אונטער דער נאָז.

„וואָס איז?"

„מיר זיינען געקומען ארבייטען. ער האָט אונז בעשטעלט. ער האָט אייך דען גאָר נישט דערצעהלט?"

„ארבייטען זייט איהר געקומען?" האָט זי אַ ביסעל דער־

העכערט דעם קול מיט גיפט און מיט א מאָל אויסגעשאָסען איהר גאַנצען כעס. „שיינע מענשען זייט איהר, נישטאָ וואָס צו רעדען! האָבען געפונען א נאַר און... און גאָר נישט. א נאַר האָבען זיי געפונען. איהר האָט זיך דאָך גאָר אליין געדאַרפט שעמען אויסרע־דען זיך אזעלכע פונקטען. דאָס איז דאָך א „גזל'אָוואַיע"! וואָס, מיר זיינען עפּיס די גרויסע גבירים? עס שיטען זיך ביי אונז די רובעלס? פון וואַנען זאָלען מיר נעמען צולעגען צו אייך?" — זי האָט שוין כמעט ווי געשריען — „געפונען א נאַר און פערדרעהט איהם א קאָפּ! ביי איהם איז דאָך אלץ רעכט, מען זאָגט איהם אזוי — זאָל זיין אזוי. אז עס וואָלט געקומען נאָך איינער און זאָגען איהם, ער זאָל אלץ אוועקשיינקען, וואָלט ער אלץ אוועק־שיינקען. ער קוקט עפּיס? איהם אַרט עפּיס? א נאַרישקייט, וואָס איהר האָט נישט געבעטען כפל כפלים פאר דאָס, וואָס איהר ווערט זיטצען און קוקען אויף איהם!... פע, אויף מיין וואָרט!..."

„וואָס האָט איהר זיך דאָ אַזוי צושריען?" האָט איין אַרביי־טער געזאָגט מיט איין איראָנישען שמייכעל. „איהר ווילט נישט, דאַרף מען נישט! מען זיינען אָהן ארבייט נישט ארומגעגאַנגען און וועלען נישט ארומגעהן. מיר האָבען זיך איהם נישט אָנגעשלאָגען אויף. ער האָט אונז געבעטען..."

„איז וואָס? דאַרף מען אַזוי שינדען די הויט?" האָט חיענקע בעליידיגט געזאָגט. „איהר האָט דאָ אָנגעטראָפען...?"

„אז מען גיט, פאר וואָס זאָלען מיר נישט נעמען?"

„דאָס איז דאָך די מעשה, וואָס איהר האָט אָנגעטראָפען אויף א נאַר. נור איך האָב נאָך אויך דאַנק גאָט א שטיקעל דעה. ווילט איהר אַרבייטען, ווי אומעדום, מאָגט איהר זיך שוין שטעלען אַר־בייטען. אז נישט, איז ווי איהר ווילט אייך — איך וועל קריגען אַרבייטער."

„מיר ווייסען גאָר נישט," האָבען זיך די ארבייטער גע־עקשנ'ט. „דראבקין האָט אונז געהייסען קומען אַרבייטען."

„אָט דערפאַר, אָ, וועל איך אייך אפילו אומזיסט נישט נע־

מען,״ האָט חיענקע געוואָרפען זיך מיט כעס. „זאָל אייך דראבקין נעמען! דאָ בין איך די בעל־הבית'טע.״

די ארבייטער האָבען א ווײלע געקוקט אויף איהר מיט פער־אכטונג, מיט א שמייכעל אויף די ליפּען, און געווענדט זיך צו דער טיר.

„אוי, קינדער!״ האָט איינער לוסטיג אָבגעקרעכצט, „וואָס ארט אייך, דראבקינ'ען איז יעצט נאָך ערגער ביי דער נייער בעל־הבית'טע, ווי א מאָל ביי די אַלטע בעלי־בתים.״

חיענקע האָט נור א וואָרף געטאָן א גיפטיגען בליק און אָב־געשוויגען. —

נישט ווייט אָבגעהענדיג אין גאַס, האָבען די ארבייטער דער־זעהען דראבקינען. אין הארצען האָט זיך איהם א ריס געטאָן. ער איז אויף גיך פער־שוואונדען געוואָרען הינטער א טויער.

„ער האָט זיך אָבגעטראָגען, דער חברה־מאַן!״

„איהר ווייסט, מען דארף איהם דאָ אויפוואַרטען און אָנריי־בען איהם א נאָז.״

דאָס איז געפעלען געוואָרען. א פּאָר ארבייטער זיינען אריין אין הויף און צוויי זיינען געבליעבען נעבען טויער. און דראבקין האָט דאָס צוגעזעהן און געמוזט זיך בעהאַלטען אין איין אָרט, וואו שלעכטע ריחות האָבען איהם דעם אָטעם פערכאַפּט... און ער איז געשטאַנען און די ארבייטער האָבען זיך פון אָרט נישט געריהרט.

און וואָס האָט ער אייגענטליך צו בעהאַלטען זיך? האָט ער געטראַכט. ער האָט עפּיס זייערס פערנומען? ער האָט זיי אונ־טערגעפיהרט? פון א שטעלע אָבגערעדט? ער קאָן זיי אפילו בע־צאָלען פאר דעם טאָג, אויב זיי ווילען.

און ער איז געשטאַנען, ווי א צוגעשמידטער... א מאָדנעם שטאַרק געפיהל פון בושה האָט איהם געהאַלטען. שטעהענדיג אין דעם געשטאַנק בעהאַלטענערהייט, האָט ער געפיהלט, אז ער טרעט ארויף אויף א נייעם וועג, אז ער ווערט גאָר א נייער דראבקין. ער האָט זיך אַליין קיין רעכנונג נישט געקאָנט אָבגעבען, וואָס ער ווערט, וואָס עס קומט פאָר אין זיין כאַראַקטער, אין זיין גאַנצען

ווערן. עטליכע מאָל איז איהם ארויסגעשוואומען אין קאָפּ חאשקע, מיט חיענקען הינטער זיך; עס האָבען איהם דורכגעקלונ־גען אין קאָפּ שטיקלעך פון זיינע אַלטע דבורים, נור אַלץ עפּיס, ווי אַלטע געזיכטער, אַלטע קליינג, זאכען פון אַ מאָל...

און ער איז געשטאַנען, ווי אַ צוגעשמידטער.

נור עס מוז דאָך נעמען אַ סוף. ער האָט זיך בעשלאָסען ארויסצוגעהן פון זיין בעהאַלטענעם אָרט. מיט אַ הוסט האָט ער אויפגעעפענט די טיר, מיט איין ערנסטען געזיכט אָנגעהויבען צו פערשפּילען דאָס רעקעל און געקוקט צו דער ערד מיט אַ מיענע פון אַ זעהר פערטראָגענעם און פערנומענעם. דאָס היטעל אפילו איז אַ ביסעל געווען פערדרעהט. איהם האָט זיך געדאַכט, אז אויב ער וועט אויף זיי נישט קוקען, וועט זיך איהם אפשר איינגעבען דורכגעהן נישט בעמערקטערהייט. יעדענפאַלס זאָלען זיי מיינען, אז ער איז שטאַרק פערטראָגען.

די אַרבייטער זיינען איהם געגאַנגען ענטגעגען. ער האָט גראָד אויפגעהויבען די אויגען און בעגעגענט זיך מיט זייערע בלי־קען. אַ זיסער שמייכעל האָט זיך בעוויזען אויף זיינע ליפּען — ער האָט זיך געמאַכט, ווי ער דערזעהט זיי ערשט.

„וואָס עפּיס אזוי לאַנג געזעסען?...“

„וואו?... ווען?... האַ, דאָרטין?... אזוי... דער מאָגען...“

„דער מאָגען! לאָבוז, דו! מיר פערשטעהען דיינע שטיק. בע־האַלטען זיך...“

„בעהאַלטען זיך?... וואָס איז?... פון ווען! פון וועמען דאַרף איך מיך בעהאַלטען? פאַר וועמען האָבען איך וואָס מורא צו האָבען?“ האָט ער געגעבען אָנצוהערען.

„זאָג, וואָס האָבען מיר נעכטען אָבגערעדט?“ האָט שוין איין אַרבייטער געזאָגט מיט הארץ.

„יאָ, איך האָב טאַקי מיט אייך געוואָלט רעדען וועגען דעם,“ האָט ער אָנגעהויבען פריינדליך. „איך מוז בלייבען אַ ליגנער. דאָס ווייב איז אויף מיר נעכטען אָנגעפאַלען און דאָס ווייב'ס „סאַ־

פּאָכע"... אוי, ע!... איך האָב געהאַט אַ טאָג... אַ!..." ער האָט געדריקט מיט די אַקסלען און געמאַכט מיט די הענד, גיבעבענקיג צו פערשטעהן, וואָס פאַר אַ טאָג ער האָט געהאַט. „מען האָט מיך געמאַכט פאַר אַ משוגענעם. וואָלט איהר הערען! מיט איין וואָרט, גאָספּאָדאַ, איך מוז חרטה האָבען."

און ער האָט זיי נאָך אַ מאָל איבערגע'חזר'ט, וואָס פאַר אַ טאָג ער האָט געהאַט. ער האָט גערעדט פריינדליך און ווי פאַרדראָסיג. ער האָט דאָך נישט געוואָלט אָנווערען זיין ווערט אין די אויגען פון זיינע אַמאָליגע חברים, און דער עיקר האָט ער מורא געהאַט פאַר זייער וויץ, פאַר זייערע שטעכווערטער. די אַרבייטער האָבען געקוקט אויף איהם מיט פעראַכטונג, נישט גלויבענדיג איהם אַ וואָרט. ער האָט זיך נישט אָבגעראַטעוועט פון שטעכווערטער.

„עקספּלאָאַטאַטאָרעס, בלוטזויגער... דראַבקין, נו! לאָבוז, דו! אַ רוח... עקספּלאָאַטאַטאָרעס, בלוטזויגער, בייטעלשניידער..." האָבען איהם די אַרבייטער גערעדט ביי'ם פערנאַנדערגעהן זיך.

דאָס האָט איהם טאַקי געשטאָכען. די ווערטער געהערען איהם. ער קאָן אויף זיי גאָר נישט ענטפערן. ער פיהלט, אז ער אַליין איז נאָך נישט קיין עקספּלאָאַטאַטאָר און בלוטזויגער, אָבער ער קאָן גלאַט יעצט די ווערטער נישט אַרויפּבריינגען אויף דער צונג. און עפּים פערדריסט איהם עס אַזוי שטאַרק. און ער וויל אַלץ פערשטעהן, בעגרייפען, וואָס מיט איהם איז: דאַכט זיך דער זעלביגער מענש וואָס נעכטען און עהערנעכטען און פּאָרט נישט דער זעלבער. די אַלטע צייט, ווען ער איז געוועזען איין איינפאַכער אַרבייטער, איז ווי מיט אַ וואָלקען פערצויגען, עפּים לאַנג, לאַנג געוועזען, און פאַר דער נייער קומענדיגער צייט שעמט ער זיך — — נור אונטער'ן בוזים דערפיהלט ער אַ ווארמקייט — און ווי ער האָט דערפיהלט די ווארמקייט, האָט ער פערגעסען אויף אַלץ: אויף אַלע צייטען, אויף די אַרבייטער, אויף די שטעכווערטער און אויף אַלע בייזע און אונרוהיגע געדאַנקען.

.10

ער איז געקומען א היים א בערוהיגטער. ער האָט זיך גע־מאַכט אונשולדיג אין דעם, וואָס מען האָט אָבגעזאָגט די אַרביי־טער — דאָס הייסט, נאָך איהם נאָך, וואָלטען זיי געמאָגט אַרבייטען, ווי ער אַליין האָט געוואָלט, נור חיענקע, איהר „סאַפּאָכע"... ער איז נישט שולדיג — — — דאָך האָט ער געפיהלט צו חיענקען אזא פריינדשאַפט, וועלכע ער האָט נישט געפיהלט די גאַנצע צייט פאַר און נאָך דער חתונה.

„משלח געוועזען דיינע אַרבייטער," האָט איהם חיענקע בע־געגענט, שטעלענדיג דעם סאַמאָוואַר. „איצטער איז אויס!... איצטער וועסטו ביי מיר קיין פּריץ נישט זיין!... איצטער וועל א י ך שוין דינגען אַרבייטער!"

„דינג דו!" האָט ער שוואַך געענטפערט. ער איז געוועזען צופריעדען פון דעם, וואָס ער וועט זיך נישט דאַרפען דינגען מיט די נייע אַרבייטער, וואָס זיין געוויסען וועט ווייטער בלייבען ריין.

נור זיין צופריעדענהייט האָט ער נישט אַרויסגעוויעזען.

„מיניסטער מיינער!" האָט חיענקע אויסגערעדט מיט גיפט און שפּאָט, אַריינקוקענדיג אין קוימען פון סאַמאָוואַר.

ער האָט גאָר נישט געענטפערט און גענומען זיך צו דער אַר־בייט.

פון דער אַרבייט האָט ער געוואָרפען בליקען אויף חיענקען, וועלכע האָט זיך בעשעפטיגט מיט שטוביגע זאַכען. זי איז געווע־זען אין כעס און נישט געקוקט אין זיין זייט. ער האָט זיך אויך געמאַכט נישט קוקענדיג אויף איהר.

„א שיינע איז חיענקע... א שיין ווייבעל," טראַכט ער, און גנב'עט אויף איהר א בליק. „א פיינע געשטאַלט — סאַר א ברוסט"... ער כאַפּט זיך, אז ער האָט גאָר קיינמאָל נישט געטראַכט וועגען „אַזעלכע זאַכען"... נור ער קאָן זיך נישט אָבגעבען קיין חשבון, וואָס מיט איהם איז. עפּיס ציהט איהם צו חיענקען. אָט וואָלט ער יעצט געוואָרפען די אַרבייט און צו איהר צוגעלאָפען...

ער קאָן זיך נישט פאָרשטעלען, ווי וואָלט ער זי א קוס געטאָן, נור ער וואָלט עס זיכער געטאָן, ווען ער וואָלט יעצט צו איהר צוגעלאָפען. ער שעמט זיך פאר דאָס געפיהל; ער ווייס גאָר נישט, ווי קומט עס צו איהם, נור עס ציהט איהם — — אין גיכען ווארפט ער די ארבייט און שטעהט אויף פון אָרט. ער שעמט זיך פאר דעם געדאנק, וואָס האָט איהם אויפגעהויבען פון אָרט, און העבט אָן צו זוכען עפּיס אויפ'ן טיש, אין שטוב און דרעהט זיך אזוי צו צו חיענקען.

„וואָס הערט זיך מיט'ן סאמאָוואר?" פרעגט ער אָנגערוקט, וועלענדיג גאָר אנדערע און פריינדליכערע דבורים פיהרען.

„טאַפּ איהם, וועסטו וויסען," ענטפערט חיענקע בייז, ווישענדיג די גלעזער.

„טאַפּ איהם, וועסטו וויסען!" קרימט ער זי איבער גוטהארציג און שמייכעלט אונטער, ארויפלעגענדיג א האנד אויפ'ן סאמאָוואר. ער ווייס נישט, וואָס ער זאָל איהר זאָגען עפּיס אזוינס, וואָס זאָל זי שלום מאכען.

„ווען קלערסטו נעמען צו דער ארבייט?"

„וועסט א סימן האָבען!"

זי פיהלט, אז ער זוכט איהר התקרבות און אז עס איז יעצט איהר צייט נוקם צו זיין זיך אין איהם פאר דאָס נעכטיגע. ער וועט שוין ליעגען ביי איהרע פיס!

„וועסט א סימן האָבען!" מישט ער זי ווייטער איבער מיט א שמייכעל. אָבער עס העבט איהם שוין אָן צו פערדריסען איהר טאָן.

און פאר וואָס טאַקי נישט רעכט גוט בייז ווערען, אויסזידלען זי, קלאַפּען אָן טיש, בעווייזען, אז ער איז דער בעל־הבית אין שטוב?

ער דריקט צונויף די ציין, מאכט איין אין־כעס'דיגע מיענע און געהט צוריק צו זיין ארבייט.

אָבער זי ווערט נישט נתפעל. זי ווייס זיכער, אז זי האָט די אויבערהאנד — און זאָל ער נור אָנהעבען א ביסעל צו קאָמאנדעווען, וועט זי איהם אוועקגעבען א גאָב, אז ער וועט נישט וויסען. פון וואנען דאָס איז איהם געקומען!

און ער זיצט און אַרבייט און פּיהלט, אז ער איז גאָר אויף חיענקען נישט אין כעס, אז ער מאַכט נור אַ בייזע מיענע אום אָנ־צושרעקען זי, כדי זי זאָל ווייכער ווערען. ער גנב'עט בליקען אויף חיענקען און וויים, אז ער ליעבט זי, אז שפּעטער אַ ווײַלע וועט ער זי האַלטען אין זיינע הענד, אויף זיין שוים און וועט זי האַלזען, קוסען, דריקען. און עס ווערט איהם אַזוי וואַרם און ווייך ביי'ם האַרצען און ער אַרבייט מיט חשק, אַרבייט און אַרבייט און גנב'עט בליקען אויף חיענקען — —

„געה טרינקען טיי!" האָט חיענקע געקאָמאַנדירט מיט אַ בייזען טאָן.

ער איז געבליעבען זיצען. דאָס האָט געזאָלט בעדייטען, אז ער איז אין כעס און וויל זי מיט איהר טיי נישט קענען.

„געהסט צי נישט? אז נישט, גיס איך אַריין דיין טיי אין פּאָמויניצע אַריין!"

ער האָט לאַנגזאַם אוועקגעלעגט די אַרבייט און איז אויפגע־שטאַנען מיט אַ שמייכעל. דאָס האָט געזאָלט בעדייטען, אז ער איז גאָרנישט ברוגז און נישט געוואָלט מיט איהר שפּיעלען אין צו להכעיס, נור ער איז געוועזען פּערנומען און נישט געקאָנט אוועק־לעגען די אַרבייט. ער האָט געהויבען די הענד אין דער הויך, גע־צויגען זיך, געגעניצט און געשמייכעלט.

„אָבער ביזטו אַ בעל־כעסן!" האָט ער געזאָגט און געלאַכט.

ער האָט עס געמיינט ערנסט. ער האָט געוואָלט, זי זאָל אויפ־הערען אין כעס צו זיין, זי זאָל גוט ווערען און לאָזען זיך צו איהם, ווי שטענדיג.

ער איז צוגעגאַנגען צום טיש און אַ קניפּ געטאָן זי אין באַק.

זי האָט אָבגעשטויסען זיין האַנד:

„אוועק!"

„פּש, פּש, פּש, וואָס פאַר אַ בייזע פּריצה!" — ער האָט זיך צוגעזעצט נעבען איהר און אַרומגענומען זי.

„אוועק בעסער מיט גוטען!" זי האָט זיך געריסען פון איהם.

ער האָט זי צוגעדריקט צו זיך, צוגעבויגט צו זיך איהר קאָפּ און גענומען קוסען, פערשטיקענדיג מיט זיין מויל איהר געשריי. זי האָט אָנגעכאַפּט דאָס גלאָז מיט הייסען טיי, אָבער ער האָט עס ארויסגעכאַפּט. זי האָט זיך פון איהם קוים ארויסגעריסען.

„איך וועל דיר געבען מיט עפּעס אין קאָפּ!“ האָט זי געשריען, אויפשפּרינגענדיג. ער האָט געלאַכט מיט א מיאוס'ען תאווה'דיגען געלעכטער. — —

דער שאָטען פון זיין מיאוס'ען תאווה'דיגען געלעכטער איז נאָך געלעגען אויף זיינע ליפּען, ווען ער איז צוריק געגאַנגען צו זיין ארבייט. ער האָט נאָך געשפּירט די קוסען אויף זיינע ליפּען און געפיהלט זיך אָנגעזעטיגט, געשטילט דאָס הארץ. ער האָט פרעהליך אָנגעהויבען צו אַרבייטען און געוואוסט, אז סוף כל סוף, נאָך א טאָג און נאָך א טאָג, און חיענקע וועט זיך איבערבעטען. ער האָט פערגעסען די גאַנצע וועלט.

## .11

פאַר נאַכט זיינען געקומען חאַשקע מיט דער אַלטינקער. זיי האָבען געוואָלט זעהן, וואָס טוט זיך, ביי וואָס איז עס געבליעבען.

„א, חאַשקע, דינה!“ האָט הראַבקין אויסגערופען מיט א גע־מאַכטער שמחה. ער האָט גאָר נישט געוואָלט, חאַשקע זאָל קו־מען. זי האָט איהם דערמאָנט דאָס אַלטע, וועגען וואָס ער האָט שוין מעהר נישט געוואָלט טראַכטען, און דערמאָנט איהם זיין יעצ־טיגע אונטערטעניגקייט. ער האָט זיך געשעמט און איז געבליע־בען זיצען ביי זיין אַרבייט.

ביי חיענקען זיינען זיי אָבער געוועזען גוטע געסט. זי האָט געוואָלט אַרויסווייזען פאַר זיי, ווי זי איז די בעל־הבית'טע און ווי ער ליעגט ביי איהר אונטער די פיס. און זאָל טאַקי זיין „פּאָליובוי־ניצע“ זעהן, ווי ער ליעבט זי, ווי ער קריכט צו איהר, און זאָל זי פּלאַצען.

„נו, וואָס הערט זיך ביי אייך?“ האָט די אַלטינקע געפרעגט. חאַשקע האָט נישט געוואָלט פרעגען. זי האָט שוין אַלץ

געוואוסט און דערפיהלט זיך פאר איבעריג אין דראבקינ׳ס שטוב.

„וואס זאל זיך הערען?" האט חיענקע גענטפערט מיט נצחון. „נישקשה, ער איז בעסער געווארען, מיין חכם, מיין גע־ראטענע סחורה. אהא, היינט, דאכט זיך, וואלט ער וועלען..."

זי האט נישט דערזאגט, וואס ער וואלט וועלען, נור א מאך געטאן דערביי מיט׳ן קאפף אויף איהם מיט אזא בליק און מיט אזא מיענע, וועלכע האבען גערעדט בעסער פאר אלע אנדערע ווערטער.

ער האט נישט אויפגעהויבען דעם קאפף און געמאכט זיך פער־טיעפט אין זיין ארבייט. חאשקע איז פאר איהם רויט געווארען. עס איז איהר געווארען ענג אין שטוב. ענטלויפען, ענטלויפען — — זי איז געזעסען, ווי אויף הייסע קוילען.

נור די אלטינקע האט זיך ארייגעלאזען אין א שמועס.

„איך האב איהם גלייך געזאגט, אז אויף מיר אזא יאהר, וואס פאר א חכמה איהר זייט און מיין חאשקע האט איהם אויך גע־זאגט, אז עס קאן אנדערס נישט זיין, אז ער איז א נאר, ווען ער וויל אנדערס."

דראבקין האט געוואלט אויפהעבען דעם קאפף ביי די ווער־טער. חאשקע האט דאך אליין געזאגט, אז עס קאן אנדערס נישט זיין. אבער גלייך האט ער זיך דערמאנט, וואס זי האט ווייטער געזאגט, און זיך ווידער פערשעמט און איז געבליעבען זיצען מיט איין אראבגעלאזענעם קאפף, אהן לשון.

חיענקע האט אנגעהויבען צו דערצעהלען, ווי זי האט „משלח געוועזען" די ארבייטער, ווי ער האט זיך גאנץ פריה אבגעטראגען פון שטוב — „כלומר׳סט, זיין הארץ פערטראגט עס נישט."

„און יעצט," האט זי אויסגעפיהרט, „וועל איך שוין אליין דינ־גען ארבייטער און וועל מיט זיי אבמאכען, ווי איך וויל."

זי האט א קוק געטאן מיט נצחון אויף חאשקען. דראבקין האט געשוויגען.

„קום, מאמע, א היים!" האט חאשקע געזאגט, אויפהעבענדיג זיך פון ארט.

„וואס איילט איהר?" האט דראבקין געפרעגט און געלייגט.

חאַשקע וואָלט מיט פערגניגען א שפּיי געטאָן איהם אין גע־זיכט. די אַלטע האָט געענטפערט, אז זייער שכן וועט קומען און די טיר איז צוגעשלאָסען.

זיי זיינען אוועק.

דראַבקין האָט געפיהלט, אז חאַשקע איז ביי איהם דאָס גע־וועזען צום לעצטען מאָל און עס איז איהם געוועזען א ביסעל אונאַנ־גענעם. אָבער דאָס ביסעל אונאַנגענעמליכקייט איז באַלד פערלאָ־רען און פערשוואונדען געוואָרען אין דער גרויסער צופריעדענהייט, וועלכע האָט איהם בעהערשט. ער האָט זיך דערפיהלט פרייער, זעלבסטשטענדיגער; א יאָך איז איהם אראָב; עס וועט נישט זיין, ווער עס זאָל איהם שטעכען אין די אויגען מיט די אמאָליגע יאָה־רען און די אמאָליגע רעד.

אוועק, אַלץ אוועק.

יעצט ערשט וועט ער אַרבייטען. און עהרליך וועט ער אַר־בייטען. גאָט העלפט איהם, ער זאָל ווערען א מענש מיט מענשען צו גלייך, טאָ פאַר וואָס זאָל ער דאָס נישט טון! און נאַטירליך וועט ער נישט זיין, ווי די הינד, זיינע אמאָליגע בעלי־בתים. ער וועט וויסען, אז איין אַרבייטער איז אויך א מענש, וועט זיך מיט זיי אַנדערש בעגעהן און בענעמען, זיי וועלען ביי איהם זיין, ווי אייגענע מענשען, ווי ברידער. חאַשקע איז טאַקי א נאַר — — — —

„האָסט געזעהן, וואָס פאַר א צוקאָכטע דיין חאַשקע איז אוועקגעגאַנגען?" האָט איהם חיענקע איבערגעריסען די געדאַנקען.

„וואָס זאָגסטו עפּיס אַלץ „דיין" חאַשקע?" האָט ער געזאָגט מיט א שמייכעל.

„איך וויים, דו לויפסט דאָך אַלץ צו איהר."

„פּאָ! קום בעסער, זעץ דיך ביי מיר אָט דאָ, אָ!"

ער האָט זיך אַ פּאַטש געטאָן אין קניע און אויסגעצויגען נאָך איהר די הענד. —

— — —

שווער איז געוועזען חאַשקען אויפ'ן האַרצען, אַזוי שווער, אז זי וואָלט זיך צוואויינט. עס האָט איהר צונויפגעדריקט דער

האלז. זי איז געגאנגען שנעל, אז די אַלטע איז נאָך איהר קוים געלאָפען.

„וועסט זעהן מיינע ווערטער,“ האָט די אַלטע גערעדט נאָכ־לויפענדיג, „אין א פּאָר יאָהר אַרום איז דראבקין איין עושר פון עטליכע טויזענד רובעל. זי איז א קאָפּ־מענש! וואָלסטו כאָטש געוועזען א האלב פון איהר, אָך, וואָלט איך שוין פון דיר קיין דאגות נישט געהאט! אָך, אָך, אָך, אָך...“

דאָס האָט אין איהר גערעדט דער פערדרוס, וואָס עס איז גאָר נישט געוואָרען צווישען דער טאָכטער און דראבקינען.

„וואָס ווילסטו, מאמע, אז דו זאָלסט אויפהערען צו רעדען?“ האָט חאשקע געזאָגט מיט א ציטערדיגען קול, אויסדרעהענדיג איהר בלייך געזיכט צו דער מוטער.

די אַלטינקע האָט זיך דערשראָקען פאר דעם ציטערדיגען קול און פאר דאָס בלייכע געזיכט. זי האָט א מאך געטאָן מיט דער האַנד און געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

„ניין, מען טאר שוין א וואָרט נישט זאָגען!“ האָט זי אָבגע־זיפצט. זי האָט שוין מעהר נישט גערעדט.

חאשקען איז געוועזען, ווי זי וואָלט זיך אומגעקערט פון א בית־עולם, וואו זי האָט בעגראָבען איהר טייערסטען נפש.

דראבקין, דראבקין!... אָט דאָס איז איהר דראבקין!....

אָה, און ביז היינטיגען טאָג האָט זי נאָך אַלץ גע'חלומ'ט און געפאַנטאַזירט!

— — — — וויינען, וויינען

און אין יענער נאכט האָט זי געזעהן א חלום. ניין, נישט קיין חלום, ווייל זי האָט גאָר נישט געקאָנט איינשלאָפען און איז געלע־גען מיט אָפענע אויגען און געקוקט אין די געדיכטע פינסטערנים.

זי האָט געזעהן, ווי דראבקין ווערט א דיקער בעל־הבית; אַלע זיינע געדאנקען זיינען אָנגעווענדט נור אויף צו פערגרעסערען זיין ווערקשטאט און וואָס מעהר אָנפילען זיין בייטעל. אַלץ איז פער־געסען: יעדע מענשליכקייט, יעדעס מיטפיהלען מיט דעם אָרמען

ארבייטער, יעדע אכטונג פאר דעם נידריגערען. די ארבייטער זייי־
נען ביי איהם געדונגענע קנעכט און — „אפרים דארף ארבייטען
אין אבענד ביז נייען א זייגער און ארבייט ביז עלף; אז ער איז
היינט אין דער פריה געקומען האלב אכט, איז מען אויף איהם אנ־
געפאלען, ווי אויף א משוגענעם הונד“...

און עס האט זיך איהר געדאכט אין דער שטילער פינסטערניס,
אז דראבקין האט אראבגעלאזען א פייערדיגע פאטש א יונג קינד,
וואס געפינט זיך ביי איהם אין דער לעהרע.

זי האט א ציטער געטאן מיט'ן גאנצען קערפער און אנגעהויי־
בען היסטעריש צו וויינען.

א הערצרייסענדער, ביטערער געוויין. —

.1895—98



# ערב יום כפור.

א שפיעל צווישען איין ציעג און א סך וועלף.
אין דריי טיילען.

## ע ר ש ט ע ר  ט י י ל.

### די ציעג.

ערב יום כפור, ארום האלבען טאג.

ר׳ אליה דער טוך־פאבריקאנט גרייט זיך צו עהרליך פערנאנ־דערצאלען זיך מיט זיינע ארבייטער. לכבוד יום כפור! דער בוכ־האלטער מיט׳ן קאסיער מאכען די רעכנונגען און צעהלען אוים דאס געלד.

ער וויל זיך אפילו פ ר י י נ ד ל י ך צוזעגענען מיט זיי. אויפ׳ן גרויסען שרייבטיש שטעהט א גרויסע פלאש בראנפען, עטליכע גלעזלעך, עס ליעגט א סך אנגעשניטענער לעקעך. ער וויל זיי ווינ־שען, זיי זאלען נישט דארפען אנקומען צו פרעמדע הענד.

ער געהט ארום הין און צוריק איבער זיין קאנטאר. ער איז שטארק פערנומען מיט זיינע געדאנקען און דוקא נישט געשעפטס־געדאנקען — ערב יום כפור איז נישט א צייט פון געשעפט.

ר׳ אליה איז א פרומער איד. גאר אהן ספק. אין א לאנגליכען ראק מיט לאנגליכע פאות, וועלכע זיינען פערבארשטען צוזאמען מיט דעם באקענהאר פון זיין גרויסען, ברייטען בארד. און גלאט ר׳ אליה!

ער וויל קומען א ריינער צום מארגענדיגען משפט. ער ווייס אבער, אז די ארבייטער האבען איהם שוין נישט איינמאל פער־קלאגט ביים „מלך עליון“, וויל ער זיך מיט זיי אבטענה׳ן. עס ווייזט זיך אויף, אז ער איז שטענדיג גערעכט געוועזען: די ארביי־

טער זיינען פשוט „קעשענע־גנבים“! זומער האָבען זיי פּלוצלונג געמאַכט „יד־אחת“ און אויפגעהערט צו ארבייטען. אַ גאַנצען חדש! אַ רציחה!

„שטרייק — שמייק!“ טראַכט ר׳ אליה, „שטרייק רופען זיי עס נאָך אָן! גנבה, גזלה, פון מויל דעם ביסען!... נישט שטרייק — שמייק. וואָס פאר אַ נאָמען זיי טראַכטען נאָך אויס!“...

ער האָט געוואָלט אראָבנעמען אַ האַלב רובעל פון שטיק. ער האָט געוואוסט, וואָס ער טוט. ער האָט דאָס געמוזט טון: איהם אונטער דער נאָז וואַקסט אויס אַ קאָנקורענט.

דאָס איז אפילו נישט קיין שטאַרקע טענה, ער פיהלט עס. דערצו האָט ער נישט פּינקטליך געצאָלט, געפּרובט אַ פּאָר מאָל איינדרעהען, צושטעלען, פערשרייבען גוטע סחורה פאר שלעכטע און גאָרנישט בעצאָלען — — נור ער האָט עס געמוזט, גאָט איז זיין עדות — געשעפט! ווי זאָגט מען עס — אין האַנדעלשאַפט, די גאַנצע וועלט טוט אַזוי. אָבער דער שטרייק!

„און גלאַט,“ מיינט ר׳ אליה, „זיינען די יונגע אַרבייטער נישט ווערט, וואָס די ערד טראָגט זיי. גוים, וואהרע גוים, איין אידישער פונק איז נישטאָ אין זיי. עזות־פּנים׳ער, נישטאָ עלטער, אינגער — פון גאַנצען אויסגעטאָן.“

איין פענסטער פון קאָנטאָר געהט אַרויס צו דער גאַס, און ר׳ אליה זעהט, ווי אין גאַס נעבען טויער העבען זיך שוין אָן צו קלייבען די אַרבייטער. זיי מאַכען מיט די קעפּ אין דער זייט פון קאָנטאָר. אָט פערגלייסט אַ יונגער אַרבייטער, פון אַ יאָהר דריי און צוואַנציג, געציל לץ, די אויגען און גיט אַ וואָרף מיט די הענד, ווי ר׳ אליה, ווען ער זידעלט איין אַרבייטער. די יונגע אַרבייטער ארום געצלען צולאַכען זיך.

ר׳ אליה קערט אָב די אויגען פון פענסטער ברגז׳דיג.

„וועט שוין זיין אַ מאָל אַ סוף?“ ווענדט ער זיך אונגעדולדיג צום בוכהאַלטער מיט׳ן קאַסיער. ער וויל שוין מעהר אין פענסטער נישט קוקען און וועגען די אַרבייטער נישט קלערען. „גאָרנישטען!“ בעשליעסט ער אין מח און וואַרפט אונגערן זיין בליק אויף די

גאַס : געציל שטעהט אין דער פּאַזע, וו ר׳ אליה, ווען ער וויל איינשמועסען איין ארבייטער, אז ער האָט ביי איהם אָנגענומען מעהר געלד.

„וואָס ציהט זיך עס דאָרטען ביי אייך, ווי פון פּעך?" שרייט אוים ר׳ אליה צו די קאָנטאָריסטען.

„ער וועט שוין ביי מיר נישט ארבייטען," טראַכט ער וועגען ליט. „אויסוואורפען זיינען דאָס עפּיס, אין גם אחד צווישען זיי."

איהם פאַלט איין, אז די לייטלעך האָבען גאָר קיין ווערט נישט ביי דעם „כביכול". ער האָט גאָר לחלוטין נישט וואָס צו מורא האָבען פאר זייערע טענות.

ער נעמט זיך פאר׳ן תהלים. יעצט וועט ער זיך גאָר אין גאַנצען איינקויפען ביי׳ם רבונו של עולם — — —

---

## צ ו ו י י ט ע ר  ט י י ל.

### די וועלט.

א מאַן זעכציג אַרבייטער שטעהען אין הויף און אין גאַס נע־בען טויער, אַלע אָנגעטאָן יום־טוב׳דיג — אין ריינע העמדער און אין שבת׳דיגע בגדים. נור די אינגלעך, וועלכע דרעהען זיך צווי־שען זיי אַרום, זיינען אָבגעריסען און כמעט אַלע באָרפוס.

מען שטעהט רעדלעכוויים. אַלטע מיט אַלטע, יונגע מיט יונגע. מען איז אונגעדולדיג, וואָס מען לאָזט זיי אזוי לאַנג וואַרטען. די געשפּרעכען קלעבען זיך עפּיס נישט. די אינגלעך העבען אָן צו שפּיעלען אין „כאַפּענים", נור ברוך דער אַלטער, דער עלטסטער צווישען די אַרבייטער, שרייט אויף זיי אָן. „עס איז היינט נישט א צייט פון שפּיעלענים," מיינט ער. די קינדער רייסען איבער דאָס שפּיעלען. אין א ווייל‌ע ארום י‌ אָגען זיי זיך פאר א קנעפּעל.

נור ארום געציל ליט איז ‌ךְ א ביסעל פרעהליך. ער זיצט אויף א טומבע נעבען טרי ‌וּאַר, העבט שטיינער פון דער ערד און ציעלט אין די פויגעל, וועלכע שפּרינגען אום אין מיטען גאַס, אָדער

אין פארבייגעהענדיגע מיידלעך. ער טוט עס לאנגזאם, אָהן חשק. מען דארף דאָך מיט עפּיס די צייט אראָבשטופּען. גלאָט איז ער יעצט אין כעס אויף ר׳ אליה׳ן, גיט ער נאָך מיט עפּיס דאָס הארץ.

די בחורים ארום איהם האָבען פערגניגען, נור די אלטע ארביי־טער, וועלכע שטעהען אָנגעשפּארט אָן טויער, קוקען אויף איהם אָנגערוקט.

„ביי איהם זיינען אלע צייטען גלייך," מורמלען די אלטע.

דער יונגער עולם קוקט געצלען אין מויל אריין: וואָס וועט ער ענטפערען? ער פּיהלט אויף זיך די בליקען, נור ער ענטפערט גאָר נישט, כאָטש אין קאָפּ דרעהען זיך ארום אלערליי ענטפערען. ער האָט שיער נישט געזאָגט, אז א מיידעל געפעלט איהם שטענדיג. אָבער ער האָט עס נישט געזאָגט, ער האָט זיך געפוילט.

„וועסט מאָרגען קומען מיט מיר פאסטען?" פרעגט ער פּלוצ־לינג ביי א פארבייגעהענדיגער דיענסט.

„וואָס זאָגסטו צו זיין קאָפּ!" ענטפערט אָב דאָס מיידעל און געהט פאָראיבער. זי קוקט זיך דאָך אין איהם איין: צי וואָלט עס איהר געלוינט?

„מאָגסט זיך טאקי בעגראָבען לעבעדיגערהייט, פּראָסטער גוי דו!" צובייזערט זיך דער אלטער ברוך. „ערב יום כפור, נישט ערב יום כפור — נישטאָ קיין חלוק!"

„ר׳ אליה׳ס זכות וועט מיר ביישטעהן," ענטפערט געציל פויל.

„ער וועט זיין פאר מיר א גוטער בעטער..."

„אין גיכע צייטען נור," כאַפּט אונטער א בחור, „פאר מיר און פאר כל ישראל..."

„ונאמר אמן!" זינגט אויס איין אנדער בחור.

„שארלאטאנעס!" רעדען צווישען זיך די אלטע ארבייטער.

„ערב יום כפור, נישט ערב יום כפור — גאָר נישט!" מור־מעלט ברוך.

ער איז אויך נישט גאָר שלום מיט ר׳ אליה׳ן. עס ליעגען איהם גוט אין קאָפּ טויזענדערליי אונגערעכטיגקייטען, וועלכע ער האָט פערטראָגען פון איהם. דאָך וועט ער ערב יום כפור נישט

מאכען דערפון קיין רעד. מען טאָר נישט! א דם שונא אפילו איז ער מוחל במחילה גמורה, לכל הפחות אויף די ליפּען וועט ער קיין קללה נישט ארויפבריינגען. די שקצים — זאָל גאָט נישט שטראָפען פאר די רעד! — זיינען פשוט „אסור לרחם“.

„אָבער וואָס געווערט עס דאָרטין אזוי?“ פרעגט מיט אונגע־דולד איין אַלטער ארבייטער.

„ער צעהלט זיינע עברות,“ ענטפערט דער לץ געלאַסען.

און אין א ווייל אָרום גיט ער צו:

„ער מוז גאָר אָנגרייטען פאר אונז א דרשה, ווי פאר א יאָה־רען. נו, קינדערלעך, האָט אייך א „שמע טויבע“, העבט ער אָן מיט ר׳ אליה׳ס קול. „דער אויבערשטער זאָל אייך צוברעכען די קעפּ... איך מיין די הערצער און איהר זאָלט האָבען א גרינגען תענית, כל זמן איהר וועט לעבען.“

דאָס יונגוואַרג צולעגט זיך פאר געלעכטער, די אלטע ווארפען קרומע בליקען.

„ערב יום כפור, נישט ערב יום כפור — ביזט א גוי, טאָ שמד זיך אין אל די רוחות!“ זידעלט זיך ברוך.

„אין קאַנטאָר! אין קאַנטאָר!“ דערהערען זיך קולות פון הויף.

די אַרבייטער ריהרען זיך.

„קומט אָנקוקען דעם כשר׳ן פרצוף,“ זאָגט געציל אויפשטע־הענדיג פון טומבע. דאָס יונגוואַרג געהט מיט איהם, מיט א שמייכעל אויף די ליפּען. —

---

## דריטער טייל.

### דאָס שפּיעל.

ר׳ אליה זיצט אויף זיין אָרט ביים טיש און קוקט אריין אין חשבון. דאָס גאַנצע געלד ליעגט פאר איהם. היינט וויל ער בע־צאָלען מיט דער אייגענער האנד. עס דאכט זיך איהם, אז דאָס איז א מצוה... ער וועט נאָך בעגעהן זיך מיט די ארבייטער וואָס

ווייכער. ער פיהלט א ווארמקייט אין גאַנצען קערפּער — עס דאכט זיך איהם, אז ער איז א צדיק. און ער ווערט אלץ בעסער און בעסער. זיין קוק אויף די ארבייטער בעקומט אפילו א פריינדלי־כען אויסדרוק.

די אַלטע מיט די אינגלעך שטעהען פאראויס, די יונגע לייט פון הינטען. געציל שטעהט מיט איין ערנסטער מיענע אויפ׳ן גע־זיכט, נור זיינע אויגען קוקען איראָניש אויפ׳ן בעל־הבית. ער ווייס עפּיס נישט, וואָס פאר א שטאָכוואָרט ער זאָל זאָגען.

און דאָס יונגוואָרג קוקט אריין געצלען אין די אויגען.

„נו, קינדערלעך,“ ווענדט זיך ר׳ אליה פריינדליך צו די אר־בייטער. „מיר וועלען זיך פערנאַנדערצאָלען און צוזעגענען. איהר דארפט דאָך מסתמא האָבען דאָס געלד.“

„נאָך ווי,“ ענטפערט עמיץ.

„א ודאי, א ודאי!“ זאָגט ר׳ אליה גאָר ווייך. „מיר וועלען דערפאר קיין שהיות נישט מאכען. נו, ברוך!“

פון עולם טיילט זיך אָב ברוך דער אַלטער און געהט צו צום טיש.

„יעמוד ר׳ ברוך!“ זינגט אוים געציל.

די ארומיגע פערדעקען די מיילער און קוקען אויף דער ערד.

ברוך בעקומט זיין געלד, בעהאַלט עס אין קעשענע און וויל אוועק.

„האָט אייך א חתימ...“ העבט ער אָן.

„וואַרט, וואָס ענטלויפסטו?“ האַלט איהם אָב ר׳ אליה. „מיר וועלען אונז א פריער פערנאַנדערצאָלען מיט אַלעמען, דערנאָך וועלען מיר אונז צוזעגענען, ווי געהעריג, מיר וועלען נעמען א ביסעל „משקה“... וואָס ענטלויפסטו! ? עוזר!“ רופט ער אויס א צוויי־טען אַלטען ארבייטער. „מיר זיינען דאָך עפּעס אידען, היינט איז ערב יום כפור,“ רעדט ער ווי פאר זיך, ארייננקוקענדיג אין חשבון.

„גרייט אָן דרשה־געשאַנק!“ וויצעלט געציל.

ר׳ אליה ווארפט א בליק אין געציל׳ם זייט. ער קאָן נישט ליידען די גאַנצע חברה, וואָס שטעהט דאָרטען. נור ער שטארקט

זיך און טרייבט פון זיך די שנאה. ער וויל יעצט אויף קיינעם קיין שנאה נישט טראָגען. און עס דאַכט זיך איהם, אז דער „מלך עליון" זעהט אלץ, וואָס עס טוט זיך ביי איהם אין האַר־צען, און ער ווערט אַלץ פרעהליכער און בעסער.

„איך האָב געוואָלט בעטען, איהר זאָלט מיר געבען עפּיס מעהר געלד," זאָגט עוזר מיט א געבעט.

„מעהר געלט איז היינט נישטאָ," האָט ר' אליה ווייך נור אונ־גערן ארויסגערעדט. ער כאַפּט זיך אָבער באַלד: מען האָט נישט געדאַרפט אָבזאָגען. נור איהם פאַלט איין, אז נאָך יום טוב ועט ער עוזר'ן נישט האַלטען מעהר, און עוזר וויל דאַכט זיך אליין אוועקגעהן פון איהם. און גלאַט ער זאָל געבען עוזר'ן, דאַרף ער שוין אַלעמען געבען, ווארום אַלע וועלען בעטען, זיי דאַרף מען דאָך נור בעווייזען א דרך.

„שמערעל!" רופט ער אוים א דריטען אַלטען ארבייטער.

„איהר וואָלט מיר געטאָן א גרויסע טובה. איך דאַרף אזוי נויטיג!" רעדט עוזר זיינס.

און ר' אליה וויצעלט גוטהערציג:

„איך דאַרף אויך, שמערעל דאַרף אויך. זאָג, שמערעל, דו דאַרפסט אויך?"

„אָ, נאָך ווי דאַרף איך!" ענטפערט יענער. „איך האָב טאַקי אייך געוואָלט בעטען..."

„זעהסט, האָ?" ווענדט זיך ר' אליה צו עוזר'ן. — „שמחה!" רופט ער אוים א פיערטען. ער וויל שוין פערגעסען דעם גאַנצען פּאַרפאַל מיט עוזר'ס בקשה.

„אָבער איך מוז!" שטעהט צו עוזר. „איך האָב מיך אָבגע־בעטען ביי ביינוש דעם וואָכערניק ביז היינט..."

„ביזט א קינד און גאָר," זאָגט ר' אליה ווייך, כאָטש עס פער־דריסט איהם שוין עוזר'ס עקשנות. „אפרים!" רופט ער אוים. „ביזט א קינד," זאָגט ער ווייטער צו עוזר'ן אזוי זים, אזוי האַרציג. „איך זאָל דיר געבען, דאַרף איך געבען ברוך'ן, שמערלען, אפרים'ן — — דאַרף איך אַלעמען געבען. אַלע דאַרפען. איך ווייס דען

נישט, אז אלע דארפען? ביי דיר, אפרים, איז, דאכט זיך, א טאָכ־טער קראנק? וואָס מאכט זי?" פרעגט ער דעם ארבייטער מיט רחמנות.

„וואָס זאָל זי מאכען? ליעגט! איך וואָלט געהאט געלד...." ענטפערט אפרים אָהן חשק און פערצווייפעלט.

עוזר'ס געזיכט איז פערקרימט פון הארצוועהטאָג. ער קוקט זיך אום מיט די חברים. די חברים שטעהען אלע אָנגערוקט. אפילו ברוך איז יעצט אין כעס.

„געפונגען דעם געבער," שעפּציעט ברוך.

„גלייך ער וואָלט איהם נישט געקאָנט," מורמעלט שמחה.

„ע, כע—כע!" זיפצט אָב אפרים.

„ערב יום כפור, נישט ערב יום כפור," ברומט אונטער געציל אין ברוך'ס טאָן.

עוזר זיפצט אָב און רוקט זיך ארוים פון קאנטאָר.

„ערב יום כפור, ר' עוזר!" שיקט איהם נאָך א יונגער אר־בייטער.

„ע—ע—עך!" מאכט עוזר מיט דער האנד און געהט אוועק.

ר' אליה פיהלט, אז די ארבייטער פערמסר'ען איהם ווייטער פאר דעם „מלך עליון". „דאָס איז א חברה," טראכט ער, אויס־רופענדיג איין ארבייטער נאָכ'ן אנדערן. „זיי האָבען דען ליעב ארייןגעהן אין דעם בעל־הבית'ס לאגע? גיב און גאָר! — מעהר ווייסען זיי נישט."

עס פערדריעסט איהם אפילו, וואָס ער האָט זיך אָנגעהויבען מיט עוזר'ן. נור, בדיעבד, אז עס האָט זיך שוין אזוי געמאכט — — — ע!

„געציל!" רופט ער אוים ווייך. ער וויל זיך אפילו מיט זיין גרעסטען שונא זעהר פריינדליך בעגעהן.

„איך בין דאָ!" שרייט אוים דער ליע און לאָזט זיך געהן צום טיש.

„מאָרגען איז יום כפור, געציל!" מוסר'ט ר' אליה. „געציל, מאָרגען — יום כפור!"

„אָ, איך ווייס!‟ קרעכצט אָב געציל.

„ביזט א שיינעץ, געציל, א גרויסער שייגעץ,‟ מוסר'ט ווייטער ר' אליה, אָבגעבענדיג איהם דאָס געלד.

„א שלעכטע וועלט, ר' אליה, ניטאָ זיך פון וועמען גוטס אָבלערנען, ר' אליה,‟ שטעכט זיך דער לץ.

„ביזט א שייגעץ, א גרויסער שייגעץ,‟ זאָגט ר' אליה מיט א האלבען מויל און רופט אוים איין אנדער יונגען ארבייטער.

געציל איז נישט צופריעדען. ער האָט צו וועניג און שלעכט אָבגעענטפערט. געדארפט איהם עפּים ארייגלאָזען א שפּילקע, עס זאָל איהם פערכאַפּען ביי דער נשמה. די חברים זיינען אויך נישט צופריעדען. און זיי האָבען אזוי געוואַרט אויף דאָס ספּעקטאַקל.

א שווייגענדיגער פערלאָזט געציל די קאַנטאָר, שווייגענדיגע געהען אוועק די יונגע לייט, אָבנעמענדיג זייער געלד

ר' אליה'ן שטעכט, וואָס זיי געהען אוועק, נור ער שטעלט זיי נישט אָב. ער ווייס, אז אומזיסט וועט זיין די טרחה. דער ערב יום כפור מאכט אויך נישט ווייך זייערע הערצער. רשעים! און ער ווערט אלץ ווייכער און ווייכער צו די איבעריגע. די קינדער גיט ער אפילו צושטייער אויף מחזורים — — ער בעקוקט מיט נצחון אלע ארבייטער. און ברוך'ן דאכט זיך, אז ר' אליה האָט פּאָרט א אידיש הארץ.

דאָס פערנאנדערצאָלען זיך איז געענדיגט. ר' אליה שטעהט אויף פון דעם שטול מיט א זעהר פריינדליכער מיענע.

„נו, ברידערלעך,‟ זאָגט ער לעבעדיג, „יעצט וועלען מיר אונז צוזעגנען, ווי עס דארף צו זיין, מאכען לחיים, פערבייסען.‟ ער העבט אָן אָנגיעסען די גלעזלעך. ברוך, שמערעל, אפרים און שמחה זיינען פון די ערשטע.

„לחיים, ר' אליה,‟ ווינשען זיי. „דער אויבערסטער זאָל אייך געבען א חתימה טובה...‟

„אמן, גם אתם!“ ענטפערט ר׳ אליה פרום און פריינדליך. „גאט לעקעך... געהט געזונטערהייט א היים, האט א גרינגען תענית, און בעט עפּיס אויס, ברידערלעך, א גוט יאהר, גוטע געשעפטען —— — געה, בערקע, נעם א ביסעל בראנפען —— דאס נייע יאהר זאל זיין בעסער, ווי דאס אלטע —— וואס טרינקסטו נישט אויס אין גאנצען, שלים־מזל׳ניק דו! נא, א שטיקעל לעקעך —— מען טאר נישט זינדיגען, א מענש דארף דאנקען גאט פאר יעדען טאג, וואס ער לעבט איבער...“

„ברוך ד׳ יום יום,“ זאגט אונטער ברוך מיט א זיפץ.

„א ודאי אזוי, רעדט וויטער ר׳ אליה, „נור דאך מאג דאס נייע יאהר זיין א ביסעל בעסער —— געהט, קינדער, נעמט צו ביסלעך בראנפען —— נו, און איך בין אייך אלץ מוחל, אלץ. איהר זייט זיך אפילו נישט ארענטליך בעגאנגען מיט מיר, נור גאר נישט —— נא, לייבקע, וואס שטעהסטו פון וויטען? —— — נור גאר נישט...“

„איהר אויף אונז דארפט א ודאי נישט ברוגז זיין,“ האלט זיך אפרים נישט איין.

„ניין, איהר האט זיך זעהר נישט פיין בעגאנגען,“ שטעהט ר׳ אליה אויף זיינס. „דער שטרייק — נישטא וואס צו רעדען... ע — וואס ארט אייך! דאס הייסט מיט גוואלד ארויסגעריסען ביי מיר! נור גאר נישט. מוחל, אלץ מוחל. עס געהט א יום כפור, לאמיר בלייבען גוטע פריינד.“

נור די אלטע ארבייטער פיהלען זיך בעליידיגט.
ער איז נאך גערעכט! ער איז נאך מוחל!
און ברוך דערפיהלט, אז ר׳ אליה האט אין זיך נישט א טראפען אידיש בלוט.

ברוגז׳דיגע העבען זיי אן צו פערלאזען די קאנטאר.
„געהט געזונטערהייט,“ רעדט זיי נאך ר׳ אליה און פיהלט, אז דער אבגרונד צווישען איהם און זיי איז נאך גרעסער געווארען.
„איך זאג אייך, איהר מאגט בעטען פאר מיר. זאל מיר נור גאט

אזוי העלפען, ווי איך וואָלט אייך וועלען גוט צאָלען. איהר מאַגט בעטען פאר מיר — — און איהר, חברה," ווענדט ער זיך צו די קליינע, „זאָלט קויפען מחזורים, הערט איהר!"

„פּארכעם, אלע פּארכעם," בעשליעסט ער בלייבענדיג אליין אין קאַנטאָר און קרעכצט פרום אָב:

„אָ—אָ—אָך!"

„ע — ע — ך!" קרעכצען אָב די אַלטע ארבייטער אויף דער גאַס.

.1895



# צמח דער טישלער.

א טישלער איז ער געווען, א גאנץ איינפאכער ארבייטער. נור א „טרפ׳ער" מענש האט מיט איהם צוויי מאל פערבראכט — און ער איז אריינגעפאלען אין געפענגנים.

מען האט ביי איהם געפונען א קליין, בלוי העפט, וואס דער „טרפ׳ער" מענש האט ביי איהם איבערגעלאזען. אין דעם קליינעם העפט האט עמיץ פראטעסטירט, געוואלט געשריען געגען דער אלץ טויטענדיגער רעגיערונג און געגען דער ניעדערטרעכטיגער קאפי־טאליסטישער וועלט און געלערנט אלע זיינע פריינד, די אונגליק־ליכע, פערהונגערטע ארבייטער, אז זיי זאלען אויך פראטעסטירען. ער האט דארטין גערעדט מיט פייער, מיט היץ, מיט׳ן בלוט פון זיין הארץ האט ער דארטין גערעדט, ווייל ער האט שטארק גע־ליעבט די אונטערדריקטע און תכלית שנאה פיינד געהאט די אונ־טערדריקער.

מיט מיה און מאטער האט צמח דער טישלער געלייענט דאס געשריעבענע העפט, ווייל ער האט ערשט זיך אנגעהויבען צו לער־נען שרייבען און לייענען, ווען ער האט אנגעהויבען אליין אויף זיך צו פערדיענען. ער האט גראשענס געצאלט און געדאנקט גאט, וואס עס גיט אין שטאדט א חאציע דער לעהרער, וועלכער איז נאך נישט ווערט געוועזען די גראשענס. און יעדע שורה, וועלכע ער פלעגט בייקומען אין דעם קליינעם געשריעבענעם העפט, האט ביי איהם ארויסגערופען ליעבע און טרייהייט צו דעם, ווער עס האט די שורה געשריעבען. א גאנצע נאכט איז ער אבגעזעסען איבער דעם ביכעל, ביז ער האט עס דורכגעלייענט פון טאוועל ביז טא־וועל. אז ער האט געענדיגט, האט ער ארויסגעלאזען נור איין „א!" — דאס איז געווען דער אויסגעשריי פון פערוואונדערונג

צו דעם שרייבער, דער אויסרוף פון התפעלות, פון ענטציקען, פון גרויס פערגניגען. און אין א ווײלע ארום האט ער ארויסגערעדט:
„אך, א רוח אין זייערע טאטענס אריין!" דערמיט האט ער גע־מיינט די רעגיערונג, די קאפיטאליסטען און אלע מענשענאונטער־דריקער און מענשענפרעסער. און באלד האט ער אויפגעפענט נאך א מאל דאס העפט און איבערגעלייענט א פאר ערטער, וועלכע זיינען איהם בעזונדערס געפעלען געווארען. ער האט געקוקט אויף די געליעבטע שורות, נישט געקאנט אברייסען פון זיי די אויגען. ער האט געוואלט גאר אין גאנצען אריינגעמען זיי אין זיך, דורכ־פיהלען זיי, אריינזעצען זיי זיך אין דער נשמה. און ער האט אלץ בעגריפען, אלץ דורכגעלעבט, און זיין הארץ האט זיך שטארקער געשלאגען. און דערנאך האט ער ווייטער געבלעטערט דאס העפט און אריינגעקוקט אין נאך עטליכע זייטלעך. יעדעס זייטעל האט איהם אינטערעסירט, אויף יעדען זייטעל האט ער געפונען נור אמת, דעם ריינעם טייערען אמת.

און נאך א מאל: „א!" און נאך א מאל: „אך, א רוח אין זייערע טאטענס אריין!"

עס איז ביי איהם געבליעבען, ער זאל לאזען ביי זיך דאס העפט נאך אויף א נאכט, און ער איז איינגעשלאפען מיט דאנק־בארקייט צום שרייבער. קוסען וואלט ער איהם אין רעכטען מי־טען גאס! איהם האט אפילו פערגניגען געטאן, וואס ער איז פון די איינציגע, וועלכע וויסען, ווער דער שרייבער איז. דאס האט איהם געקיצעלט; דאס האט איהם גרויס געמאכט

אין דעם גאנצען אויף־מארגענדיגען טאג האט ער זיך גע־פיהלט, ווי א נייער מענש. א נייע הויט, א נייע נשמה. ער האט פריינדליך צוגעשמייכעלט ביי דער ארבייט זיינע אויפגעקלערטע חברים, ווי ער וואלט זיי וועלען געבען צו פערשטעהן, אז ער וויים שוין עפּיס, אז ער געהערט צו זיי. און זיין רייכען בעל־הבית האט ער היינט פיינט געהאט מעהר פאר אלע מאל

ער האט געלאזען ביי זיך דאס העפט נאך אויף א נאכט, און

אין דער נאַכט איז ער אַריין אין געפענגניס אין אַ בעזונדער צימער, און דאָס ביכעל איז אַריינגעפאַלען צו דער פּאָליציי אין די הענד.

---

די טיר פון דעם שטייגעל האָט זיך הינטער איהם פערמאַכט, און ער איז געבליעבען אַליין אין דער פינסטערניס. די טרערען, וועלכע זיינען איהם דעם גאַנצען וועג געשטאַנען אין די אויגען און געוואָרגען אין האַלז, האָבען זיך פּלוצלינג אַ גאָס געטאָן. און באַלד האָט ער זיך נישט געקאָנט איינהאַלטען און צוואווינט זיך אויפ'ן קול. ער האָט געשפּירט אַ גרויס אונגליק, עס האָט איהם אָנגעכאַפּט אַ פערצווייפלונג. דאָס איינציגע, וואָס ער האָט גע־קאָנט, איז געוועזען גוט אויסוויינען זיך.

זיין היסטעריש וויינען האָט דורכגעדרונגען דורך די ווענד אין די דאַבייאיגע קאַמערן און דורכגענומען יעדען אבר פון די אונ־גליקליכע, וועלכע זיינען דאָרטין איינגעשפּאַרט געוועזען. זיי איז געוואָרען אַזוי שווער, אַזוי דריקענד שווער! זיי האָבען צוגעלעגט דאָס אויער צו דער וואַנד. זיי האָבען געוואָלט דערקענען אין דעם וויינען אַ בעקאַנטע שטימע, אין דעם געוויין אָבלייענען אַ גערוס פון דעם, וואָס עס טוט זיך דאָרטין אין דער אָפענער, בלומר'סט פרייער וועלט. דערנאָך האָבען זיי לייכט, גאַנץ לייכט אָנגעהויבען צו קלאַפּען אין די ווענד. זיי האָבען געוואָלט געבען צו ווי־סען דעם נייעם אונגליקליכען, אַז ער זאָל זיך בערוהיגען, אַז ער איז נישט אַליין, אַז עס זיינען פאַראַן מענשען, וועלכע פיהלען מיט איהם מיט, וועלכע ליידען יעצט גלייך מיט איהם...

דער זשאַנדאַרם, וועלכער איז געשטאַנען אין קאָררידאָר, האָט דערהערט דאָס לייכטע קלאַפּען. ער איז צו צו איין טיר און דער־נאָך צו דער אַנדערער און שאַרף אַרויסגערעדט: „רוהיג!" און דאַן איז ער צו צו צמח'ס טיר, צוגעהערט זיך, רוהיג אַרויסגערעדט. „ווי עס ראָוועט, זשידאָווסקאיא מאָרדא!" און איז ווייטער אַוועק זיין וועג.

צמח האָט גאָר נישט געהערט, וואָס עס טוט זיך אַרום איהם. ער האָט געוויינט, ביז ער האָט געקאָנט וויינען. ער איז געבליע־

בען ליעגען ווי א פלאסט, גאנץ אָהן כח, און אז ער איז שטיל גע־וואָרען, האָט ער דייטליך דערזעהן פאר זיך די שרעקליכע סצענע און דערהערט דעם ביטערען יאָמער, וואָס איז פאָרגעקומען ביי איהם אין דער היים. די שוועסטער איז געלעגען אין ספאזמעס און די אלטע, איינגעקנויטשטע, איינגעבויגענע מאמע איז געלעגען ביי די זשאנדארמען צו די פיס, געפויזעט אויף ד'ר'ערד, געוואָלט כאפען די קאצאפישע הענד קוסען און געיאָמערט מיט א בענומע־נעם קול: „אָי, אָי, פאנאָציעק, טייערינקער, ליעבינקער פא־נאָציעק!“...

עם שוידערט איהם דאָס וויינען, דער שרעקליכער יאָמער. ער הערט איהם דייטליך. ער קלינגט איהם אין די אויערן, נעמט איהם דורך יעדען אבר און ווידער עפענט זיך אויף א קוואל פון טרערען ביי צמח'ן.

די שכנים האָבען איהם שוין געוואָלט אָנזאָגען, ער זאָל קיין באבע נישט זיין.

ענדליך איז ער שטיל געוואָרען. ער האָט שוין אויסגעוויינט אלע טרערען. נאָך האָט ער געהערט דער מאמעס וויינען און גע־זעהן פאר זיך דער שוועסטער'ס ספאזמעס און עס האָט איהם גע־שוידערט, געריסען דאָס הארץ. אָבער ער האָט נישט געוויינט. און ביסלעכווייז דרינגט איהם דורך א ניי געפיהל. ער קוקט מיט אָפענע אויגען אין די געדיכטע פינסטערנים אריין. ער וויל עפּיס בעטראכטען, בעגרייפען, פערשטעהן.

וואָס ועט זיין מיט איהם ?!... וואָס וועט זיין מיט איהם ?!...

---

ביים „אָביסק“ האָט צמח דער טישלער נישט געוואוסט, וואָס צו ענטפערן אויף דער פראגע, וואָס איז דאָס פאר א ביכעל. ער האָט זיך געטרייסעלט מיט'ן גאנצען קערפּער, עס האָט איהם גע־קלאפּט א צאָן אָן א צאָן. „יאָ... ניין“... „ניין... יאָ“... ער האָט עפּיס נישט פערשטאנען דאָס רוסיש. ער איז געוועזן אויסער זיך. „יאָ... ניין“... „ניין... יאָ“...

וואָס דען האָט ער געזאָלט ענטפערן? און וואָס וועט ער ענט־פערן מאָרגען?

ער וועט זיך מאַכען, אז ער פערשטעהט נישט אויף רוסיש. ער וועט זאָגען, אז דאָס בלויז העפט האָט ער אָבגעשריעבען פון א אידישען ביכעל, נור ער געדיינקט נישט פון וועלכען, ווייל דאָס איז שוין געוועזען לאַנג, ווען ער האָט זיך געלערנט שרייבען. אָדער זאָל ער זאָגען, אז ער האָט דאָס ביכעל געפונען אויפ׳ן גאַס? און אפשר זאָל ער זיך מודה זיין, ווער עס האָט איהם געגעבען דאָס ביכעל און זאָגען, אז יענער האָט איהם איבערגערעדט, אז ער איז נישט שולדיג, גאָר נישט שולדיג, אז ער האָט איין ארמע, קראַנקע מוטער, וועלכע ער האָט אונטערגעהאַלטען, און איין אַלטע שוועסטער, וועל־כע ער האָט געוואָלט חתונה מאַכען פון זיין פּרנסה...

און אין ד׳ר־אמת׳ן טאַקי, וואָס פאַר א סאָציאַליסט איז ער? ער האָט איבערגעלייענט א ביכעל? ווער זאָגט, אז ער האַלט מיט דעם ביכעל? און ער וויל גאָר נישט האַלטען!

ביי דעם לעצטען געדאַנק פּיהלט ער, אז ער ליגט. ער האָט דערשפּירט דאָס ביכעל און דעם נחת, וואָס ער האָט געהאַט ביים לייענען.

אַך, וואָס וועט ער זאָגען? וואָס וועט ער זאָגען?

עס ווערט איהם אזוי שרעקליך אין דעם פינסטערן צימער און אזוי אומעטיג. ער וואָלט אויף זיך דאָס האָר געריסען און די צורה געדראַפּעט.

ער האָט דערהערט א בעוועגונג הינטער דער וואַנד. ער האָט איינגעהאַלטען דעם אָטעם, כדי בעסער איינצוהערען זיך.

און באַלד האָט ער זיך צוגערוקט צו דער וואַנד. עס האָט זיך איהם געדאַכט, אז אויב ער וועט ליעגען הארט ביי דער וואַנד, וועט ער נישט זיין אַליין, וועט איהם פרעהליכער ווערען.

ער איז געוועזען מיד, שרעקליך מיד, נור דער שלאָף האָט איהם נישט געגומען. דאָס הארץ האָט איהם שטאַרק געדריקט, קאַלט איז איהם געוועזען, און דער קאָפּף האָט אָהן איין אויפהער און אָהן א סדר געארבייט. דאָס שטעלט זיך איהם פאָר, וואָס עס

איז פֿאַרגעקומען אין דער היים, דאָס טראַכט ער, וואָס זאָל ער ענט־
פערן, דאָס וויל ער דערגעהן, וואָס מיט איהם וועט זיין.

און אָט דערמאָנט ער זיך אָן דאָס קליינע, בלויע, געשריעבענע העפט און עס שוידערט איהם. די האָר שטעלען זיך איהם אויף פאר שרעק. מורא׳דיגע זאכען זיינען דאָרטין אָנגעשריעבען! ער האָט גאָר מורא ארויפצוברייינגען עס אויף׳ן זינען, דאָ, צווישען די פיער וועגד פון דעם פערשפארטען שטייגעל, אין דער געדיכטער פינס־טערנים.

„אוי, אוי, אוי, אוי!“ האָט זיך ביי איהם ארויסגעריסען מיט פערצווייפלונג, און דאָס געזיכט האָט ביי איהם געברענט.

ער האָט זיך אויסגעצויגען אויף׳ן בעטעל מיט׳ן געזיכט אראָב און אריבערגעוואָרפען די הענד איבער׳ן קאָפּ. וואָס זאָל ער טון? וואָס זאָל ער טון? וואָס פאר איין עצה זאָל ער זיך געבען? אין קאָפּ איז געוועזען א רעש, א גערודער — א שטארקער גערודער, פון וועלכען עס איז געוועזען אזוי אונאנגענעם, אזוי שרעקליך, אזוי ביטער. צום וויינען! נור ער האָט שוין קיין טרערען נישט געהאַט.

און דאָס קליינע ביכעל שטעהט פאר די אויגען. ער זעהט די געשריעבענע שורות, ער זעהט די שריפט, וואָרט ביי וואָרט, אות ביי אות.

א פערפאַלענער איז ער!

ברררר!... א פראָסט געהט איהם דורך איבער׳ן לייב. ער דריקט איין דעם קאָפּ מיט די עלענבויגענס שטארק, שטארק.

ער וועט משוגע ווערען פון פערצווייפלונג! ער וועט זיך א מיתה אָנטון!...

ער האָט געטראַכט, געטראַכט... עס האָט שוין אָנגעהויבען צו טאָגען, עס איז שוין געוואָרען גרויסער טאָג, און ער האָט נאָך אַלץ נישט געשלאָפען און איז געוואָרען אַלץ אונרוהיגער. אָט קומט מען איהם רופען צום פערהער, און וואָס זאָל ער זאָגען?!...

טויזענדער פּלענער! אין די פּלענער מישען זיך שטיקלעך פון אַלערליי געדאנקען, וועלכע בערוהיגען איהם אויף א ווײַלע, נור

באלד קעהרט ער זיך אום ווידער צו זיינע פלענער און ווערט ווייטער אויסער זיך, פערצווייפעלט, אויפגערעגט.

מען האט אנגעהויבען אבריגלען זיין טיר. ער איז אויפגעשפרונגען נישט טויט לעבעדיג. א זשאנדארם האט אריינגעטראגען טיי, אנידערגעשטעלט אויפ'ן טיש און איז אוועק. צמח איז געקומען צו זיך, צוריק אוועקגעלעגט זיך אויפ'ן בעט און ווייטער געטראכט. אין טראכטען האט ער אויסגעשטרעקט די האנד צו דעם גלאז טיי און אויסגעטרונקען דאם ביסעל אונריינע וואסער, און נישט געמערקט און נישט געפיהלט, וואס ער האט געטאן. ער איז באלד איינגעשלאפען. ער איז אבגעשלאפען ווי א גע'הרג'עטער דעם גאנצען טאג און די גאנצע נאכט. מען האט איהם עטליכע מאל אויפגעוועקט צו וואַרמעס און וועטשערע — און יעדעס מאל איז ער אויפגעשפרונגען, מיט איין אפענעם מויל, דערשראקען. נור באלד האט ער זיך איבערגעקערט אויף דער אנדער זייט און איז ווידער איינגעשלאפען. דער הארטער שלאף פון דעם ארבייטענדיגען טישלער האט מנצח געווען.

---

דער לאנגער און הארטער שלאף האט איהם נישט דערפרישט. ער איז אויפגעשטאנען א צובראכענער, א מידער, ווי ער וואלט אבגעטאן די שווערסטע ארבייט. אין הארצען האט גענאגט און גענאגט, נור דער קאפף איז געווען פוסט. איין זאך האט איהם נור אינטערעסירט: וויפיעל איז ער אבגעשלאפען — א טאג, צו צוויי, צו א האלבען? דער זשאנדארם, וועלכער האט איהם געבראכט טיי, איז געווען אזוי פריינדליך און געזאגט איהם, וויפיעל איז עם א זייגער און וועלכער טאג היינט איז, און צוגעגעבען, אז ער וועט נאך צייט האבען די טעג צו פערגעסען.

„וועסט זיך שוין אנזיצען!“ האט דער זשאנדארם געענדיגט זיין ענטפער.

אויף צמח'ן האבען זיינע ווערטער קיין שום איינדרוק נישט געמאכט, זיי זיינען פארבייגעפלויגען פאר זיינע אויערן. מיד און אהן געדאנקען אין קאפף האט ער געטרונקען דעם טיי און אהן א

זין גרומגעקוקט דאָס צימער. ער האָט בעקוקט די טיר, די וואנד, דאָס פענסטער מיט די גראַטעס, דאָס בעט, דעם טיש; זאָגאַר דאָס צינערנע גלאָז, פון וועלכען ער האָט געטרונקען, האָט ער ווי שארפזיניג בעקוקט, און דאָך האָט זיין מח נישט געארבייט, און צמח האָט נישט געוואוסט, וואָס האָט ער געקוקט און אויסגעקוקט אין דער טיר, די וואנד, דעם פענסטער און צינערנעם גלאָז. ער האָט נישט געקאָנט טראַכטען, ווייל ער האָט געדאַרפט אַ סך טראַכטען.

ער האָט אָבגעטרונקען דעם טיי, איז אויפגעשטאַנען, האָט אויסגעצויגען די הענד און געוואָלט אַ געניץ טון. נור זיין בליק איז געפאַלען אויפ׳ן פענסטער מיט די גראַטעס און איהם האָט זיך פערוואָלט ארויפדראַפּען זיך אַהין און אַ קוק טון אויף די גאַס. ער האָט צוגערוקט דעם טיש צום פענסטער, ארויפגעקראָכען אויף דעם טיש, אָנגעכאַפּט זיך פאַר די גראַטעס און ארויפגעצויגען זיך אויף דאָס משופּע׳דיגע פענסטער. ער האָט דערזעהן דעם הויף און מענשען. דאָס הארץ האָט איהם אָנגעהויבען שטאַרקער צו שלאָ־גען. ער האָט געקוקט מיט שטאַרקער לוסט. ער האָט געוואָלט דערזעהען בעקאַנטע און דער הימעל איז איהם אזוי טייער גע־ווען.

ער האָט געקוקט לאַנג. ער האָט נישט געקאָנט אָברייסען די אויגען פון דער „פרייער וועלט“. ליעגענדיג אויף דעם משופּע׳דיגען פענסטער, אָנגעהאַלטען מיט די הענד פאַר די גראַטעס, האָט ער גע־פיהלט די געפענגנים, דעם שלאָס און ריגעל, די איינזאמקייט. אָבער דער גאַנצער גוף האָט געצויגען אַראָב, די הענד זיינען פער׳חלש׳ט געוואָרען, און ער האָט געמוזט אראָב פון פענסטער. יעצט האָט איהם דאָס ענגע צימער אויסגעזעהען אזוי וויסט, אזוי שרעקליך, אזוי ווילד. עס האָט איהם פערקוועטשט דאָס הארץ און מיט אַ מאָל האָט ער דערפיהלט די אַלע אומעטיגע, שווערע, שרעקליך שווערע געדאַנקען.

עס האָט איהם אָנגעהויבען ברענען אין מח און שוידערן דער לייב. ער האָט זיך געלאָזט אומגעהן איבער׳ן חדר און טראַכטען,

פלוצלינג האָט ער בעמערקט אויף דער רעכטער וואַנד אַ אידישע אויפשריפט מיט אַ בלייפעדער. דאָס האָט איהם אָבגעשטעלט. צוערשט האָט ער פערגעסען, ווארום איז ער שטעהן געבליעבען. ער האָט געלייענט די אויפשריפט און נישט געוואוסט, אַז ער לייענט. נור אַז ער האָט שוין געוואָלט אָבטרעטען פון דער וואַנד, האָט ער זיך דערמאָנט, אַז עפּיס האָט איהם פעראינטערעסירט און ערשט דאַן האָט ער דערזעהן די אויפשריפט:

„אַ קלאָג צו אייך, תליונים!"

ער האָט זיך עפּיס ווי פערוואונדערט: ווי קומט עס אהער? ווער האָט זיך דאָס געקאָנט אונטערשטעלען צו שרייבען אַזעלכע מורא'דיגע ווערטער, דאָ, אין געפענגנים גופא!... ער האָט גענומען זוכען מיט די אויגען נאָך אויפשריפטען און געפונען. מאַסען אויפשריפטען! אויף רוסיש, אויף אידיש, אויף פויליש און אויף אַ סך שפּראַכען, וועלכע ער האָט נישט געקאָנט איבערלייענען. אָבער ער איז געוועזען זיכער, אַז די אויפשריפטען, וועלכע ער פערשטעהט נישט, זיינען אויך אַזעלכע, ווי די, וועלכע ער פערשטעהט, און עס האָט איהם פערדראָסען, פאַר וואָס פערשטעהט ער זיי נישט, און ער האָט מעהרערע מאָל שטאַרק געקוקט אויף זיי, גלייך ער וואָלט געהאָפט, אַז סוף כל סוף וועט ער זיי דאָך פערשטעהן. עפּיס האָט ער זיך דערפיהלט היימליכער, דרייסטער, שטאַרקער און פרייער אין דער מאַסע קללות און חרמות אויף דער גאַנצער באַנדע אונטערדריקער און הערשער.

ער האָט דערהערט טריט און איז אָבגעשפּרונגען פון וואַנד. מען האָט געבראַכט דעם מיטאָג.

צמח האָט זיך איינגעקוקט אין די זשאַנדאַרמען: צו ווייסען זיי פון די אויפשריפטען? ער האָט בעשלאָסען, אַז זיי ווייסען נישט, און עס איז איהם אַנגענעם געוואָרען, וואָס ער וויים אין זייער מלוכה פון אַ זאַך, פון וועלכער זיי ווייסען נישט. ער וועט שוין אויך עפּיס אויפשרייבען! עפּיס אַזוינס וועט ער אויפשרייבען, וואָס זאָל זיין שטאַרקער פאַר אַלע אויפשריפטען. ער העבט זיך

אָן צו דערמאָנען אַלע הארבע, שטארקע ווערטער פון דעם קליינעם, בלויען, געשריבענעם ביכעל.

הם!... דאָ גופא, וואו דער זשאנדארם איז דער גאנצער תקיף, קאָן ער איהם שעלטען, וויפיעל דאָס הארץ געלוסט!... דער געדאנק געפעלט איהם שטארק. און באלד בעווייזט זיך ביי איהם א נייער געדאנק, וועלכער רעגט איהם אפילו אויף: ער וועט אויסשרייבען אויף די ווענד דעם תוכן פון דעם קליינעם ביכעל!

נאָך האָט איהם גענאָגט דאָס הארץ, נאָך האָט איהם עטוואָס אונרוהיג געמאכט, נור ביסלעכווייז, ביסלעכווייז האָט ער פערגעסען אַלע אומעטיגע און שווערע געדאנקען. ער האָט ווידער אָנגעהויבען אומגעהן איבער'ן צימער און דערמאָנען זיך דעם אינהאלט פון דעם ביכעל. און ער פרעהט זיך: ער געדיינקט! א סך געדיינקט ער! ס'אר'א טייערע, גאָלדענע ווערטער! יא, ער מוז עס אַלץ אויפשרייבען... זאָלען אַלע, וואָס פאלען אהער אריין, זאָלען אַלע דאָס לייענען!...

און צמח איז געוואָרען דער אייגענער צמח, ווי אין דער נאכט, ווען ער האָט צום ערשטען מאָל געלייענט דאָס ביכעל. ער וואָלט אַלץ אוועקגעגעבען, אבי צו האָבען ביי זיך דאָס ביכעל און לייענען און לייענען. און דעם מחבר, דעם מחבר, ווי וואָלט ער וועלען זעהען!

אין דעם ביכעל האָט ער געפונען זיין טרייסט.

ער געהט אום איבער'ן צימער, בייסט זיך די נעגעל און דערמאָנט זיך:

„די בעסטע פון אונז ווערען אומגעקומען דורך דער אכזריות, וועלכע וויל אונטערדריקען יעדע זעלבסטשטענדיגקייט, יעדען פרייען געדאנק. מיט הונדערטער יאָהרען צוריק פלעגען זיך מענשען מקריב זיין על „קדוש השם“, פאר וואָס זאָל מען היינטיגע צייטען נישט מקריב זיין זיך לטובת הכלל, פאר מענשענליעבע, פאר פרייהייט, גלייכהייט און ברידערליכקייט? ווער עס פיהלט און איז מודה די היינטיגע ווילדע אונעהרליכקייט און אכזריות און ציטערט פאר זיין הויט און בעהאלט זיך, פעררוקט זיך אין א לאָך, יענער

איז אַ טויגעניכטס אָדער אויפ'ן בעסטען אופן אַ גאַנץ קליין, קליינ־טשיק מענשעלע, וואָס איז נישט ווערט צו טראָגען דעם נאָמען מענש."

„מענשען דאַרפען מיר זיין!" שטעהט ווייטער אין ביכעל. „מענשען פרייע, נישט אָראָבגעפאַלענע ביי זיך! און ווען די גאַנצע וועלט וויל אונז אָנזעהן און רעכנען פאַר איינפאַכע מאַשינעס, טאָ לאָמיר איהר בעווייזען, אַז מיר זיינען מאַשינעס, וועלכע קאָנען פּלאַצען, ווען ז י י ו ו י ל ע ן — פּלאַצען און צורייסען און צוברע־כען אַלץ, וואָס בינדט אונז, שמיעדט אונז, אונטערדריקט אונז!"

און יעדעס וואָרט דרינגט אַריין אַלץ טיעפער און טיעפער אין צמח'ס מח און האַרצען, גיט איהם צו כח, דערפרישט זיין נשמה, לעבט איהם אויף. און ער מאַכט נאָך אַ סך פּרושים, גיט צו זיינע אייגענע געדאַנקען, זוכט ביישפּיעלע אין דעם, וואָס ער האָט זיך אָנגעזעהן און אָנגעהערט אויף זיין לעבען.

אַך, ער וועט שוין אָנשרייבען עפּיס אַזוינס... עפּיס אַזוינס... שעלטען וועט ער זיך!... ווי אַ מאַרק־אידענע וועט ער זיך שעלטען!

ער קאָן נישט פערשטעהן, וואָס ער האָט זיך געוועזען אַזוי דערשראָקען, אַזוי אַראָבגעפאַלען ביי זיך. און ער קוקט מיט ליעבע און דאַנקבאַרקייט אויף די אַלע אויפשריפטען, אפילו אויף יענע, וועלכע ער פערשטעהט נישט. אין די אויפשריפטען זעהט ער די מענ־שען, וועלכע האָבען זיי געשריעבען, ער פיהלט זיי נעבען זיך, ווי גוטע חברים, וועלכע האָבען איהם אויפגעמונטערט און געראַטעוועט.

דער זשאַנדאַרם, וועלכער האָט איהם געבראַכט די וועטשערע, האָט נישט געקאָנט פערשטעהן, וואָס איז עפּיס דער נייער אַרעס־טאַנט אַזוי לעבעדיג און אויפגערעגט.

---

און צמח האָט שוין געוואוסט, וואָס צו ענטפערן. ער וועט נישט זאָגען, אַז ער פערשטעהט נישט קיין רוסיש. ער וועט אויך נישט זאָגען, אַז ער האָט דאָס ביכעל געפונען און ווייס נישט, ווער דער מחבר איז. ניין, פּע! ער האָט אַ בעסער'ן תירוץ. ער וועט זאָגען, אַז ער האָט דאָס אַליין געשריעבען. „אויפגעלאָפען וועלען

זיי ביי איהם מעגען ווערען," און ער וועט זיך האלטען זיינס! ער און ער... ער איז דער שרייבער — „און מאכט מיט מיר, וואס איהר ווילט!"... און מען וועט איהם גלויבען. פאר וואס זאל מען איהם נישט גלויבען? מען וועט איהם דערפאר... נור זאלען זיי טון, וואס זיי ווילען! אין סיביר איז אין סיביר...

„ווער עס פיהלט און איז מודה די היינטיגע ווילדע אונער־ליכקייט און אכזריות און ציטערט פאר זיין הויט, איז... א גרויסער פאדליעץ, א פארך פון פארכענלאנד!" לעגט ער איבער די ווער־טער פון ביכעל אויף זיין לשון און פיהלט, אז ער וועט קיין „פאדליעץ" נישט זיין, ווייל ער וועט אלץ טון, ווייל ער איז אויף אלץ קאפאבל.

די מאמע, די שוועסטער... עך, זיי ועלען נישט פערפאלען ווערען. זאל דוכטען, אז מען האט איהם אבגעגעבען אין סאלדא־טען... זאל דוכטען, אז ער האט זיך אבגעהאקט א האנד, אדער אז ער איז גאר געשטארבען... זאל דוכטען... מאלע, וואס עס קאן מיט א מענשען פאסירען! עך, זיי וועלען נישט פערפאלען ווערען. און גלאט — „חברה" וועט זיי שטיצען, ער וויים, „חברה" אונטערשטיצט.

ביים פערהער איז מען נשתומם געווארען: אט א דער אר־בייטער מיט די גראבע מאזאליעדיגע הענד זאל קאנען אנשרייבען אזא ביכעל! מען האט איהם געהייסען שרייבען, נור ער האט שוין געווארט אויף דאס.

„דאס ביכעל האב איך געשריעבען, ווען די הענד זיינען מיר נאך נישט געוועזען אזוי פערגרעבט פון דער ארבייט. יעצט שרייב איך גאנץ אנדערס, א סך ערגער," האט ער גאנץ רוהיג געזאגט, נע־מענדיג די פען אין האנד.

דער חלוק צווישעןביידע האנדשריפטען האט זיך געווארפען אין די אויגען, נור צמח האט רוהיג און קאלטבלוטיג גע׳חזר׳ט זיינס: „איך האב עס געשריעבען" — און גאר.

מען האט איהם מתרה געוועזען, אז ער וועט מיאוס אבשניי־דען פאר אזא חיבור: זאל ער בעסער אנרופען דעם מחבר. נור צמח האט מעהר נישט געצוקט מיט די אקסלען.

„איך וועל דאָך נישט אויסטראַכטען אויף עמיצען א בלבול,“ האָט ער געזאָגט תמ'עוואטע.

קומענדיג פון דעם פערהער, האָט ער אָנגעהויבען ביי זיך אין צימער צו טאַנצען, שפּרינגען, זינגען, שטעלען פייגען, מאַכען נעזער. אויסגענאַרט! אויסגענאַרט! אויסגענאַרט!

און גלייך האָט ער געקריצט מיט א טשוואָק אויף דער וואַנד: „ברידער, פאַר איין אַנדערן וועל איך אַוועקגעהן אין סיביר, ווייל איך האָב עס אַליין געוואָלט. איך האָב זיי אין ד'ר'ערד די שכורים! אוררא!“

נאָך אייניגע פערהערען האָט מען איהם אריבערגעזעצט אין איין אַנדער געפענגנים מיט א סך אַרעסטאַנטען צוזאַמען אין איין זאַל. ער האָט געביינקט נאָך זיין צימער, נאָך די אויפשריפטען, זיינע בעסטע און טייערסטע פריינד. נור דאָס אריבערזעצען האָט איהם דאָך געפרעהט. דאָס האָט געהייסען, אַז באַלד וועט ער זיך שוין דערוויסען זיין פּסק. און איהם האָט זיך אַזוי שטאַרק גע־וואָלט וויסען, אויף וויפיעל יאָהר וועט מען איהם פערשיקען.

און אַז מען האָט איהם אָנגעזאָגט, אַז ער געהט אוועק אויף דריי יאָהר אין דער ווייטער סיביר, האָט ער עפּיס דערפיהלט א מאָדנעם נחת. אך, עס האָט איהם געגאָלטען אָבטון א גוטע, וואוילע, טייערע זאַך! ער האָט קיינעם נישט ארויסגעגעבען, דער מחבר איז געראַטעוועט!... אויפשרייען וואָלט ער פאַר שמחה, די ווענד פערנאַנדערטראָגען, פּאַטשען אין די הענד און טאַנצען דעם פייערסטען „קאָזיק“!...

די איבריגע אַרעסטאַנטען האָבען געמיינט, אַז ער איז משוגע געוואָרען.

און מיט א לייכטען האַרץ און פרעהליכען געמיט איז צמח אוועק אין דעם ווייטען וועג, נישט טראַכטענדיג און נישט זאָר־גענדיג וועגען דעם, וואָס מיט איהם וועט זיין. זיינס האָט ער שוין אָבגעטאָן!...

.1897

# „אונזער" ערשטער מאי.

איך האָב בעגייסטערט דערצעהלט פערלמאַן דעם פאַרבער פון די ערשטער־מאַי מאַניפעסטאַציעס אין פערשיעדענע פרייע לענ־דער. איך האָב איהם געוואָלט פעראינטערעסירען, אריינטון א ביינקעניס אין זיין הארצען נאָך פרייהייט.

ער האָט צוגעהערט און איראָניש געשאָקעלט מיט'ן קאָפּף און געשמייכעלט. אין מיין בעגייסטערונג האָב איך מיך נישט געקאָנט אָבשטעלען און פרעגען, וואָס בעדייט זיין שמייכלען. נור גע־וואונדערט האָט עס מיך שוין. ענדליך האָב איך דאָך אָבגעהאקט דאָס דערצעהלען.

„פערשטעהט איהר מיך," האָט ער געזאָגט, „אַט דאָס אלץ וויים איך שוין לאַנג. איך האָב א סך וועגען דעם געלייענט און א סך געהערט, נור איך זאָג אייך דעם אמת, איך ווער פון דעם נישט נתפעל. פרייע מענשען אין א פרייען לאַנד געהען זיך דורך אין א מאַניפעסטאַציע מיט פאָהנען — וואָס איז דאָ די גבורה? אָבער דער עיקר פעהלט דאָ, די נשמה, מיין איך, דער... דער... דער... אזוי צו זאָגען, דער חיות! זאָגט אליין, פון וואָס איז דאָ פאַראַן נתפעל צו ווערען. דער טייטש איז דורכגעגאַנגען אין א מאַ־ניפעסטאַציע, אויסגעטרונקען א פּאָר קופעל ביער און געקומען א היים און געלעגט זיך שלאָפען. צו אַזוי דאַרף מען דאָס פייערן דעם ערשטען מאַי? צו אזוי דאַרף מען זיך דאָס פיהרען אין א וועלט־יום־טוב?"

פערלמאַן האָט גערעדט מיט די הענד, מיט די אקסלען און מיט אַלע אברים. ער האָט געפיהלט מעהר, ווי ער האָט געקאָנט ארויס־געבען מיט ווערטער. נור פון זיינע בעוועגונגען האָט מען שוין

געקאַנט פערשטעהן, וואָס ער וויל פון דעם יום־טוב, וואָס איהם גע־פעלט נישט ביי די „טייטשען".

דער נערוועזער איד קאָן נישט פערטראָגען די געמיטליכקייט, די רוהיגקייט. ער דארף האָבען „נשמה", ער דארף זעטיגען זיינע נערוועז. דאָס אייביגע „כל עצמותי תאמרנה אדני" — אלע זיינע ביינער דארפען לויבען גאָט.

פערלמאן האָט געמאַכט דעם פירוש צו מיינע געדאַנקען.

„ניין, ביי אונז איז גאַנץ אַנדערס, עפּיס לעבעדיגער, פרעהלי־כער, יום־טוב׳דיגער."

און ער האָט דערצעהלט, ווי „מיר" האָבען געהוליעט דעם ערשטען מאַי.

א מאַן פינף און צוואַנציג זיינען זיי געוועזען, בחורים און מיידלעך. אלערליי בעלי־מלאכות פון בעזונדערע ווערקשטאַטען, אלע גוטע פריינד, פערבונדען און פעראייניגט דורך איין אידעע. פסח־צייט נאָך האָבען זיי אָנגעהויבען אויסצוקוקען א פערבאָרגע־נעם אָרט ערגיץ אין וואַלד ארום שטאָדט, אז קיין שד זאָל זיי נישט קאָנען געפינען. און גאַנצע צוויי וואָכען... ניין, נאָך איבער צוויי וואָכען! פון פסח ביז דעם ערשטען מאַי האָבען זיי נור גערעדט וועגען זייער יום־טוב. דאָס האָט זיי בעשעפטיגט טאָג און נאַכט. און נישט דערפאר, וואָס זיי געהען טון א געפעהרליכע זאַך. דאָס דוקא איז זיי אין דער לינקער פּאה נישט געלעגען. ווער מורא? וואָס מורא? דאָס איז געוועזען א חברה, וואָס האָט שוין לאַנג אראָבגעוואָרפען פון זיך יעדע מורא. נור דער געדאַנק, אז היי־יאָהר וועלען זיי פייערען צום ערשטען מאָל דעם וועלט־יום־טוב צוזאַמען מיט אלע פּראָלעטאַריער פון דער גאַנצער וועלט, אָט דער גע־דאַנק האָט זיי אזוי אויפגערעגט, אז זיי האָבען פּשוט געצעהלט די טעג ביז צום ערשטען מאַי.

די גאַנצע נאַכט אויף דעם ערשטען מאַי און אין דער פריה ביז א זייגער אכט האָט גערעגנט. א זייגער ניין האָבען זיי זיך גע־דארפט ריהרען אין וועג, און אין דער לופט זיינען נאָך געהאַנגען

געדיכטע וואָלקענס, און א ווינד איז געוועזען. האָט מען אָבגע־
זאָגט דעם פסוק „וישא יעקב את רגליו“ און געלאָזען זיך אין וועג.
אי, וואָס, עס וועט רעגנען ? פטור, נו, אויך א זאַך — מען איז דאָך
נישט פון צוקער. וויפיעל מאָל האָבען אייניגע פון זיי געדארפט
ארבייטען אונטער׳ן פרייען הימעל אין א שלאגסרעגען ?

„דערפאר וועט אונז גאָט געבען א גרעסערען שכר הליכה,“
האָט זיך געוויצעלט בינקין דער שלעסער, ביי ווענען דער עולם
האָט זיך פערזאמעלט. און מען איז אוועק אקוראט ווי עס וואָלט
געוועזען דער שענסטער טאָג. נור די „איידעלע נשמות“ האָבען
פערכאַפּט מיט זיך א פּאָר גרויסע טיכער, עס זאָל נישט אזוי נאָס
זיין צו זיצען אויף דעם נאַסען גראָז.

„נור איך קאָן אייך זאָגען, אז איך ווייס נישט, צו איז דאָר־
טין געוועזען נאָס, צו נישט, ווארום ווען איז עס גאָר אין קאָפּ
געלעגען ?“

ווייל אין וואַלד זיינען זיי געוועזען ווי שיכור און ווילד פון
דעם פרייהייטס־געפיהל, וואָס האָט זיי דורכגענומען. אין שטאָדט
זיינען זיי געגאַנגען צו פּאַרלעך און צו איינציגווייז — ווי האָט
דאָס זיי געדריקט ! דאָ פיהלען זיי זיך פעראייניגט מיט דער גאַנ־
צער וועלט און עס ווילט זיך זיי רוישען, זינגען, טאַנצען און אי־
בערקערען א וועלט — און דאָ געה גאָר צו איינציגווייז און גנב׳ע
זיך ארויס פון שטאָדט ווי א גנב ! נור ווי זיי זיינען אריין אין
וואַלד, האָבען זיי דערפיהלט, ווי זיי וואָלטען ארָאבגעוואָרפען פון
זיך די שווערסטע קייטען. אויף די געזיכטער האָט זיך צוגאָסען א
גרויסע פרייד, א שטאָלצע פרייד, א העזה׳דיגע פרייד.

פּערלמאַן האָט נישט געקאָנט מעהר רוהיג דערצעהלען. ער
האָט אָנגעהויבען צו רעדען מעהר מיט די הענד, ווי מיט׳ן מויל.
ער האָט נישט געפונען די רעכטע אויסדריקען.

פאַר די פרייעסטע מענשען האָבען זיי זיך געפיהלט, פאַר די
פרייעסטע ! און ליעדער האָבען זיי געזונגען, און רעדעס האָבען זיי
געהאַלטען, און ארויסגעזאָגט אזוינע ווערטער און געדאַנקען, אז די

רוסישע בוימער האָבען געדאַרפט ציטערן. און וואָס זיי האָבען די וועלט איבערגעקערט, און וואָס זיי האָבען צוטאַנצט און צושפּרונגען! קיין זאַך איז זיי נישט צו קליין געוועזען.

אין זיי איז געזעסען דער שמחת־תורה גייסט. דיזעלבע פיינע בריה'שאַפט און שקאַציקעריי, דיזעלבע שמחת־תורה'דיגע העזה און שטאָלץ. יעדעס גליעד האָט אין זיי געזונגען, געשפּרונגען, געטאַנצט. עס האָט זיך געדוכט, אז דער וואַלד איז צו ענג. א פּלאַץ האָבען זיי געדאַרפט האָבען ברייט ווי די וועלט, לאַנג ווי דאָס פּראָלעטאַרישע עלענד.

„וואָס מיר מאַניפעסטאַציע! ווער מיר מאַניפעסטאַציע!" האָט פּערלמאַן געשריען. „הוליען וויל איך, פריהלען, אז עס איז יום־טוב אויף דער וועלט. א מאַניפעסטאַציע איז טאַקי א גוטע זאַך, אָבער נאָכדעם, נאָכדעם..."

ער האָט וויעדער קיין ווערטער נישט געפונען און נור פערנאַנדערגעשפּרייט די אַרמס און צוזאַמענגעדריקט זיינע דיקע אויסגעאַרבייטע הענד אין פויסטען.

„און זעהסט איהר," האָט ער ווייטער אָנגעהויבען מיט היץ, „פאַר א יאָהרען האָבען מיר שוין נישט געקאָנט הוליען. פּאָליציי איז געוועזען אויף די פּיס. זי האָט שוין דערשמעקט פון דעם ערשטען מאַי און אויף גאַנצע פונפצעהן ווייאַרסט איז דער וואַלד געוועזען אַרומגערינגעלט מיט שפּיאָנען. האָבען מיר געמוזט געהן צו דער אַרבייט. נישט געהן וואָלט הייסען אָבגעבען זיך דער פּאָליציי אין די הענד. דאָס האָט זיך נישט געלוינט. איז בקיצור, וואָס זאָל איך אייך זאָגען, מיר האָבען געאַרבייט מיט דעמזעלבען געפיהל, ווי א פרומער איד, ווען ער וואָלט געמוזט אַרבייטען אום שמחת־תורה. דער יום־טוב איז געלעגען אין אַלע אברים. אַרבייטענדיג האָב איך געשפּירט הינטער זיך די גאַנצע גרויסע אַרמיי פון דעם פּראָלעטאַריאַט. איך האָב געלעבט מיט איהר צוזאַמען, דורכגעמאַכט מיט איהר אַלע מאַניפעסטאַציעס, און געטאַנצט און געזונגען ווי דאַמאָלסט אין וואַלד. און וויפיעל מאָל האָט זיך מיר

געוואָלט אַ שמיים טון די ארבייט איק טשאַרטו, קאָ ווסיעם טשערטיאם!"

ער האָט אַ קוק געטאָן אויף מיר מיט אַ מין גרויסקייט און התפעלות, און איך האָב נישט ווילענדיג אַ שמייכעל געטאָן.

„אי, נעהט," האָט ער געזאָגט און אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנד, „איהר האָט זיך פערדייטשערט... מ־נאַ, קאַליע געוואָרען..."

און פּלוצלינג האָט ער אָנגעהויבען צו טרייסלען די הענד אין דער לופטען און שרייען:

„ווייסט איהר דען, וואָס דער ערשטער מאַי איז?... ווייסט איהר... ווייסט איהר..."

1898.



# ליעדער אין פראזא.

## 1.

### שיר המעלות.

א קאָרעספאָנדענט אפילו, איין איינפאכער קאָרעספאָנדענט וואָלט זיך נישט איינגעהאלטען און וואָלט זיך צושריעבען מיט התפעלות, מיט אויסגעשרייען, מיט הויכע ווערטער.

ביי מיר גיסט זיך עס אויס אין א ליעד אָהן גראם, אין א פראָזא־ליעד, אָבער דאָך אין א ליעד. זינגען וויל איך! א שיר השירים.

שווארץ איז מיין העלד און ווי שיין! שווארץ פון קאָפּ ביז די פיס. אויפ׳ן געזיכט נור זעהען זיך וואו נישט וואו געלע, פאר־מיט־געלע פלעקען און געלבליך זיינען די וויסלען פון די שווארצע אויגען. אָבער ווייטער איז אליץ שווארץ.

א קוימענקערער איז מיין העלד.

א איד אין מיטעלע יאָהרען — עטליכע און פיערציג. א הויכער, איין איינגעגאָרבעטער. די שוער אָבגעלעבטע יאָהרען, די אכט קינדער, דאָס קראַנקע ווייב האָבען איהם די פּלייצעס גע־בויגען. א טרויעריגער שמייכעל רוהט שטענדיג אויף זיינע ליפּען. מיט דעם שמייכעל און מיט זיינע געלבליכע גוטע אויגען וויל ער זאָגען, אז ער איז נישט שולדיג, וואָס אויף דער וועלט לעבט זיך אזוי שלעכט. ער וואָלט געוויס אנדערש מאכען, ווען ער וואָלט גע־קאָנט, נור ער קאָן נישט.

ער לאכט זעהר גערן, כאָטש עס בעווייזען זיך נישט צוויי ציילען ציינער, ווייס ווי די שעפּסען נאָכ׳ן וואשען. ער לאכט זעהר גערן, ווייל ער איז א זעהר גוטער מענש. א מענש אָהן א

גאָל, אַ שם־דבר אין שטאָדט. מאיר דער קוימענקערער! — ווער קען איהם נישט דעם גוטען, דעם אָהן אַ שיעור גוטען מאַן?

יעצט געהט ער אַוועק אין סיביר. נישט פאַר אַ גנבה, חלילה, נישט פאַר אַ גזלה, נישט פאַר פאַלשע אַסיגנאַציעס. ער געהט אין סיביר, ווייל ער איז געוועזען אַ גוטער מענש, דאָס איז זיין איינ־ציגער חטא.

ער פלעגט אונטערשטיצען סטרייקענדע קוימענקערער, זוכען פאַר זיי מלאכה און אַוועקגעבען זיי זיין אַרבייט — דאָס איז זיין פערברעכען.

און עס האָט זיך געפונען איין אַנדער קוימענקערער־מייסטער, וואָס האָט נישט געקאָנט פערטראָגען זיין גוטסקייט און גע'מסר'ט איהם.

די זשאַנדאַרמען האָבען גע'פסק'נט, אַז ער איז אַ געפעהרלי־כער מענש.

אַ געפעהרליכער מענש דאַרף געהן אין סיביר.

די שטאָדט־לייט זאָגען אויף איהם: זעהר רעכט, זאָל ער זיך נישט מישען נישט אין זיינע זאַכען.

דער מסר האָט אַ סך הנאה און אַ ביסעל חרטה.

די אַרבייטער שווערען, זיי וועלען זיך נוקם זיין פאַר **אי הם**.

און איך זינג אַ שיר השירים.

**שוואַרץ איז מיין העלד און ווי שיין, און ווי שיין!...**

---

### 2.

## דער אַרבייטער שרייבט!

פאַר מיר ליעגט אַ צייטונג. דאָס פּאַפּיער איז שלעכט און נאָך שלעכטער איז דער דרוק. אין די שורות פעהלען ווערטער, אין די ווערטער פעהלען אותיות, און אין גאַנצען איז עס פערשמירט, איינ־געריכט, פערפלעקט. די ערגסטע מאַקולאַטור פון אַ הייגטמאָדי־שער דרוקעריי איז פיעל ריינער און דייטליכער.

און איך האַלט די צייטונג, בלעטער זי, ווענד זי אום הין און צוריק, קוק זיך איין אין די פערשמיערטע שורות און לייען און לייען. פאַר וואָס קלאַפּט מיר דאָס האַרץ? ווירקליך, עס קלאַפּט מיר דאָס האַרץ. מיט הונדערטער יאָהרען צוריק האָט ביי די לעזער פון דעם ערשטען געדרוקטען בלאַט אויך אזוי געקלאַפּט דאָס האַרץ. בעשטימט. זיי האָבען געשפירט די נייע צייט, וועלכע איז אָנגעקומען מיט די געדרוקטע שורות.

איך שפּיר עס אויך.

אַרבייטער אַליין האָבען זי געשריעבען, די פערשמירטע צייטונג, וועלכע איך האַלט מיט ציטערדיגע הענד און לייען מיט אזא כונה. אַרבייטער אַליין האָבען זי געשריעבען און בעהאַלטענערהייט געזעצט און געדרוקט.

אַרבייטער אַליין!

וואו נעם איך דעם מאַלער, וועלכער זאָל מיר אָבמאָלען דעם אַרבייטער־שרייבער, ווי ער זיצט שפּעט ביי נאַכט פאַר א דונקעלער לאָמפּ איבער א פּיערטעל פּאַפּיער און שרייבט און שרייבט?!

איך זעה איהם, דעם אַרבייטער. איך פיהל איהם, איך פיהל איהם!...

---

אין א גרויסער שטאָדט איז עס. א סך צעהנדליגע טויזענדער איינוואָהנער געפינען זיך אין איהר. אונטער זיי דער שפּיץ פון היינטיגער געזעלשאַפט — די איבערזאַטע עשירות, און דער טיעפער אָבגרונד — דער הונגריגער דלות. אין די ריינע רייכע גאַסען — גרויסאַרטיגע מויערן, אין די שמוציגע אָרמע גאַסען — שרעקליכע חורבות. אַלץ ווי געהעריג. און ווי געהעריג, געפינען זיך אין איהר א סך בעלי־בתים און נאָך מעהר אַרבייטער. און יאָהרען־לאַנג האָבען די בעלי־בתים געוואוסט, אז וואָס מען צאָלט ווייניגער דעם אַרבייטער, בלייבט מעהר דעם בעל־הבית, און די אַרבייטער האָבען געדאַנקט און געלויבט גאָט, וואָס די בעלי־בתים האָבען צו געבען אַרבייט.

עס זיינען יענמאָלט געווען גוטע צייטען. די בעלי־בתים

און זייערע פּועלים האָבען צוזאמען שולען געבויט און אין איינעם אין זיי געדאַווענט. פון די בימה'ס האָט מען גע'מגיד'עסט ווע־גען אייביגען דלות און אייביגע עשירות, וועגען אייביגען הונגער און אייביגע זאַטקייט. אומזיסט דיין בעמיהען, מענש! די וועלט מוז איינגעטיילט זיין אויף אָרמקייט און רייכקייט. זי מוז! אזוי וויל גאָט.

גוטע, אַלטע צייטען...

---

נור די צייטען זיינען אוועק. אין דעם שטענדיגען קרעכצען האָט זיך דערהערט א פרעהליכער טאָן, אויף דעם פון פערצווייפ־לונג פערקרימטען פּנים האָט זיך בעוויעזען א שמייכעל פון האָפ־נונג. דאָס האָבען די ארבייטער זיך אויסגעלערנט מלחמה צו האַל־טען געגען דעם אייביגען דלות, געגען דעם קיינמאָל נישט אויפהער־ענדיגען הונגער! דאָס האָבען די ארבייטער אָנגעהויבען צו גלוי־בען, אז מיט זייער נצחון קומט אָן א נייע צייט, אז אויף זיי ווערט אויפגעבויט א נייע וועלט, און זיי האָבען אָנגעהויבען מלחמה צו האַלטען פאר פערבעסערען זייער לאַגע, פאר מענשען־רעכטע און דערמיט געהן טריט ביי טריט פאָרוועטס, אַלץ פאָרווערטס און פיהרען מיט זיך די גאַנצע וועלט, די גאַנצע מענשהייט.

דאַן האָט זיך דער ארבייטער גענומען פאר דער פען.

---

דעם גאַנצען טאָג ביי דער ארבייט האָט איהם נישט אָבגעלאָ־זען דער געדאַנק, אז היינט ביי דער נאַכט וועט ער ע נ ד ל י ך שריי־בען. שוין א סך טעג און נעכט אז ער בעקלערט, וואָס ער וועט שרייבען. און היינט טראָגען זיך איהם ארום אין קאָפּף די אַלע געדאַנקען, לויפען ארום, יאָגען, שטופּען איינער דעם אנדערן. ער זאָל זיי נור נישט פערגעסען!

און ער חזרט איין יעדען געדאַנק, טראַכט איהם ארום, און עס בעווייזען זיך אַלץ נייע און נייע. ניין, ער וועט נישט פערגע־סען. זיי ליעגען איהם שוין צו גוט אין מארך, אין די ביינער, אין'ם בלוט.

ער טראַכט און טראַכט. מיט וואָס פאַר א פערגניגען וואָלט ער געוואָרפען די ארבייט און זעצען זיך שרייבען. ווייס ער דען, וואָס ער אַרבייט יעצט? זעהט ער דען, ווי עס פליהט אום דאָס שיפעל?

קוים דערלעבט די נאַכט!

געקומען איז ער פון דער אַרבייט טויט־מיד, און קוים איז ער אריבער די שוועל פון זיין וואָהנונג, האָט ער שוין גענומען זיך פאַר די טינט־און־פעדער.

פערשימעלט די פען, פערשטויבט די טינט, נור דאָס איז אַלץ פון די קליינינקייטען. ער איז סיי ווי סיי נישט פון די פלינקע שרייבער.

אָנגעאַרבייטע הענד, מיט מאַזאָליעס די דלאָניעס, די פינגער פערמאַטערט. נור שרייבען וועט ער, אך, וועט ער שרייבען!... מיט די שפּיץ פינגער האָט ער איינגעדריקט דאָס הענטעל און גע־נומען זיך צו דער אונגעוועהנליכער אַרבייט.

ער האָט געשריעבען פון סטרייקען, פון נצחונות, פון ארעס־טען; ער האָט געזידעלט די בעלי־הבתים, געשאָלטען די רעגיערונג, געפלוכט יעדען אונטערדריקער; ער האָט בעקלאָגט די אונגליקליכע שקלאַפען, גערופען צו אחדות, געפאָדערט צום קאַמפף.

אין קאָפּף האָט איהם געטראָגען, געקלאַפּט, געזעצט. ער האָט פערגעסען דעם גאַנצען מידען טאָג, די שווערע הענד, די וועהטאָגדיגע פינגער. ער האָט דערפיהלט, אז זיינע פלייצעס ווערען ברייטער, זיינע הענד — געזינדער און געזינדער.

און ער שרייבט! אך, מיט די ברייט געוואָרענע פלייצעס און מיט די געקרעפטיגטע הענד וואָלט ער דאך יעצט אויפגעהויבען אַלע זיינע פערקנעכטעטע, פאַר'ן טאָג־ברויט פערקויפטע ברידער, און זייערע קייטען צוריסען, דעם פיינד וואָלט ער צושלאָגען, יעדע אונ־טערדריקונג פון דער וועלט פערטריבען!...

ער פיהלט אין זיך דעם כח, ער האָט די **גבורה.**

**און** ער שרייבט און שרייבט.

**אין דעם געפלאַצטען לאָמפּ־גלאָז איז א לאך; דאָס לאָך אי**

פערקלעבט מיט פאפיער. דאס צוגעקלעבטע פאפיער איז אנגע־
ברענט, דאס גלאז איז פערדרויכערט, דער טיש איז קוים בעלויכטען.
די מאמע ליעגט אין בעט און קלאגט זיך: ער וועט אויסברע־
נען די גאנצע לאמפ און קעראסין קאסט טייער. די עלטערע
שוועסטער ליעגט נעבען דער מאמען און בייזערט זיך, זי וועט
אראבגעהן און פערלעשען די לאמפ, ווייל זי קאן נישט שלאפען
פאר פייער. דער טאטע ליעגט אויף דער האלצערנער באנק און
סטראשעט, ער וועט אויפשטעהן און צורייסען די גאנצע כתיבה.
און אויף דער פאדלאגע ליעגען די פינף אנדערע ברידער און
שוועסטער און ווארפען איהם אונטער דער פען אלץ, וואס עס
פאלט זיי אריין אין האנד, און שלעפען און ציהען איהם פון אונטען
פאר די פיס, און שלאגען זיך צווישען אנאנד און לאכען און
וויינען...

ער הערט גאר נישט, ער זעהט גאר נישט. ער... שרייבט און
שרייבט. סטרייקען, נצחנות, ארעסטען... בעלי־בתים, רעגיערונ־
גען, אונטערדריקער... שקלאפען, אחדות, קאמפף...

איך זעה איהם, דעם ארבייטער. איך פיהל איהם, איך פיהל
איהם!...

.1898

